אלוקראַיִנישע וויסנשאַפטלעכע אַקאַדעמיע
אינסטיטוט פאַר ייִדישער פּראָלעטאַרישער קולטור

# וויסנשאַפט

# און

# רעוואָלוציע

פערטליאָריקער זשורנאַל

№ 1—2

רעדאַקטער — י. ליבערבערג



פאַרלאַג פון דער אלוקראַיִנישער וויסנשאַפטלעכער אַקאַדעמיע
קיִעוו • 1934

אלוקראַיִנישע וויסנשאפטלעכע אקאדעמיע
אינסטיטוט פאר ייִדישער פראָלעטארישער קולטור

# וויסנשאפט און רעוואָליוציע

פערטליאָריקער זשורנאל

№ 1—2

אפרעל — יונ

רעדאקטער — י. ליבערבערג





פארלאג פונ דער אלוקראַיִנישער וויסנשאפטלעכער אקאדעמיע
קיִעוו ■ 1934

פאראנטוו. רעדאקטער—י. ל י ב ע ר ב ע ר ג.
טעכנישער רעדאקטער — ב ו ג א י ע וו־
ס ק י. קאָרעקטער —כ. ל יי ב אָ וו י ט ש.
פאפיר 62×94 — $1/_{10}$ — 38 קג. 8 דרוק־
בויגנ. אינ 1 פאפיר־בויגנ 96 000 צייכנס.
טיראזש 1 000 עקז. פארלאג F—47 №.
2־טע אינטערנאציאָנאלע דרוקעריי, אופ״ט.
קיעוו, רויטער פלאצ 2־a. באשט. 760.
באפולמ. פונ קיעווער געגנטליט 789 №.
אָפגעגעבנ אינ זאצ 3/VII—1934, אונ־
טערגעשריבנ צומ דרוק 1/X—1934.

דערלויבט ארויסצולאָזנ פונ דרוק. באשטענדיקער
סעקרעטאר פונ דער אלוקראינישער וויסנשאפט־
לעכער אקאדעמיע אקאדעמיקער י. י. א ג אָ ל.

## פונ דער רעדאקציע

שוינ א לענגערע צײַט, אז דער אינסטיטוט פאר ייִדישער פּראָלעטארישער קולטור האָט געפילט א באדערפעניש אינ א וויסנשאפטלעכנ קאָמפּלעקס־זשורנאל, וואָס זאָל קענענ דינענ אלס א טריבונע פאר דער לויפנדיקער פאָרשערישער ארבעט פונ די אינסטיטוטישע סעקציעס אונ הילפ־אנשטאלטנ.

פונ א קלײנער קאטעדרע איז דער אינסטיטוט אינ מעשעכ פונ עטלעכע יאָר אויסגעוואָקסנ אינ א ריזיקער אײַנריכטונג מיט העכער הונדערט מיטארבעטער. די נעצ באזונדערע אנשטאלטנ, פונ וועלכע ס'באשטייט דער אינסטיטוט, איז ביז גאָר פארצווײַגט געוואָרנ. זיכ באגרענעצנ מיט יענע דרוק־מעגלעכקײַטנ, וואָס דער אינסטיטוט האָט ביז איצט פארמאָגט, אונ פארעפנטלעכנ זײַנע ארבעטנ בלויז אינ בוכ־פאָרם, ד. ה. אינ פאָרמ פונ זאמלביכער אונ מאָנאָגראפיעס, איז שוינ פארנ אינסטיטוט ניט גענוגנדיק.

עס מוז געשאפנ ווערנ א ספעציעלע פעריאָדישע אויסגאַבע, ווו דער גאנצער וויסנשאפטלעכ־פראָדוצירישער פּראָצעס פונעמ אינסטיטוט אונ פונ אלע זײַנע סעקציעס, לאבאָראטאָריעס, קאבינעטנ א. אז. וו. זאָל קומענ צו דער ברייטער עפנטלעכקײַט אונ זאָל סיסטעמאטיש באלויכטנ ווערנ.

עמעס, דער אינסטיטוט האָט די מעגלעכקײַט צו דרוקנ זײַנע לויפנדיקע ארבעטנ אינ צוויי פעריאָדישע אויסגאבעס: אינ „ראטנבילדונג", וואָס באדינט גאנצ ברייט די פעדאגאָגישע סעקציע, אונ אינ דעמ פעריאָדיש־דערשײַנענדיקנ זאמלבוכ „אפנ שפראכ־פראָנט", דעמ אָרגאנ פונ דער פילאָלאָגישער סעקציע.

אָבער די דאָזיקע צוויי אויסגאבעס קאָנענ בעשומויפנ ניט באפרידיקנ דעמ אינסטיטוט אינגאנצנ גענומענ, ווײַל עס זײַנענ נאָכ פאראנ א גאנצע ריי סעקציעס (היסטאָרישע, ליטערארישע, עטנאָגראפישע, פאר בירעבידזשאנ־קענטעניש א. אנד.), וואָס בלײַבנ אָנ אנ אייגענער עפנטלעכער טריבונע.

ארויסגייענדיק פונ דעמ אונ נעמענדיק אינ אכט, אז דער אינסטיטוט באקומט לויטנ באשלוס פונ ראטנפאָלקאָמ אוסרר אנ אייגענע דרוקערײַ (ווי אנ אָפּטייל פונ דער אלגעמיינער אקאדעמישער דרוקערײַ), האָט דער פרעזידיום פונ דער אלוקראיִניִשער וויסנשאפטלעכער אקאדעמיע באשלאָסנ צו געבנ דעמ אינסטיטוט א באזונדערנ פערטליאָר־זשורנאל (צו 10 בויגנ א נומער) פאר אלע זײַנע סעקציעס אונ הילפס־וויסנשאפטלעכע אנשטאלטנ.

אינ רעזולטאט פונ דעמ דאָזיקנ באשלוס טרעטנ מיר צו ארויסצוגעבנ אונדזער „וויסנשאפט אונ רעוואָליוציע".

ס'איז, רעכענענ מיר, איבעריק צו רעדנ דאָ וועגנ דער פרינציפּיעלער ליניע פונעמ נײַעמ זשורנאל. די דאָזיקע ליניע איז קלאָר. פונקט ווי די גאנצע וויסנשאפט־

לעכע ארבעט אונדזערע, וועלן מיר אויך אונדזער זשורנאל שטרעבן דורכדרינגען מיטן מארקס־לעניניש גייסט פון אומראכמאָנעסדיקן קאמף קעגן אלע קלאסנפײַנטלעכע און אָפּנויגלערישע טעאָריעס און אנטפּלעקונגען אפּ וואָס פאר א געביט און אין וואָס פאר א פאָרם זיי זאָלן זיך ניט ארויסווײַזן.

די אידעאָלאָגישע פאָן פונעם זשורנאל איז די פּלאטערנדיקע רויטע פאָן פון דער מארקס־לענין־סטאלין־לערע, די פאָן פון זיגרײַכער סאָציאלער רעוואָליוציע, די פאָן פון דער פאנאנדערגעוויקלטער סאָציאליסטישער בויונג און פולשטענדיקער ליקווידאציע פון די קאפּיטאליסטישע רעשטלעך אין דער עקאָנאָמיק און באוווסטזײַן, די פאָן פון דער אָנקלאסווער סאָציאליסטישער געזעלשאפט, וואָס ווערט מיט אזא וועלט־היסטאָרישן דערפאָלג געבויט אין אונדזער לאנד אונטער דער אָנפירונג פון דער רומפולער לענינישער קאָמוניסטישער פּארטיי בעראָש מיטן באליבטן פירער פון־נעם וועלט־פּראָלעטאריאט כ׳ סטאלין.

---

ו. פ. זאַטאָנסקי (פאָלקס-קאָמיסאַר איבער בילדונג־איניאָנימ פונ אוסרר)

# לעני̇נישע נאַצפּאָליטיק אונ די קולטור־בויונג צווישנ די יי̇דישע אַרבעטנדיקע מאַסנ [1]

צומ באַדויערנ, קענ איכ זיכ ניט ווענדנ צו אײַכ אַפ אײַער שפּראַכ, וואָס אַפ דער דאָזיקער באַראַטונג באַהאַנדלט איר אירע באַזונדערקײַטנ אונ אַנטוויקלונג־פּערספּעקטיוונ. דאָ האָבנ זיכ פאַרזאַמלט פאָרשטייער פונ יי̇דישע קולטורטוער ניט נאָר פונ אוקראַי̇נע, נאָר אויכ פונ אונדזערע ברידערלעכע רעפּובליקנ, דעריבער וועל איכ ריידנ אַפ דער שפּראַכ, וואָס נאָכ יי̇דיש איז זי אײַכ אַמערסטנ פאַרשטענדלעכ.

אײַער באַראַטונג האָט אַ באַטײַט, וואָס גייט אַרויס ווײַט אויסער די גרענעצנ פונ אוקראַי̇נע, אונ מעגלעכ אַפילע אויסער די גרענעצנ פונעמ ראַטנפאַרבאַנד.

אַפ אוקראַי̇נע וווינט, קענ מענ זאָגנ, די גרונט־מאַסע פונ דער יי̇דישער באַפעלקערונג, מיט אונדז קענ „קאָנקורירנ" עפּשער בלויז ווײַסרוסלאַנד. דעריבער איז נאַטירלעכ, וואָס די דאָזיקע באַראַטונג איז צונויפגערופנ געוואָרנ אינ אוקראַי̇נע. איר ווייסט אויסגעצייכנט, אַז ניט בלויז אינ געביט פונ דער יי̇דישער שפּראַכ, פונ דער יי̇דישער קולטור קומענ פאָר פּראָצעסנ פונ קלאַסנקאַמפ, די דאָזיקע פּראָצעסנ קומענ פאָר אַפנ פראָנט פונ נאַציאָנאַל־קולטורעלער בויונג אינ גאַנצ אוקראַי̇נע אונ ביכלל אינ יעדער נאַצרעפּובליק.

דער כ׳ אַגורסקי, אַשטייגער, קענ דערציילנ וועגנ דעמ קאַמפ מיט די נאַצדעמישע עלעמענטנ אינ ווײַסרוסלאַנד. איכ האָב אימ געזענ אינ ווײַסרולאַנד דאַנ, ווענ ס׳האָט זיכ דאָרט באַזונדערס פאַרשאַרפט דער קאַמפ סײַ מיטנ ווײַסרוסישנ, סײַ מיטנ יי̇דישנ נאַציאָנאַליזמ. עמעס, באַמ כ׳ אַגורסקי שווינדלט פונ דעמלט אָנ אינ די אויגנ פונ נאַצדעמענ, אונ דאָס פאַרשטעלט פאַר אימ די אַנדערע זײַט אינעמ קאַמפ אַפ צוויי פראָנטנ. אויכ אינ געביט פונ דער יי̇דישער שפּראַכ באַגעגנט איר, פונ איינ זײַט, די אַנטפּלעקונג פונ דער נאַצדעמאָווששינע (אַפ אוקראַי̇נע האָט עס געטראָגנ אַביסל אַנ אַנדער נאָמענ, כאָטש דער טאָכ איז דער זעלבער — פּעטליוראָווששינע, אָרטיקער אוקראַי̇נישער נאַציאָנאַליזמ), אונ פונ דער אַנדערער זײַט — דעמ גרויסהערשערישנ רוסישנ נאַציאָנאַליזמ.

ס׳וואָלט געווענ מאָדנע, ווענ אַפנ פראָנט פונ דער יי̇דישער קולטור־בויונג זאָלנ ניט געווענ זײַנ ענלעכע פּראָצעסנ, דעריבער איז באַזונדערס וויכטיק פאַר אונדז צו שאַפנ אַ פעסטערע מיינונג־איינהײַט וועגנ די פּראַגעס פונ פאַנאַנדעראַרבעטנ אַנ איינהײַטלעכע יי̇דישע טערמינאָלאָגיע אונ אַנ איינהײַטלעכע ליטעראַרישע יי̇דישע שפּראַכ,

[1] רעדע אַפ דער אַלוקראַי̇נישער יי̇דישער שפּראַכ-באַראַטונג באַמ אינסטיטוט פאַר יי̇דישער פּראָלעטאַרישער קולטור, דעמ 11־טנ מײַ, 1934. איבערגעזעצט פונ רוסיש.

וואָס אַז איר דאַרפֿן געשריבן ווערן ביכער, ספּעציעל לערנביכער און וואָס ס׳דאַרפֿן זיך אָפּ איר לערנען די ייִדישע קינדער אין אונדזערע שולן. די דאָזיקע אַלע פֿראַגעס זײַנען העכסט אַקטועלע.

אין צוזאַמענהאַנג מיטן פֿאַרשאַרפֿטן קאַמף קעגן די אַנטפּלעקונגען, פֿון ווײַס־רוסישן, פֿונעם אוקראַיִנישן נאַציאָנאַליזם פֿאַרגינען זיך אָפּט אונדזערע סאָנים צו לאָזן אַ קלאַנג וועגן דעם, אַז דאָס פֿאַרשאַרפֿן דעם קאַמף מיטן אָרטיקן נאַציאָנאַ־ליזם בײַ די מינדערצאָליקע נאַציאָנאַליטעטן איז ניט מער און ניט ווייניקער, ווי אַן אָפּשפּיגלונג פֿון גרויסרוסישן נאַציאָנאַליזם.

ס׳איז איבעריק אײַך צו דערווײַזן, אַז דאָס איז באַוווסטזיניקע רעכילעס, ווײַל פֿראָקלאַמירנדיק אין דער אָדער אין יענער נאַצרעפּובליק דעם אָרטיקן נאַציאָנאַליזם אַלס הויפּט־געפֿאַר, לאָזן מיר ניט אָפּ דעם קאַמף קעגן די אַנטפּלעקונגען פֿון גרויס־רוסישן שאָוויניזם, וואָס בלײַבט אַ הויפּט־געפֿאַר אין מאַסשטאַב פֿון פֿסרר.

ס׳איז באַוווסט, אַז ס׳זײַנען געווען רעוואַנשיסטישע פּרוּוון מיצאַד די רוסיש־גרויסהערשערישע עלעמענטן. די דאָזיקע פּרוּוון האָבן זיך אויסגעדריקט אין קינסט־לעכער אַסימיליאַציע אין דער ריכטונג פֿון דער פּרעוואַלירנדיקער גרויסרוסישער קולטור. אַזעלכע מינים אָפּגרעפּצן זײַנען געווען אויך אויף דער דאָזיקער קאָנפֿערענץ. זייער שעדלעכקייט באַשטייט ניט בלויז אין דעם, וואָס זיי שפּיגלען אָפּ די אַנטפּלע־קונגען פֿון גרויסהערשערישן שאָוויניזם, — זייער שעדלעכקייט באַשטייט אויך אין דעם, וואָס יעדער אַנטפּלעקונג פֿון גרויסהערשערישן נאַציאָנאַליזם גיסט וואַסער אויף די מילרעדער פֿון אָרטיקן נאַציאָנאַליזם, פֿון נאַציאָנאַליזם בײַ דער פֿריִער אונטער־דריקטער נאַציע,—אַגעוו, ניט בלויז צווישן די קלאַסנפֿײַנטלעכע עלעמענטן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד, נאָר נאָך אין אַ גרעסערער מאָס אין די ייִדישע בורזשואַזע קרײַזן אין אויסלאַנד האָט מען גענומען שטאַרק רעדן וועגן דעם, אַז אין פֿסרר ווערט דורכ־געפֿירט שיר ניט קיין צוואַנג־אַסימיליאַציע, יעדנפֿאַלס, ווערט גענומען אַ קורס אויף דענאַציאָנאַליזירן די ייִדישע אַרבעטנדיקע מאַסן.

די אומגעלומפּערטקייט פֿון די דאָזיקע באַהויפּטונגען איז אויף דער דאָזיקער קאָנפֿע־רענץ איבעריק צו דערווײַזן. וועגן דער פֿאַנאַנדערוויקלונג פֿון די נאַציאָנאַלע קולטורן, וועגן דעם ווײַטערדיקן אָפּשטאַרבן פֿון די נאַציאָנאַלע שפּראַכן און וועגן דעם שאַפֿן אַן איינהייטלעכע שפּראַך אין דער צוקונפֿט האָט געגעבן קלאָר־ געזאָגט ח׳ סטאַלין אין זײַן פֿאָרטראַג אויפֿן 16־טן צוזאַמענפֿאָר פֿון אַלקפּ(ב).

דער בעסטער ענטפֿער אויף דער דאָזיקער רעכילעס פֿון די בורזשואַזע נאַציאָנאַ־ליסטן איז די לעצטע באַשטימונג פֿון דער אַלפֿאַרבאַנדישער רעגירונג און פֿונעם צענטראַל־קאָמיטעט פֿון אונדזער פּאַרטיי וועגן שאַפֿן אַ ייִדישע אויטאָנאָמע געגנט (שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן). ס׳איז איבעריק צו דערווײַזן, אַז דער דאָזיקער באַשלוס האָט אַבסאָלוט גאָרניט געמיינזאַמעס מיטן ציִוניזם, זאָל זײַן אַפֿילע אין זײַן טעריטאָריאַליסטישער מאָדיפֿיקאַציע. פֿאַרן ייִדישן פּראָלעטאַריאַט איז די אויסלייזונג ניט אין שאַפֿן פֿאַר זײַן פֿאָלק אַן „אייגענע" היים, — די אויסלייזונג פֿון סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג איז אין דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, אָבער ווען ס׳איז שוין פֿאַרווירקלעכט די דיקטאַטור פֿון פּראָלעטאַריאַט, ווען ס׳אַנטוויקלט זיך מיט דערפֿאָלג די סאָציאַליסטישע בויונג, — איז פֿאַרוואָס טאַקע ניט

שאפן קיין באזונדערס גינסטיקע באדינגונגען פאר דער אנטוויקלונג פון דער נאציאָנאלער קולטור (אין אונדזער זין פון וואָרט) פאר די ארבעטנדיקע מאסן? און גראָד אפן וועלכן מיזרעך איז פאראן די רייכסטע ערד, וואָס נייטיקט זיך אין קולטורעלער באהערשונג.

איך מיין, אז די דאָזיקע באראטונג, וואָס איז געווידמעט דער פראגע פון יידישער קולטור, פון יידישער שפראך ביפראט, קען ניט פארבייגיין דעם דאָזיקן היסטאָרישן פאקט.

מיר ווייסן, אז אונדזערע קלאסן־סאָנים וועלן טייטשן דעם דאָזיקן באשלוס אזוי, ווי דאָס ווערט געוויינטלעך געטאָן, ד. ה. אלס „מאנעוור פון דער ראטנמאכט" צו „פארבלענדן די אויגן".

צו אזא מין טייטשן אונדזער פאָליטיק זיינען מיר שוין געוווינט. איינמאָל האָבן מיר שוין „פארבלענדט די אויגן", פראָקלאמירנדיק די סאָוועטן־מאכט אין 1917 (שטורמישע אפלאָדיסמענטן). אויך דעמלט האָבן „ניכטערע" פאָליטיקער געהאלטן, אז דאָס איז אין בעסטן פאל אן אוואנטיורע, און אז אין ערגסטן פאל — זיינען די באָלשעוויקעס — דייטשישע שפיאָנען, און אכוצדעם, ווי קען מען עס בויען דעם סאָציאַליזם אין דעם דאָזיקן אזיאַטישן לאנד, ד. ה. אין רוסלאנד. פאר אזא אוטאָפּיע האָבן זיי אויך געהאלטן די פארזאמלונג פון פאָרשטייער פון די קאָמוניסטישע פארטייען אין 1919 יאָר, וואָס האָט אויסגעבילדעט די שטארקסטע רעוואָלירציאָנערע וועלט־אָרגאניזאציע, וועלכע איז ווען עס איז געוועזן אין דער געשיכטע, דעם III קאָמוניסטישן אינטערנאציאָנאל.

די היסטאָרישע דערפארונג וואָלט דאָך שוין אפילע אונדזערע סאָנים געמעגט איבערצייגן, אז קיין ווערטער אפן ווינט ווארפן מיר ניט, און ווען מיר האָבן געשאפן דעם III קאָמוניסטישן אינטערנאציאָנאל אונטער לענינס אָנפיר, איז דאָס געווען זייער אן ערנסטער איניען, וואָס זיינע רעזולטאטן פילן איצט די קאפיטאַליסטן פון דער גאנצער וועלט זייער שטארק. ווען מיר האָבן באשלאָסן אינדוסטריאַליזירן דאָס לאנד, פארוואנדלען עס אין א לאנד פון פאָרגעשריטענער טעכניק, אין א לאנד פון גרויסער סאָציאַליסטישער לאנדווירטשאפט, איז דאָס אויך ניט געווען קיין אוטאָפּיע. אז מיר האָבן באשלאָסן מעכאניזירן און מאָטאָריזירן אונדזער רויטע ארמיי, איז ביז עפּעס וואָס האָבן מיר אפ אונדזערע פאראדן באוויזן אזא טעכניק, אז בא פיל מיליטערישע אטאשע זיינען די אויגן אפן שטערן ארויסגעקראָכן (רוישיקע אפלאָדיסמענטן).

די דאָזיקע אלע ביישפילן דינען אלס באווייז, אז מיר ריידן ניט גלאט אין דער וועלט אריין, און אויב די רעגירונג האָט אָנגענומען א באשלוס צו דערקלערן בירעבידזשאן פאר א יידישער אווטאָנאָמער געגנט, איז דאָס ניט געזאָגט גלאט אין דער וועלט אריין. דאָס הייסט, אז אונדזער פארטיי און אונדזער סאָוועטישע רעגירונג האָבן באשלאָסן שאפן א פעסטן יעסאָד פאר דער אנטוויקלונג פון דער יידישער סאָציאַליסטישער קולטור אפ דער באזע פון פאנאנדערוויקלען אין בירעבידזשאן די אינדוסטריע, ביפראט די מעטאלורגישע, אפ דער באזע פון קאָלעקטיוון באהערשן איינעם פון די רייכסטע קאנטן אין לאנדווירטשאפטלעכער הינזיכט.

די דאָזיקע זאך איז זייער אן ערנסטע און א טיף פרינציפיעלע.

אויב מיר האָבן אפילו א נאטירלעכן אסימיליאציע־פּראָצעס פון א געוויסן טייל ארבעטנדיקע פון דער ייִדישער נאציאָנאליטעט, וואָלטן מיר דאָך אפילו אָן בירע־בידזשאן פאַרגעזעצט די אנטוויקלונג פון דער ייִדישער סאָציאַליסטישער קולטור. און מיטן אונטערפירן א טעריטאָריעלע באזע ווערן די אנטוויקלונג־טעמפּן פון דער דאָזיקער קולטור באדייטנדיק פארשטארקט. יענע, וואָס דערווידערן קעגן בירעבידזשאן, ארויסגייענדיק דערפון, וואָס ער איז ווייט פון דער טעריטאָריע, ווו ס'זיינען קאָנ־צענטרירט די קאָמפּאקטע מאסן פון דער ייִדישער באפעלקערונג, זיי קען מען ענט־פערן מיט קוזמא פּרוטקאָווס ווערטער: „ס'איז ניטאָ אזא ווייט אָרט, וואָס זאָל ניט זיין צו וואָס ס'ניט איז נאָענט" (אפּלאָדיסמענטן). בירעבידזשאן איז אָן סאָפעק אן אָרט, ווו ס'ווערן איצט קאָנצענטרירט אלע פעדעם פון דער וועלט־פּאָליטיק, וווהין ס'ווערט איצט אריבערגעטראָגן דער שווערפּונקט פון דער וועלט־געשיכטע.

אָט וויאזוי, כאווײרים, ס'פלעכטן זיך איצט איבער פראגעס פון ריינער פילאָ־לאָגיע מיט פראגעס פון פּאָליטיק, און אנדערש קען עס ניט זיין און ס'איז קיינמאָל אנדערש ניט געווען. מיר רעדן וועגן דעם גאנץ אָפן, גאנץ דייטלעך, פילאָלאָגישע פראגעס באטראכטן מיר, ווי א פאָרזעצונג פון אונדזער פּאָליטיק.

מיר רעדן ביכלאל גאנץ אָפן וועגן דער פארבינדונג פון אלע פאָרמען קולטור מיט פּאָליטיק, און דעריבער טאקע שלאָגן מיר זיך אזוי פּאָליטיש־פארשארפט, אזוי אומקאָמפּראָמיסלעך אפילו דאָ אפּ אזא בארבאטונג, ווו ס'ווערן פאנאנדערגעקליבן שפּראך־פראגעס.

מע דארף ניט פארגעסן, אז די אנטוויקלונג פון דער ייִדישער סאָציאַליסטישער קולטור איז פאר אונדז ניט קיין פּריוואטע זאך פון באזונדערע מענטשן, פון מעצע־נאטן, באלעבאַטעס, ווי דאָס איז געווען אמאָל. דאָס איז א גרויסער מעלוכישער איניען. דאָס איז א פראגע וועגן קולטור־אנטוויקלונג פון פילמיליאָניקע מאסן ארבעטנדיקע.

דערלויבט מיר אין נאָמען פון דער סאָוועטישער רעגירונג, ביפראט פונעם פאָל־קאָמבילד איבערגעבן א הייסן גרוס אלע אָנטיילנעמער פון דער בארבאטונג און וווּנטשן אייך ווייטערדיקע דערפאָלגן אין אייער ארבעט (שטורמישע אפּלאָ־דיסמענטן, וואָס גייען אריבער אין אָוואציע).

---

א. א. כווילִיא (שטעלפארטרעטער פונעם פאָלקס־קאָמיסאר איבער בילדונג־איניאָנים פונ אוסרר)

# דער קאמפ אפ צוויי פראָנטנ אינ יידישנ שפראכוויסנ[1]

אונדזער ראטנלאנד, וואָס בויט אונטער דער אָנפירונג פונ דער לענינישער פאר־טיי—באָלשעוויקעס אפ א זעקסטכיילעק וועלט די נייַע סאָציאַליסטישע געזעלשאפט, האלט אָפ אלוועלטלעכ־היסטאָרישע זיגנ אפ אלע באצירקנ פונ דער סאָציאַליסטישער בויונג. סיי אינ דער אינדוסטריע, סיי אינ דער לאנדווירטשאפט, סיי אפנ פראָנט פונ דער קולטור־בויונג זייַנענ דערגרייכט געוואָרנ אומדערהערטע דערפאָלגנ, וואָס זאָגנ איידעט וועגנ ענדגילטיקנ זיג פונ דער לענינישער ליניע פונ אונדזער קאָמוניסטישער פארטיי, וועגנ זיג פונעם סאָציאַליזם.

די דאָזיקע דערגרייכונגענ האָבנ מיר זיכ דערשלאָגנ אינעם פארביסענעם קלאסנ־קאמפ, אינעם אָנשאָלעמדיקנ באָלשעוויסטישנ קאמפ קעגנ די קלאסנפייַנט, קעגנ די אָפנויגלערס פונ דער לענינישער ליניע, קעגנ די אגענטנ פונעם קלאסנפייַנט, וואָס האָבנ זיכ געפרווט אונ פרווונ זיכ נאָכ איצט צו רוינירנ דאָס ראטנלאנד, אראָפצור־שלעפנ זייַנ אנטוויקלונג אפ א פייַנטלעכנ בורזשואזנ וועג.

די שטורמישע אנטוויקלונג, דער גראנדיעזער וווקס, דער אומדערהערטער אופ־שטייַג אפ אלע באצירקנ פונ דער סאָציאַליסטישער בויונג, באזונדערס אפנ פראָנט פונ שאפנ א קולטור — א נאציאָנאלע לויט דער פאָרמ, א סאָציאַליסטישע לויטנ אינ־האלט, — קומט פאָר אויכ אפ אוקראינע, וועלכע איז אנ אומאָפהענגיקער באשטאנד־טייל פונעם ראטנפארבאנד.

די פראגעס וועגנ שפראכ, ליטעראטור זייַנענ א באשטאנדטייל פונ דער אנטוויק־לונג פונ דער סאָציאַליסטישער פראָלעטארישער קולטור. די שפראכ איז א מעכטיק גע־וועער צו ווירקנ אפ די מאסנ, דאָס מעכטיקסטע געוועער צו בויענ די סאָוועטישע קולטור.

די קלאסנפייַנט פארשטייענ גוט דעמ באטייַט פונ דער קולטור־בויונג, דעמ באַ־טייַט פונ אנטוויקלענ די אוקראינישע שפראכ, די שפראכנ פונ די נאציאָנאלע מינ־דערהייַטנ. ניט אומזיסט האָבנ די אוקראינישע פאשיסטנ, די פארביסנסטע פייַנט פונ ראטנ־אוקראינע, אזעלכע ווי דאָנצאָוו, מאלאניוק א. אנד., ניט אומזיסט האָבנ זיי אינ מעשעכ פונ פיל יאָרנ געפירט אונ פירנ אויכ איצט א קאמפ צו פארכאפנ אינ זייערע

[1] פאָרטראג אפ דער אלוקראינישער יידישער שפראכ־באראטונג באמ אינסטיטוט פאר יידישער פראָ־לעטארישער קולטור, דעמ 7 מייַ, 1934. איבערגעזעצט פונ אוקראיניש.

ענט אזא געווער, ווי די אוקראַיִנישע קולטור, באַמיִענ זיכ צו ריכטנ איר אנטוויקלונג אפנ וועג פונ פאשיזמ. דאָס באַשטעטיקנ א ריי פאקטנ, וואָס האָבנ פאר דער אנטוויקלונג פונ ראטנ־אוקראַיִנע א היסטאָרישנ באַטײַט.

מיר געדענקענ נאָכ די אזויגערופענע „ליטעראַרישע דיסקוסיע“. די ליטעראַרישע דיסקוסיע אינ 1925—26 יאָרנ איז ווײַט ארויס פונ די גרענעצנ פונ ליטעראַטור. זי האָט געהאט א גרויסנ פּאָליטישנ באַטײַט ניט בלויז פאר אוקראַיִנע, נאָר אויכ פארנ גאנצנ ראטנפארבאַנד, ניט בלויז פאר קפּ(ב)או אונ פאר דער גאנצער אַלקפּ(ב), נאָר אויכ פאר אונדזערע ברידערלעכע קאָמוניסטישע פארטייענ אינ די קאַפּיטאַליסטישע לענדער. די אוקראַיִנישע פאשיסטנ, די פארשיידענע קאָנטררעוואָליוציאָנערע ארויסוואָרפנ האָבנ בײַס דער ליטעראַרישער דיסקוסיע געפּרווט ריכטנ די אנטוויקלונג פונ דער אוקראַיִנישער סאָוועטישער ליטעראַטור אפ פײַנטלעכע פאשיסטישע נאציאָנאַליסטישע וועגנ, פארכאפּנ די קולטור־אנטוויקלונג אינ אוקראַיִנע אינ זייערע הענט. די קפּ(ב)או אונ איר צענטראַל־קאָמיטעט האָבנ דעמאָלט אונטערנ אָנפיר פונ ל. מ. קאַהאַנאָוויטש, בא די דירעקטע אָנווײַזונגענ פונעמ פירער פונ אונדזער פארטיי, כ׳ סטאַלינ, צעגראָמירט דעמ אוקראַיִנישנ פאשיסטישנ לאגער. ס׳איז כאראקטעריסטיש, אז ווענ די אַלע פּרווונ פונ די קלאסנפײַנט האָבנ באקומענ א באָלשעוויסטישנ אָפּשטויס פונ קפּ(ב)או, אז ווענ די אוקראַיִנישע נאציאָנאַליסטנ זײַנענ צעקלאפּט געוואָרנ, האָט אייִנער פונ די פּאָעטנ־פאשיסטנ—מאלאניוק—אפ די שפּאַלטנ פונעמ פאשיסטישנ „וויסטניק“, וואָס גייט ארויס אינ לעמבערג, געשריבנ:

„מיר האָבנ זיכ גענומענ פאר אָט דעמ מעכטיקנ געווער, פארנ קולטור־געווער, פארנ געווער פונ דער אוקראַיִנישער קולטור אונ מיר וועלנ עס ניט ארויסלאָזנ ביז מיר וועלנ ניט זיגנ“.

מיר געדענקענ אויכ א צווייטנ היסטאָרישנ פאקט, וואָס האָט א קאָלאָסאַלנ פּאָליטישנ באַטײַט פאר דער אנטוויקלונג פונ דער קולטור־בויונג, פארנ געהעריקנ באַוואָפענענ די פּילמיליאָניקע ארבעטנדיקע מאסנ פונ ראטנ־אוקראַיִנע אונ פונעמ גאנצנ ראטנפארבאַנד. דאָס איז דער פּראָצעס פונ „ס.וו.או.“. אפנ פּראָצעס זײַנענ, ווי באַוווסט, אויכ אופגעדעקט געוואָרנ פּרווונ פונ די אוקראַיִנישע נאציאָנאַליסטנ, אינ דער שפּיצ מיט יעפרעמאָוונ, צו ריכטנ די אנטוויקלונג פונ דער סאָוועטישער קולטור אפ א נאציאָנאַליסטיש־פאשיסטישנ וועג. ענדלעכ, האָבנ די לעצטע יאָרנ אינעמ לעבנ פונ דער פארטיי־אָרגאניזאציע אינ אוקראַיִנע באַשײַמפּערלעכ דערוויזנ די נייטיקײַט אנטשיידנ, אָנ ראכמאָנעס צו קעמפנ קעגנ דעמ אוקראַיִנישנ נאציאָנאַליזמ, וואָס איז אינעמ נעגעבענעמ עטאפּ די הויפּט־געפאר אינ ראטנ־אוקראַיִנע, צו קעמפנ קעגנ די פארשיידענע פאשיסטיש־פּעטליורישע עלעמענטנ, וואָס צילנ זייער פײַער, אינ דער ערשטער ריי, קעגנ דער אנטוויקלונג פונ דער אוקראַיִנישער סאָוועטישער קולטור אַלס באַשטאנדטייל פונ דער גאנצער סאָציאַליסטישער בויונג.

אָבער דער גלענצנדיקער קאמפּ קעגנ דעמ אוקראַיִנישנ נאציאָנאַליזמ, וואָס איז געפירט געוואָרנ אונטער כ׳ קאַהאַנאָוויטשעס אָנפירונג, איז שפּעטער אינ א באַדײַטנדיקער מאָס אָפּגעשוואכט געוואָרנ אינ רעזולטאט פונ דער אָפּגעטעמפּטער באָלשעוויסטישער וואכזאמקײַט צו די אנטפּלעקונגענ פונ די קלאסנפײַנטלעכע פּרווונ פונ פארשיידענע נאציאָנאַליסטישע עלעמענטנ. באַזונדערס אינ די יאָרנ 1930—32 האָט די נאציאָנאַליסטישע קאָנטררעוואָליוציאָנערע קנופּיע אומבאַשטראָפט פארשפּרייט איר

פּיַנטלעכע ארבעט אפּ אסאך באצירקן פון דער סאָציִאַליסטישער בויונג, און בא זונדערס אפן פראָנט פון דער אוקראַיִנישער סאָוועטישער קולטור־בויונג. די דאָזיקע קאָנטררעוואָליוציִאָנערע ארבעט האָט אונדז פארשאפט אסאך שאָדן אויך דערמיט, וואָס איינער פון די פירער פונעם קולטור־פראָנט, נ. סקריפּניק, האָט פאקטיש מיטגעהאָלפן, צונויפגעשלאָסן זיך מיט די דאָזיקע נאציִאָנאַליסטישע עלעמענטן. אין רעזולטאט פונעם אָפּגעשוואכטן קאמף קעגן אוקראַיִנישן נאציִאָנאַליזם, פון אָפּגעטעמפּטער באָלשעוויסטישער וואכזאמקייט, זיינען אין פיל אונדזערע סאָוועטישע, געזעלשאפט־לעכע, ווירטשאפטלעכע און אפילע פארטיי־אָרגאניזאציעס דורכגעקראָכן אגענטן פונעם קלאסנפיינט, וואָס האָבן סיי אין דער אינדוסטריע, סיי אין דער לאנד־ווירטשאפט, סיי אפן קולטור־פראָנט געשעדיקט אונדזער ארבעט, פאָרהאַלטן אונדזער זיגרייכן מארש פאָרויס. דאָס איז געווען אן איינהייטלעכער קאָנטררעוואָליוציִאָנערער פּלאַן, וואָס איז געווען געווענדעט אפּ אָפּצורייסן ראטן־אוקראַיִנע פונעם ראטנפארבאנד, א פּלאַן צו באניַיען די בורזשואזע מעלוכע, אראָפּצוווארפן, אומצוברענגען די ראטנמאכט. דעריבער קען מען ניט אָפּרייסן די פראגעס וועגן די דורכרייסן, וואָס זיינען פאָרגעקומען אפן קולטור־פראָנט, פון יענע דורכרייסן, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין דער לאנדווירטשאפט און אפּ אנדערע באצירקן פון אונדזער ארבעט. דער, וואָס שטעלט אנטקעגן דעם קולטור־פראָנט צו דער ווירטשאפטלעכער ארבעט, דער, וואָס פּרוּווט אָפּצורייסן די פראגעס פון אונדזער קולטור־וווּקס פון דער גאנצער סאָציִאַליסטישער בויונג, דער העלפט מיט דעם קלאסנפיינט.

א באזונדערס גרויסע שעדיקערישע ארבעט האָבן די אוקראַיִנישע נאציִאָנאַליסטן געפירט אפן שפראכפראָנט. די דאָזיקע קאָנטררעוואָליוציִאָנערע ארבעט איז געפירט געוואָרן לויט דער ליניע פון אָפּרייסן די אנטוויקלונג פון דער אוקראַיִנישער שפראך און אוקראַיִנישער קולטור פון דער ברידערלעכער רוסישער שפראך און קולטור, לויט דער ליניע פון אָפּרייסן די אוקראַיִנישע שפראך, אלס מעכטיק געווער פון אונדזער פארטיי, פון די ברייטע ארבעטנדיקע מאסן, פון די אויפגאבעס פון דער סאָציִאַליס־טישער בויונג.

ערשט נאָך דער באשטימונג פון צ.ק.אלקפּ(ב) וועגן דער ארבעט פון דער פארטיי־אָרגאניזאציע אין אוקראַיִנע, ערשט נאָכדעם, ווי אין אוקראַיִנע זיינען געשיקט גע־וואָרן א ריי אָנגעזעענע פארטיי־טוער, אין דער שפּיץ מיטן כ׳ פּאָסטישעוו, איז ווירקלעך פאנאנדערגעוויקלט געוואָרן א באָלשעוויסטישער קאמף צו אנטפּלעקן, אויס־דעקן און אויסוואָרצלען די דערלאָזטע פעלערן און פארקריפּלונגען, א קאמף צו פארניכטן די נאציִאָנאַליסטישע עלעמענטן, וואָס האָבן זיך אריינגעכאפּט אין די פיל באצירקן פון אונדזער סאָציִאַליסטישער בויונג, באזונדערס אפן שפראכפראָנט.

מיר העלן זיך דאָ ניט אָפּשטעלן אויספירלעך דערויף, וואָס די נאציִאָנאַליסטן האָבן אָפּגעטאָן מיט דער אוקראַיִנישער שפראך. מיר וועלן זיך בלויז אָפּשטעלן אפּ די הויפּט־פראגעס. לויט דער ליניע פון דער אנטוויקלונג פון דער אוקראַיִנישער ווינסנשאפטלעכער טערמינאָלאָגיע זיינען געגעבן געוואָרן אָן א צאָל פארשיידענע שעדיקערישע איינשטעלונגען, וואָס האָבן געבראכט דערצו, אז, אשטייגער, אזעלכע אַלגעמיין־באוווּסטע טערמינען, ווי „פילטער”, איז פארביטן געוואָרן אפּ אזוינע טער־מינען, ווי „צידילאָ”. דער דאָזיקער „צידילאָ”, פּונקט ווי אָן א שיר אנדערע טערמינען,

וואָס די נאַציאָנאַליסטן האָבן אויסגעטראַכט, איז איַינגעפירט געוואָרן אין אונדזער אוקראַיִנישער וויסנשאַפטלעכער טערמינאָלאָגיע, לערנביכער א. א.

מיר וועלן נעמען אַזאַ טערמין פון געאָמעטריע, ווי „פּערפּענדיקוליאַר“. דאָס וואָרט „פּערפּענדיקוליאַר“ איז באַוווּסט די אַרבעטנדיקע מאַסן, פונדעסטוועגן איז עס אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פון דער אוקראַיִנישער שפּראַך, און אָנשטאָט דעם איז איַינגעפירט געוואָרן דאָס וואָרט „סטאַרטש“. „זריזאַני קאָנוס“ האָט מען פאַרביטן מיט „סטיאַטי סטיזשאָק“. דאָס וואָרט „אַטאָם“, וואָס ווערט באַנוצט סײַ אין אוקראַיִנע, סײַ אין רוסלאַנד, איז פאַרביטן געוואָרן אויף „נעדילקאַ“. אפילו דאָס וואָרט „זאַוואָד“ איז אַרויסגעטריבן געוואָרן פון דער אוקראַיִנישער טערמינאָלאָגיע, און אָנשטאָט דעם האָט מען איַינגעפירט אַ צווייטן טערמין „וויראָבניאַ“. די „געלערנטע“ נאַציאָנאַליסטן פון דער אוקראַיִנישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע, פונעם אינסטיטוט פאַר דעם אוקראַיִנישן שפּראַכוויסן האָבן אָן סאָפעק פאַרשטאַנען, אַז איַינפירנדיק ווערטער פון טשעכיש און פּויליש אָנשטאָט די טערמינען, וואָס זײַנען אַלציינע אויף רוסיש און אוקראַיִניש, אַז מיטן איַינפירן טערמינען, וואָס זײַנען ניט פאַרשטענדלעך די ברייטע אַרבעטנדיקע מאַסן, שטעלן זיי אַ וואַנט צווישן דער אוקראַיִנישער און רוסישער שפּראַכן, און דאָס איז טאַקע געווען אין זייערע אינטערעסן.

מיר האָבן אַ גאַנצע ריי בײַשפּילן פון אָט דער שעדיקערײַ ניט בלויז אין פּראַגעס פון טערמינאָלאָגיע, נאָר אויך אינעם בויען די אוקראַיִנישע פראַזעאָלאָגיע.

מע האָט ניט געטאָרט זאָגן „*Київ звільнений червоною армією*“, ווײַל דאָס וואָלט דערמאָנט אינעם רוסישן „*Киев освобожден красной армией*“, זאָגן האָט מען באַדאַרפט „*Київ звільнений від червоної армії*“

אין דער ליטעראַטור, אין דער אוקראַיִנישער שפּראַך איז דערקלערט געוואָרן אַ פאַרביסענער קאַמף קעגן די אַזויגערופענע רוסיזמען, קעגן באַנוצן אַזעלכע ווערטער, וואָס זײַנען באַוווּסט די פילמיליאָניקע אוקראַיִנישע מאַסן. אַשטייגער, דאָס וואָרט „פּאָזשאַר“ איז ניט גענוצט געוואָרן אין דער אוקראַיִנישער שפּראַך דערפאַר, וואָס עס זײַנען פאַראַן צוויי ווערטער: „פּאָזשאַר“ און „פּאָזשעזשאַ“. „פּאָזשאַר“ אָבער איז אַן אָנגענומענע וואָרט, סײַ איז רוסיש, סײַ אין אוקראַיִניש, דעריבער איז גענוצט געוואָרן בלויז דאָס וואָרט „פּאָזשעזשאַ“.

קלאָר, אַז די דאָזיקע „וויסנשאַפטלעכע“ אַרבעט פונעם אוקראַיִנישן אינסטיטוט פאַר שפּראַכוויסן איז פאַרשפּרייט געוואָרן אין די ביכער, לערנביכער, אין די שולן און האָט קאַליעטשעט אונדזערע קינדער. די דאָזיקע בײַשפּילן באַווײַזן, אַז די אוקראַיִנישע נאַציאָנאַליסטן, וואָס זײַנען געזעסן אין אָט דער וויסנשאַפטלעכער שפּראַך־אינסטיטוציע, האָבן אָנגעווענדט אַלע מיטלען קעדיי אוועקצושטעלן אַ וואַנט צווישן ביידע ברידערלעכע פעלקער, צו שטערן די אַנטוויקלונג פון דער אוקראַיִנישער וויסנשאַפטלעכער טערמינאָלאָגיע, פון דער אוקראַיִנישער ליטעראַטור, שפּראַך אויף נאַציאָנאַליסטישע בורזשואַזע וועגן, צוריקשטופּן זיי צו די אַלטע צײַטן, צו די צײַטן פון דער העטמאַנשטשינע, פון דער זאַפּאָראָזשער סעטש און אַזוי אַרום איזאָלירן אונדזער שפּראַך פון די קולטור־דעראָבערונגען, וואָס די מענטשהײַט האָט דערוואָרבן.

דער דאָזיקער פײַנטלעכער אַרבעט האָט אין אַ גרויסער מאָס מיטגעהאָלפן דער נאַציאָנאַל־אָפּנויגלער נ. סקריפּניק, וואָס האָט געגעבן שעדלעכע נאַציאָנאַליסטישע

אײַנשטעלונגען. מיר װעלן דאָ ניט ברענגען די דאָזיקע אײַנשטעלונגען, װאָס זײַנען שױן גענוג באַלױכטן געװאָרן. מיר װעלן ברענגען בלױז אַזאַ פֿאַל, װאָס רעדט בױלעט װעגן יענער ראָליע, װאָס סקריפּניק האָט געשפּילט אין די נאַציאָנאַליסטישע פֿאַרקריפּלונגען אױפֿן שפּראַכפֿראָנט.

אין 1931 יאָר האָט אײנער פֿון אונדזערע שפּראַכטוער כ׳ קאַהאַנאָװיטש געלײענט אַ פֿאָרטראַג אינעם אינסטיטוט פֿון מאַרקסיזם און לעניניזם װעגן צושטאַנד פֿון דער אוקראַיִנישער טערמינאָלאָגיע. כ׳ קאַהאַנאָװיטש האָט גערעדט װעגן די שעדיקערישע נאַציאָנאַליסטישע עלעמענטן אין דער אוקראַיִנישער שפּראַך און װעגן דער נײטיקײַט צו קעמפֿן קעגן די אײַנשטעלונגען, װאָס עס גיבן אין אָט דער פֿראַגע די אוקראַיִנישע פֿאַשיסטן. אױף כ׳ קאַהאַנאָװיטשעס פֿאָרטראַג איז געקומען צו גײן נ. סקריפּניק, און אָנשטאָט אונטערצוהאַלטן דעם דאָזיקן פֿאָרטראַג, איז ער אַרױסגעטראָטן מיט אַזעלכע װערטער:

„איך האַלט, אַז כ׳ קאַהאַנאָװיטש האָט פֿאַרשמעלערט די דאָזיקע פֿראַגע דערמיט, װאָס ער האָט גענומען פֿאַר זײַן אַרבעט אַ ספּעציעלן אוקראַיִנישן מאַטעריאַל, און דערבײַ האָט ער דאָס פֿאַר־שמעלערט בלױז בענוגײע אוקראַיִנישע פֿראַגעס...

... מע קאָן פֿאַרנעמען אַ ריכטיקע פּאָזיציע, האָבן פּולשטענדיק ריכטיקע באַהױפּטונגען און דורכפֿירן אַ ריכטיקע ליניע און דאָך באַגרענעצן זיך בלױז מיט אַ געװיסן נאַציאָנאַלן מאַטעריאַל אַזױ, אַז דעריבער טאַקע האָט זיך אַנטפּלעקט דער נאַציאָנאַליסטישער אָפּנױג.

כ׳ קאַהאַנאָװיטש איז ניט אַרױס פֿון די פּאַרקישעפּטע גרענעצן פֿון דער אוקראַיִנישער נאַ־ציאָנאַלער פֿראַגע און דעריבער האָט ער אַנטפּלעקט אַ באַשטימטן נאַציאָנאַליסטישן אָפּנױג".

װי מיר זעען, האָט כ׳ קאַהאַנאָװיטש געהאַלטן אַ פֿאָרטראַג װעגן קאַמף קעגן אוקראַיִנישן נאַציאָנאַליזם אױפֿן שפּראַכפֿראָנט, און סקריפּניק טרעט אַרױס נאָכן פֿאָר־טראַג און רופֿט אָן כ׳ קאַהאַנאָװיטשן נאַציאָנאַליסט, װײַל ער האָט, קלױמערשט, גערעדט בלױז װעגן אוקראַיִנישן נאַציאָנאַליזם. דערפֿאַר, װאָס כ׳ קאַהאַנאָװיטש האָט אינעם פֿאָרטראַג גערעדט קעגן באַנוצן אַזעלכע טערמינען, װי „סטאָרטש" אָנשטאָט „פּערפּענדיקוליאַר", באַשולדיקט אים סקריפּניק אין „אײראָפּײִשער באַגרענעצטקײַט". סקריפּניק האָט אין אָט דער אַרױסטרעטונג געגעבן אַזעלכע אײַנשטעלונגען איך פֿראַ־געס פֿון אינטערנאַציאָנאַלע טערמינען און פֿראַגעס פֿון װיסנשאַפֿטלעכער אוקראַיִני־שער טערמינאָלאָגיע, אַז מע דאַרף, קלױמערשט, מיט די אַלע „סטיזשאָקעס", „סטאָרטשן", „צידילעס" צװואַרטן ביז עס װעט פֿאָרקומען אַ פּראָלעטאַרישע רעװאָלוציע אין אינדיע, אין כינע, ביז די אינדישע שפּראַך, די כינעזישע שפּראַך װעט זיך ניט דער־נענטערן צו די איבעריקע שפּראַכן, און עס װעט ניט געשטעלט װערן די פֿראַגע װעגן װירקלעכע אינטערנאַציאָנאַלע טערמינען, װאָס זאָלן זײַן פֿאַרשטענדלעך די פֿעל־קער פֿון דער גאַנצער װעלט.

אַזױאַרום, איז די שטעלונג פֿון דער פֿראַגע װעגן קאַמף קעגן אוקראַיִנישן נאַציאָ־נאַליזם אין דער אוקראַיִנישער טערמינאָלאָגיע אַרונטערגעריסן געװאָרן דורכן דעמאָל־טיקן אָנפֿירער מיטן בילדונג־פֿראָנט — סקריפּניק. און כ׳ קאַהאַנאָװיטש איז געבליבן אין דער לאַגע פֿון אַ מענטשן, װאָס מוז זיך פֿאַרטײדיקן, װײַל מע האָט אים „צו־געגײט" „אײראָפּײִשע באַגרענעצטקײַט" — דאָס הײסט אַן אָפּנױג.

איצט איז אונטער דער פֿאַרשטאַרקטער אָנפֿירונג פֿונעם צ.ק. קפּ(ב)או מיטן די־רעקטן אָנטײל פֿונעם כ׳ פּאָסטישעװ דורכגעפֿירט געװאָרן אַ קאָלאָסאַלע אַרבעט אױף

אָפּצורייניקן דעם שפּראַכפּראָנט פון יענעם נאַציאָנאַליסטישן בורזשואַזן געמויזעכץ, מיט וועלכן די אַגענטן פונעם קלאַסנפייַנט האָבן פּאַרמיסטיקט די אוקראַיִנישע שפּראַך. די דאָזיקע אַרבעט איז געפירט געוואָרן לויט דער ליניע פון ליקווידירן, פון אָפּרייניקן די אוקראַיִנישע שפּראַך פון די נאַציאָנאַליסטישע וואָרט־שאַפונגען, אַרכאַיִזמען, וואָס די נאַציאָנאַליסטישע שעדיקער האָבן אַרייַנגעטראָגן אין דער אוקראַיִנישער שפּראַך. אין אוקראַיִנישן סינטאַקסיס זייַנען ליקווידירט געוואָרן יענע ריידאַרטן, יענע אַלטע קאָנסטרוקציעס, וואָס זייַנען אַרייַנגעטראָגן געוואָרן דורך די קלאַסנפייַנטלעכע עלעמענטן, קעדיי אָפּצורייַסן די אוקראַיִנישע שפּראַך פון די פּילמיליאָניקע אוקראַיִנישע אַרבעטנדיקע מאַסן, קעדיי אַ קער צו טאָן איר אַנטוויקלונג צוריק אַף אַ גאַנצן יאָרהונדערט. עס זייַנען אַרייַנגעטראָגן געוואָרן פיל ענדערונגען אין דער אוקראַיִנישער אָרטאָגראַפיע, וועלכע האָט שטאַרק געשטערט די אַרבעטנדיקע מאַסן צו באַהערשן די אָרטאָגראַפיע, די שפּראַך. ס'איז איבערגעקוקט געוואָרן די טערמינאָלאָגיע פאַר די סטאַבילע לערנביכער, ס'ווערן איבערגעקוקט די ווערטערביכער א. אז. וו.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דער דאָזיקער אַרבעט האָבן צווישן געוויסע עלעמענטן אָנגעהויבן זיך פאַרשפּרייטן פּראָוואָקאַציאָנעלע קלאַנגען, אַז עס גייט, קלוימערשט, אַ פּראָצעס פון פאַרניכטן די אוקראַיִנישע שפּראַך, די אוקראַיִנישע קולטור. ס'איז קיין סאָפעק ניט, אַז דאָס איז די אַרבעט פוןביידע נאַציאָנאַליזמען — פונעם אוקראַיִנישן און פון רוסישן גרויסמעלוכישן שאָוויניזם. אין דער פראַגע וועגן דער איצטיקער לאַגע אַפן שפּראַכפּראָנט פלעכטן זיך צונויף די שטרעבונגען פון די רוסישע גרויסמעלוכישע שאָוויניסטן מיט די שטרעבונגען פון די אוקראַיִנישע פאַשיסטן. די סאַמע עכטע אוקראַיִנישע נאַציאָנאַליסטן שטעלן די פראַגע אַזוי, אַז איצט ווערט, קלוימערשט, די אוקראַיִנישע שפּראַך איבערגעניצעוועט, אַז איצט באַגראָבט מען די אוקראַיִנישע שפּראַך, און אַז מע דאַרף, קלוימערשט, אַריבערגיין אַף דער רוסישער שפּראַך. מענטשן, וואָס האָבן יאָרנלאַנג געפירט אַ קאַמף קעגן אונדזער פּאַרטיי, מענטשן, וואָס האָבן אין דער אַנטוויקלונג פון דער אוקראַיִנישער סאָוועטישער קולטור געצויגן די ליניע פונעם נאַציאָנאַליסט יעפרעמאָוו, האָבן פּלוצים אין איין רגע אויפגעהערט צו רעדן אַף אוקראַיִניש! קימאַט דאָס זעלביקע זאָגן אויך די גרויסמעלוכישע רוסישע נאַציאָנאַליסטן. ווי מיר זעען, גייען זיך צונויף אין דער דאָזיקער פראַגע די גרויסמעלוכישע שאָוויניסטן און די אוקראַיִנישע פאַשיסטן און נאַציאָנאַליסטן. קעגן די דאָזיקע עלעמענטן, קעגן די דאָזיקע פּרוּוון פונעם פייַנט האָט דער צ.ק. קפּ(ב)או, באַזונדערס כ׳ פּאָסטישעוו, געפירט אַן אַנטשיידנדיקן קאַמף. דאָ האַנדלט זיך ניט וועגן פאַרניכטן די אוקראַיִנישע קולטור, נאָר וועגן איר ווייַטערדיקער אַנטוויקלונג, אויפבלי. דאָ האַנדלט זיך ניט וועגן רוסיפיקאַציע, ניט וועגן פאַרניכטן די אוקראַיִנישע קולטור, נאָר וועגן פאַרניכטן, אויסראָטן די רעשטלעך אוקראַיִנישע נאַציאָנאַליסטן, די פּעטליורישע רעשטלעך.

די פּרוּוון אַרויסצוּוואַרפן די ברייט־אָנגעווענדטע, אַלעמען באַוווּסטע אוקראַיִנישע טערמינען און פאַרבייַטן זיי מיט רוסישע באַמערקן זיך אויך איצט אין דער אַרבעט פון אונדזערע פאַרלאַגן. אפילע אין אַזאַ פאַרלאַג, ווי דער פּאַרטפאַרלאַג, זייַנען געווען שפּראַך־רעדאַקטערס, וואָס האָבן אַרויסגעוואָרפן אַלעמען באַוווּסטע אוקראַיִנישע ווערטער און זיי פאַרביטן מיט רוסישע.

אזוי, אשטייגער, איז אין דער אוקראַיִנישער איבערזעצונג פון דער רעזאָלוציע פונעם נאָיאבער־פּלענום פונעם צ.ק. קפּ(ב)או אָנגעשריבן:

*„Тому той, хто намагається хоч найменшою мірою послабити або підір-вати зв'язок України з Радянським Союзом, хто сіє р о з н ь між трудящими радянських республік. ."*

ווי מיר זעען, איז אָנשטאָט איבערצוזעצן דאָ דאָס וואָרט *„рознь"* מיט *„розбрат"*, האָט דער שפּראַך־רעדאַקטער דאָס וואָרט *„розбрат"* אויסגעמעקט.

מע וואָלט געקענט ברענגען נאָך אסאך אנדערע בײַשפּילן פון דער פּראַקטיק פון דער פאַרלעגערישער ארבעט, פון דער ארבעט, פון די שפּראַך־רעדאַקטערס.

דער צ.ק. קפּ(ב)או האָט אנטשיידן א קלאַפּ געטאָן איבער די אַלע, וואָס האָבן זיך געפּרוּווט — אונטער דער מאַרקע פון ליקווידירן די נאַציאָנאַליסטישע פאַרקריפּלונגען — צו קאַליעטשען די אוקראַיִנישע שפּראַך. אונדזער וועג אין דער דאָזיקער פראַגע — דאָס איז דער וועג — ווײַטער באָלשעוויסטיש דורכצופירן די לעניניש נאַציאָנאַלע פּאָליטיק, אקשאָנעסדיק קעמפן פאַרן פאַרווירקלעכן די אײַנשטעלונגען פון לעבין־סטאַלין, אקשאָנעסדיק קעמפן קעגן די פּרווון פונעם קלאַסנפײַנט, וואָס באַמיט זיך אף יעדן טריט צו שעדיקן אונדזער זיגרײַכן מאַרש פאָרויס.

אריבערגייענדיק צו די פראַגעס וועגן קאַמף אף ייִדישן שפּראַכפראָנט, דאַרף מען זאָגן, אז די אנטוויקלונג פון דער ייִדישער שפּראַך, יענע ארבעט, וואָס ווערט געפירט אין די פראַגעס וועגן אנטוויקלען די ייִדישע פּראָלעטאַרישע קולטור, איז א באַשטאַנדטייל פון דער סאָציאַליסטישער קולטור־בויונג אין אונדזער ראַטנפאַרבאַנד, און באַזונדערס אין ראַטן־אוקראַיִנע.

אין דער דאָזיקער פראַגע, פּונקט ווי אין די פראַגעס וועגן דער אנטוויקלונג פון דער סאָוועטישער קולטור פון די אנדערע נאַציאָנאַלע מינדערהײַטן, האָבן מיר גרויסע פּערספּעקטיוון, און די דאָזיקע ארבעט דאַרפן מיר דורכפירן בלויז אפן גרונט פון די אָנווײַזונגען, וואָס עס האָט אונדז פיל מאָל געגעבן דער כ' סטאַלין.

עס זײַנען אָבער פאַראַן א רייי טוער אפן באַצירק פון שאַפן די ייִדישע סאָוועטישע קולטור, וואָס האָבן ניט קיין געזונטע און אפילע שעדלעכע שטימונגען. ערגעץ־ווו פירט זיך צווישן זיי הינטערקוליסן־שמועסן וועגן דעם, אז, קלוימערשט, די רוסישע און אוקראַיִנישע שפּראַכן און ליטעראַטורן האָבן פּערספּעקטיוון, די ייִדישע שפּראַך, די ייִדישע ליטעראַטור אָבער האָבן ניט קיין פּערספּעקטיוון. ס'איז קלוימערשט, ניטאָ די נייטיקע אויפמערקזאַמקײַט צו דער דאָזיקער פראַגע, ס'איז ניטאָ קיין ייִדישע ליטעראַטור. אפן דאָזיקן באַצירק הערשט א מין מישמאַש, און מע דאַרף דעריבער אריבערגיין אף אנדערע ארבעט. די שעדלעכקײַט פון די דאָזיקע געדאַנקען זײַנען קלאָר. יעדער ערלעכער סאָוועטישער בירגער דאַרף צוגיין צו דער פראַגע וועגן דער אנטוויקלונג פון דער ייִדישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, שפּראַך, קולטור אזוי, ווי עס פאָדערן דאָס די קאָלאָסאַלע פּערספּעקטיוון פון אונדזער ראַטנלאַנד, און ער דאַרף פאַרווירקלעכן יענע אײַנשטעלונגען, וואָס עס גיט אין אָט דער פראַגע אונדזער פּאַרטיי, דער פירער פון דער פּאַרטיי, כ' סטאַלין. עס קען ניט זײַן אזא לאַגע, אז די בויונג פון דער ייִדישער פּראָלעטאַרישער קולטור, שפּראַך, ליטע־

ראטור זאָל ארויספאַלן, זאָל אָפּגעריסן ווערן פון דער גאנצער סאָציאַליסטישער בויונג אין ראטנפארבאנד. דאָס קאָן ניט פאַרקומען דערפֿאַר, ווײַל דער פּראָצעס פון בויען די ייִדישע פּראָלעטארישע קולטור איז א באשטאנדטייל פון יענער גרויסער סאָציאַליסטישער בויונג, וואָס קומט זיגרײַך פאָר אינעם לאנד פון די ראטן. אפ דער באזע פון דער זיגרײַכער סאָציאַליסטישער בויונג, אין רעזולטאט פון דורכפירן די לענינישע נאציאָנאַלע פּאָליטיק, האָבן מיר ריזיקע דערגרייכונגען אפן באצירק פון שאפן די ייִדישע סאָוועטישע קולטור. ס'איז אויסגעוואקסן די צאָל ייִדישע שולן, ס'איז דורכגעפירט געוואָרן א גרויסע ארבעט אינעם אנטוויקלען און פארפעסטיקן די צײַטונגען, זשורנאַלן אפ ייִדיש און די ייִדישע ליטעראטור ביכלאל. עס האָט זיך פאַנאַנדערגעוויקלט די בויונג פון א רייַ ייִדישע נאציאָנאַלע ראיאָנען. דאָס אַלץ באווײַזט, אז די ייִדישע שפראך האָט זיך דערוואָרבן א גרויסן אוטאָריטעט, אז זי בויונג פון דער ייִדישער פּראָלעטארישער קולטור רוקט זיך פאָרויס מיט גיכע טעמפּן. די ייִדישע שפראך, פּונקט ווי די שפּראכן פון די איבעריקע נאציאָנאַליטעטן אינעם ראטנפארבאנד, איז געוואָרן א שארפע קאָמוניסטיש געווער, וואָס מיט איר הילף טראָגט די פארטיי, די ראטנמאכט קאָמוניסטישע פּראָלעטארישע אידייען אין די ברייטע ייִדיש־ארבעטנדיקע מאסן. ניט בא אונדז, נאָר אין די קאפּיטאליסטישע לענדער, אין די לענדער, וווּ עס הערשט עקספּלואטאציע, וווּ עס הערשט נאציאָנאַלע אונטערדריקונג בענעגייע די נאציאָנאַלע מינדערהײַטן, — דאָס איז דאָרט די שפראך פארוואָרלאָזט, געערודעפּט, דאָס שטייט זי דאָרט אויס רעדיפעס פון די פאשיסטישע באנדעס. אינעם ראטנלאַנד אָבער, אינעם לאנד פון דער פּראָלעטארישער דיקטאטור האָט די ייִדישע שפראך, פּונקט ווי די שפּראכן פון די אַלע איבעריקע נאציאָנאַלע מינדערהײַטן, אַלע פאָרבאדינגונגען צו אנטוויקלען זיך, און אונטער דער לענינישער אָנפירונג פון אונדזער פארטיי שפּאנט זי אָן אָן אָפּהאלט פאָרויס. די ייִדישע שפראך, די ייִדישע פּראָלעטארישע קולטור וואקסט בא אונדז און אנטוויקלט זיך. עס קומט פאָר א פּראָצעס פון אינטערנאציאָנאַליזירן א ריי טערמינען אין דער ייִדישער שפּראך. נאָך דער אָקטיאבער־רעוואָלוציע איז די ייִדישע שפראך באַרײַכערט געוואָרן מיט א נײַעם לינגוויסטישן מאטעריאַל. אין ייִדיש זײַנען ארײַן אזעלכע ווערטער, ווי סאָוועט, וואָזשאטי, קאָמסאָמאָל, פּריזיוו, אָטריאַד, סטאנאָק, זאוואָד א. אנד. די ייִדישע שפּראך באפרײַט זיך פון איבעריקע העברייִזמען, פון פּראָווינציאַליזמען. די לעצטע יאָרן איז פאָרגעקומען א באדײַטנדיקער איבערבראָך אינעם דערגעענטערן די ייִדישע שפּראך צו די ארבעטנדיקע מאסן. קעדיי צו דערנעענטערן די שריפטלעכע שפּראך צו דער מינדלעכער, זײַנען ליקווידירט געוואָרן א ריי שטומע קלאנגען; די שטומע „א“, „ע“, „ה“ און אנדערע. אין רעזולטאט פון דער דיסקוסיע, וואָס איז פאָרגעקומען אפן ייִדישן שפּראכפראָנט, זײַנען געלייזט געוואָרן די פראגעס וועגן א ריי העברייִשע ווערטער, וועגן זייער טראנסקריפּציע. אפן ייִדישן שפּראכפראָנט איז דורכגעפירט געוואָרן א גרויסע ארבעט. עס זײַנען נאָך אָבער פאראן אסאך דורכרײַסן. עס זײַנען נאָך פאראן אסאך פארשיידענע שעדלעכע מיינונגען און פּרוּוון ליקווידירן די דאָזיקע דורכרײַסן, פירן אן אָנראכמאָנעסדיקן קאמף קעגן די קלערי־קאַלע העברייִשע עלעמענטן פון איין זײַט, און קעגן די רוסיפיקאטערישע עלעמענטן, פון דער צווייטער זײַט, דורכפירן אָן אופהער, אקשאָנעסדיק די לעג־נישע ליניע אין

דער פראגע וועגן אנטוויקלען די ייִדישע שפּראַך, — דאָס איז א שלאָג־אופגאבע פארן ייִדישן שפּראַכפראָנט.

מע דארף זאָגן ענלעכע ווערטער וועגן די טעזיסן, וואָס כ׳ קאמענשטיינ האָט צוגעשטעלט דער ייִדישער שפּראַך־בּאראטונג.

כ׳ קאמענשטיינ הייבּט אָן זײַנע טעזיסן מיט אזא פאָרמולירונג:

„אויסראָטן די רעשטלעך קאפּיטאליסטישע פּסיכאָלאָגיע צווישן די ייִדישע ארבּעטנדיקע מאסן איז מעגלעך בלויז באַם באדינג, אויבּ מיר וועלן צו זיי ריידן אפ א מאקסימאל פאַרשטענדלעכער שפּראַך“.

דערמיט פארענדיקט זיך דער ערשטער און אבּסאָליוט ניט ריכטיקער טעזיס. די זאַך באַשטייט דערינ, וואָס מיט א פארשטענדלעכער שפּראַך קאָן מען ריידן וועגן קלאסנפײַנטלעכע זאַכן אויך. ווען צו די ייִדישע ארבּעטנדיקע ראטן ווענדעט זיך אַן ארבּעטער, א קאָמוניסט, ווען ער פירט דורך אפ א שפּראַך, וואָס איז פארשטענדלעך די מאסן, א קאָמוניסטישע ליניע, איז עס איינ זאַך, אָבּער ווען מיט דער זעלבּיקער פארשטענדלעכער שפּראַך וועט ריידן א סאָציאַל־פאשיסט, א ציוניסט, וועט עס שוינ זײַן גאָר עפּעס אנדערש. לויט כ׳ קאמענשטיינס טעזיסן וועלן סײַ אינ ערשטן סײַ אינ צווייטן פאל ליקווידירט ווערן די רעשטלעך פון דער קאפּיטאליסטישער פּסיכאָלאָגיע. און ס׳איז קענטיק, אז כ׳ קאמענשטיינ פעטישיזירט דאָ די פאָרם פון שפּראַך, ער שטייט אינ דעם פאל ניט אפ אונדזערע, נאָר אפ פרעמדע אידעאַליסטישע פּאָזיציעס, דערלאָזנדיק א ריס צווישן פאָרם און אינהאלט.

דערציילנדיק ווײַטער וועגן דעם, פון וואָסערע עלעמענטן עס באַשטייט די ייִדישע שפּראַך, דערווײַזנדיק, אז די ייִדישע שפּראַך גייט מיטן וועג פון פארקלענערן די צאָל דײַטשישע און העבּרייִשע עלעמענטן, זאָגט כ׳ קאמענשטיינ:

„נאָר דאָס זײַנען אלץ געצוווּנגענע ציטעריקע האלבּע טריט אונטערן דרוק פון די ארבּעטער־מאסן. אָבּער די ליטעראַרישע שפּראַך שטייט נאָך אלץ שטארק אָפּ פון דער לעבּעדיקער מינדלעכער שפּראַך פון די סאָוועטישע ייִדישע ארבּעטנדיקע מאסן. די מערהײַט ייִדישע קולטורטוער באטראכטן נאָך אלץ יעדן אָפּזאָג פון דער ריינ־דײַטשישער ליטעראַרישער פאָרם און לעקסיק, יעדע אָנווענדונג פון א רוסישן וואָרט אָדער ענדונג, יעדע נוצן א פאָלקס־אויסדרוק, וואָס ווערט אפילו גענוצט אינעם גאנצן ייִדישן שפּראַך־געבּיט, אלס „זשארגאָניזאציע“, „רוסיפיקאציע“, אָדער „ייִדישיזם“, „שפּראַך פון אלטע ווײַבּער“ א. אז. וו. אינ דעם דאָזיקן הינזיכט איז נייטיק א ראדיקאלער איבּערבּראָך“.

דערפון איז צו זען, אז כ׳ קאמענשטיינ, פארשטייענדיק גוט, אז דער באַזיס פון דער ייִדישער שפּראַך איז די דײַטשישע שפּראַך, שטייט פונדעסטוועגן אינ זײַנע טעזיסן פון אָנהייבּ ביזן סאָף אפ פּאָזיציעס צו רוסיפיצירן די ייִדישע שפּראַך. מע דארף זאָגן, אז די געשעענישן, וואָס זײַנען פאָרגעקומען אפן אוקראַיִנישן שפּראַך־פראָנט, קאָנען מיר ניט מעכאניש איבּערטראָגן אפ דער ייִדישער שפּראַך. מיר דארפן די דאָזיקע פראגע באטראכטן פון היסטאָרישע פּאָזיציעס. דיסקאָנטירנדיק די אנטוויקלונג־געשיכטע פון יעדער שפּראַך, דארפן מיר אָנווענדן דעם מארקסיסטישן צוגאנג צו יעדער פראגע. ס׳איז באַוווּסט, אז אינ די פראגעס וועגן דער אנטוויקלונג פון דער אוקראַיִנישער שפּראַך זײַנען די לעצטע צײַט פאָרגעקומען נאַציאָנאַליסטישע פארקריפּלונגען. און מיר האָבּן געהאט אזוינע פאקטן, ווען אינ

דער אוקראַיִנישער שפּראַך האָט מען קינסטלעך אַרײַנגעפירט אַסאַך ניט פאַרשטענדלעכע ווערטער, וואָס זײַנען איר ניט אייגנטשאַפטלעך, און מע האָט מיט זיי פאַרביטן די אַלעמען באַוווּסטע טערמינען, קעדיי צו שטעלן אַ וואַנט צווישן דער אוקראַיִנישער און רוסישער שפּראַך. צי הייסט עס אָבער, אַז אויך אין דער אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער שפּראַך קומט פאָר דער זעלביקער פּראָצעס? ווער קען ברענגען אַזעלכע פאַקטן, אַז אין דער ייִדישער שפּראַך זײַנען אין דער לעצטער צײַט אַרײַנגעפירט געוואָרן ספּעציִעל אויסגעטראַכטע טערמינען, קעדיי צו שטעלן אַ וואַנט צווישן דער ייִדישער ליטעראַטור־שפּראַך מיט דער שפּראַך פון די ייִדישע אַרבעטנדיקע מאַסן? אַזאַ פּראָצעס איז ניט געווען. געווען איז דאָס, אַז נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע זײַנען פון דער ייִדישער שפּראַך אַרויסגעוואָרפן געוואָרן אַ ריי אָפּגעלעבטע העברעייִשע ווערטער. ס׳איז אויך באַוווּסט דאָס, אַז אין די פּראָגעס פון דער ייִדישער טראַנסקריפּציע איז, די לעצטע צײַט אָפּגעטאָן געוואָרן אַ גרויסע אַרבעט, און אין רעזולטאַט איז דער ייִדישער שפּראַך־מאַטעריאַל געוואָרן מער צוגענגלעך פאַר די ייִדישע אַרבעטנדיקע מאַסן. אויב אַזוי, פונוואַנען־זשע נעמט זיך אַזאַ אומרויִקײַט באַם כ׳ קאַמענשטיין? פונוואַנען נעמט זיך אַזאַ שטרעבונג טייקעף אַריבערצופירן די ייִדישע שפּראַך אַף אַזעלכע רעלסן, אַז דער וואָרצל פון די ייִדישע טערמינען זאָל בלײַבן אַ דײַטשישער און די ענדונג אַ רוסישע? ס׳איז דען ניט קלאָר, אַז דאָס וואָלט פאַרשווערִיקט די ייִדישע אַרבעטנדיקע מאַסן צו באַהערשן די ייִדישע שפּראַך, דאָס וואָלט געמאַכט די שפּראַך אומפאַרשטענדלעך פאַר די מאַסן. כ׳ קאַמענשטיינען דוכט זיך, אַז ער שטייט אַף אויסערגעוויינלעך רעוואָליוציאָנערע פּאָזיציעס, און קעדיי ענדגילטיק צו דערווײַזן די ריכטיקײַט פון זײַנע אָנשויונגען און איבערצושרעקן זײַנע אָפּאָנענטן, שרײַבט ער:

„ס׳איז נייטיק צו פירן אַ קאַמף סײַ קעגן די ווייניק־פאַרשטענדלעכע העברעיִזמען, וואָס שטאַמען פון בורזשואַזן ייִדישן נאַציאָנאַליזם, אַזוי אויך קעגן די ווייניק־פאַרשטענדלעכע גערמאַניזמען, וואָס שטאַמען פון אינטעליגענטיש, קליינבירגערלעכן מאַסקיליזם און וואָס אין די באַדינגונגען פון אַ דײַטשיש־פאַשיסטישער אינטערווענץ קענען זיי אויסגענוצט ווערן מיצאַד די ייִדישע בורזשואַזע אַגענטן פון היטלעריזם אַלס אַ געווער צו פאַרשפּרייטן אַף דער ייִדישער באַפעלקערונג די ווירקונג פונעם דײַטשישן פאַשיזם“.

ווי מיר זעען, האָט זיך כ׳ קאַמענשטיין אַליין דערשראָקן פאַרן היטלעריזם! פון וועגן אָן ווערט דאָס די דײַטשישע שפּראַך באַטראַכט אַלט באַווירקונג־עלעמענט, אַלס באַווירקונג־געווער בלויז פון היטלעריזם אַף די אַרבעטנדיקע מאַסן? צו וואָס האָט עס כ׳ קאַמענשטיין געדאַרפט איבערגעבן די דערוואַרבונג, די ירושה פון די דײַטשישע אַרבעטנדיקע — די דײַטשישע שפּראַך אין היטלערס הענט? מיר ווייסן, אַז דער דײַטשישער פּראָלעטאַריאַט האָט דורכגעמאַכט אַ גוטע שול, אַ שול פון מאַרקסיזם, און די דײַטשישע שפּראַך האָט אַ גרויסן היסטאָרישן באַטײַט אין דעם זינען, וואָס זי איז געווען איינס פון יענע געווערן, וואָס מיט זײַן הילף האָט מען פּראָפּאַגאַנדירט און מע פּראָפּאַגאַנדירט די אידייען פונעם מאַרקסיזם. מיר ווייסן, אַז אַף דײַטש איז געשאַפן געוואָרן „קאַפּיטאַל“ פון ק. מאַרקס, דער „קאָמוניסטישער מאַניפעסט“ און אַנדערע ווערק פון די גרונטלייגער פונעם מאַרקסיזם. וויִאַזוי־זשע האָט כ׳ קאַמענשטיין דאָס געקענט פאַרגעסן און פאַר שרעק איבערגעבן די דעראָבער־

דוגגען פון די דײַטשישע אַרבעטנדיקע — די דײַטשישע שפּראַך — אין די הענט פונעם היטלעריזם?

צוליב וואָס ער טוט דאָס איז פאַרשטענדלעך כאָטש פון דעם, וואָס ער וויל טאָן מיט דער גראַמאַטיק.

„מע דאַרף אין די סובסטאַנטיוון, וואָס באַטײַטן אַ מענטשן, וועלכער פאַרנעמט זיך מיט אַ באַשטימטער טעטיקײַט (?) אָדער וואָס פאַרמאָגט באַשטימטע אייגנשאַפטן, פאַרבײַטן די דײַטשישע ענדונג „לער" (שפּײַזלער, ווירטשאַפטלער, שפּראַכלער א. א.) אַף דער סלאַווישער ענדונג „ניק" (שפּײַזניק, ווירטשאַפטניק, שפּראַכניק א. א.).

פולשטענדיק קלאָר, אַז כ' קאַמענשטיין וויל אַרײַנטראָגן אַזעלכע קלאָלים אין דער ייִדישער גראַמאַטיק, קעדיי אוטאָמאַטיש צו דערנעענטערן אַ רײ טערמינען צו דער רוסישער שפּראַך, קעדיי אַריבערצופירן די אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער שפּראַך אַפן וועג פון רוסיפיקאַציע.

מיר ווייסן, אַז דער פּראָצעס פון אַסימילאַציע פון שפּראַכן — דאָס איז אַ לאַנגער היסטאָרישער פּראָצעס, און אַז יענער, וואָס פּרוּווט זיך אוטאָמאַטיש צוגיין צו דער דאָזיקער פראַגע, וואָס פּרוּווט זיך קינסטלעך צו פאַרגיכערן דעם דאָזיקן פּראָצעס, דער האַנדלט, ווי אַ פײַנט. כ' קאַמענשטיין אָבער, ווי מיר זעען, שטעלט זיך אַפן דאָזיקן וועג, און דעם פּראָצעס, וואָס האָט אַ היסטאָרישן כאַראַקטער, וויל ער אַריבערפירן אַפן וועג פון אוטאָמאַטישער רוסיפיקאַציע.

פונקט אַזוי לייגט כ' קאַמענשטיין פאָר:

„די דײַטשישע ענדונגען פון די אַדיעקטיוון — „אַלע" (צענטראַלע, סאָציאַלע, נאַציאָנאַלע א. ד. גל.), „עלע" (אינדוסטריעלע, קולטורעלע, אָרגאַניזאַציאָנעלע, ספּעציעלע א. ד. גל.) פאַרבײַטן אַף דער סלאַווישער ענדונג „אַלנע" (צענטראַלנע, נאַציאָנאַלנע, סאָציאַלנע) אָדער „נע" (אָרגאַניזאַציאָנע, קולטורנע, דעפּיציטנע)"...

ער לייגט פאָר באַנוצן „די סלאַוויזירטע ענדונג „ע" אין אַ רײ סובסטאַנטיוון, וואָס ענדיקן זיך אַף דײַטש אָן אַ „ע", ווי: פאָרמע, רעפאָרמע, פּראָבלעמע, סיסטעמע, פּראָגראַמע, אידייע, דיאַגראַמע א. אַנד.

אָנשטאָט דער דײַטשישער ענדונג „ענץ" — באַנוצן די סלאַוויזירטע ענדונג „ענציע": קאָרעספּאָנדענציע, אינטערווענציע, קאָנקורענציע, טענדענציע א. אז. וו.

אין ערגסטן פאַל קען מען כ' קאַמענשטיינען באַשולדיקן אין „סלאַוויאַנאָפילסטווע" (כ' קאַמענשטיין: — דאָס איז זייער אָריגינעל), — דאָס איז זייער פּאָרזיכטיק, אָבער ניט אָריגינעל! (געלעכטער, אַפּלאָדיסמענטן).

כ' קאַמענשטיין זאָגט ניט אין זײַנע טעזיסן, וועלכע פון די סלאַווישע ווערטער מיינט ער דאָ, אָבער די טענדענץ, וואָס זײַנען פאַראַן אין כ' קאַמענשטיינס טעזיסן, זאָגן קלאָר, אַז דאָס זײַנען טענדענצן רוסיפיקאַטאָרישע. דאָס איז שוין ניט „אָריגינעל", נאָר פּינקטלעך.

מע דאַרף נאָך אונטערשטרײַכן, אַז מע טאָר ניט מעכאַניש צוגיין צו די געשעענישן, וואָס האָבן זיך פאַנאַנדערגעוויקלט אַפן שפּראַכפראָנט. מע דאַרף פירן אַ פאַראַקשנטן קאַמף קעגן די ניט נײַמיקע גערמאַניזמען, וואָס פאַרשווערן די פאַרשטענדלעכקײַט פון דער ייִדישער שפּראַך פאַר די ייִדישע מאַסן. אין דער וועלביקער

צײַט אָבער טאָר מענ ניט אװטאָמאטיש אײַנפירנ אינ דער ייִדישער שפּראַכ קײנ סלאװישע ענדונגענ אונ אזױארום רוסיפיצירנ, סלאװיזירנ די ייִדישע שפּראַכ.

דער איניענ באגרענעצט זיכ דאָ ניט בלױז מיט ענדונגענ, װאָרעמ כ׳ קאמענשטײנ לײגט פאָר אינ זײַנע טעזיסנ צו פארבײַטנ אסאכ טערמינענ, װאָס װערנ גענוצט אינ דער ייִדישער שפּראַכ. אזױ זאָגט ער, אז מע דארפ נוצנ „װעסנע" אָנשטאָט „פרילינג", „אָסענ" אָנשטאָט „הארבסט", „סודיא" אָנשטאָט „ריכטער", „סוד" אָנשטאָט „געריכט" א. אנד. ער ברענגט זײער פיל טערמינענ, װאָס מע דארפ זײ פארבײַטנ אפ רוסישע, אונ צומ סאָפ שטעלט ער נאָכ צו „א. אז. װ., א. ד. גל".

דאָס באטײַט, װײַזט אויס, אז ער זעצט פאָר די דאָזיקע איבונגענ אָנ א סאָפ.

ס׳איז פולשטענדיק קלאָר, אז כ׳ קאמענשטײנס פּאָזיציעס האָבנ אנ אויסגעשפּראָכענעמ רוסיפיקאטערישנ כאראקטער אונ זײַנענ א רעזולטאט פונ ניט גלײבנ אינ די מעגלעכקײַטנ װײַטער צו אנטװיקלענ די ייִדישע שפּראַכ, די ייִדישע קולטור, — א רעזולטאט פונ ניט פארשטײנ די לעניניש נאציאָנאלע פּאָליטיק אונ די אײַנשטעלונגענ אינ אָט דער פראגע, װאָס עס האָט געגעבנ כ׳ סטאלינ.

דעמ כ׳ קאמענשטײנס טעזיסנ זײַנענ שעדלעכע אונ מע דארפ זײ פולשטענדיק אָפּװארפנ, אונ כ׳ קאמענשטײנ דארפ װי געהעריק דורכטראכטנ דאָס, װאָס ער האָט פאָרגעלײגט, אונ עפנטלעכ אנערקענענ די שעדלעכקײַט פונ זײַנע פאָרשלאָגנ אונ דערקלערנ אונדזער גאנצער פּראָלעטארישער געזעלשאפטלעכקײַט: „איכ בינ שולדיק, נאָר איכ פארדינ א לײַכטערע שטראָפ" (א פ ל אָ ד י ס מ ע נ ט נ).

מע דארפ אויכ זאָגנ עטלעכע װערטער װעגנ די טעזיסנ פונעמ אינסטיטוט פאר ייִדישער פּראָלעטארישער קולטור, װאָרעמ אויכ דאָרט זײַנענ פאראנ א רײ ניט ריכטיקע אונ ניט פולשטענדיק פּינקטלעכ פאָרמולירטע געדאנקענ.

אינ די טעזיסנ זײַנענ פאראנ אזעלכע װערטער:

„די ברידערלעכע צוזאמענלעבונג אונ מיטארבעטשאפט פונ די ארבעטנדיקע פונ פארשײדענע פעלקער אינ פסרר דריקט זיכ אויס ניט בלױז דערינ, װאָס די סאָװעטישע קולטור האָט א געמײנזאמענ אינהאלט אינ אלע שפּראַכנ אונ װאָס דער דאָזיקער אינהאלט האָט אנ אינטערנאציאָנאלנ כאראקטער. די דאָזיקע ברידערלעכע צוזאמענלעבונג דריקט זיכ אויס אויכ דערינ, װאָס די פארשײדענע סאָװעטישע שפּראַכנ גײענ אינ דער ריכטונג פונ אלצ מער צו דערנעענטערנ זיכ צװישנ זיכ סײַ אינ זינ פונ לעקסישנ מאטעריאל (לעקסיק, װאָרטבילדונג אונ פראזעאָלאָגיע), אזױ אויכ אינ זינ פונ בויענ זאצנ אונ פונ סטיל".

אזױ װערט צומ סאָפ פונעמ דאָזיקנ טעזיס געשטעלט די אויפגאבע צו פירנ אינ דער בויונג פונ דער ייִדישער שפּראַכ אזא ליניע, קעדײ צו זיכערנ אנ אלצ גרעסערע אײניקײַט אינעמ בויענ דעמ זאצ פונ דער ייִדישער שפּראַכ מיט דער אוקראַיִנישער שפּראַכ, צי מיט דער רוסישער, אונ אזױארום מאכנ צונישט אײנע פונ די דאָזיקע שפּראַכנ. מיט דעמ דאָזיקנ טײל פונעמ טעזיס קענ מענ בעשומויפנ ניט אײַנשטימענ, אינ אזא פאָרמולירונג איז זי אבסאָליוט ניט פארשטענדלעכ. דאָ קענענ ארויפשװימענ אזעלכע געדאנקענ, אז אויב מע דארפ, קלוימערשט, נעמענ א ליניע אפ דער אײנהײַטלעכקײַט פונעמ בויענ זאצנ אונ סטיל, איז דארפ מענ דעמ זאצ אונ סטיל פונ ייִדיש בויענ אזױ, אז עס זאָל ניט זײַנ קײנ אונטערשײד צװישנ ייִדיש אונ אוקראַיִניש אָדער אנדערע שפּראַכנ. מיר קענענ ניט בויענ די ייִדישע פראזע פונקט

אזוי, ווי די רוסישע אָדער אוקראַינישע. מיר טאָרנ ניט אויסמײַדנ די ספּעציפישקײַט פונ יעדער שפּראַכ. מיר דארפנ קעמפנ דערפאַר, אז עס זאָלנ ניט געשטעלט ווערנ קײנ קינסטלעכע באַריערנ, אָבער מיר דארפנ טאָנ אלצ, קעדיי צו געבנ א מעגלעכקײַט יעדער שפּראַכ צו אנטוויקלענ זיכ אונ צו וואקסנ אפ דער באַזע פונ יענע שפּראַכ־יעסוידעס, וואָס זײַנענ פאַראַנ בײַ א יעדנ פאָלק. דעמ דאָזיקנ טײל טעזיס פונ'עמ אינסטיטוט פאַר יידישער פּראָלעטאַרישער קולטור דאַרפ מענ אויסבעסערנ, וואָרעמ דער דאָזיקער טעזיס קענ אראָפּפירנ אפ א פאַלשנ וועג אונדזערע פּראַקטישע בוער, רעדאַקטערס א. אנד.

אינ דיזעלביקע טעזיסנ לײענענ מיר:

„דער פאַקט, וואָס אײנע פונ די סאמע קאָנסערוואַטיווע נאַציאָנאַלע פאָרמעס — די שפּראַכ — האָט ניט אויסגעהאַלטנ אונ האָט אָנגעהויבנ באַפרײַענ זיכ פונ דער נאַציאָנאַלער באַגרענעצטקײַט, איז אײנער פונ די בולטסטע אויסדרוקנ פונ'עמ אינטערנאַציאָנאַלנ כאַראַקטער פונ דער גאַנצער ראַטנבויונג".

אז מע זאָל דעמ דאָזיקנ טעזיס איבערזעצנ אפ א מער פאַרשטענדלעכער שפּראַכ, קומט אויס, אז פונ אײנ זײַט ווערט געשטעלט די שפּראַכ, וואָס איז „אײנע פונ די סאמע קאָנסערוואַטיווע נאַציאָנאַלע פאָרמעס", וואָס כוצדעמ האָט זי נאָכ אײנ אײגנשאַפט פונ „נאַציאָנאַלער אָפּגעזונדערטקײַט", אונ פונ דער צווײטער זײַט, שטײט אונדזער ראַטנבויונג, וואָס האָט אַנ אינטערנאַציאָנאַלנ כאַראַקטער אונ פירט אַנ אָנגריפ אפ דער שפּראַכ. אונטערנ דרוק פונ דער ראַטנבויונג, וואָס האָט אַנ אינטערנאַציאָנאַלנ כאַראַקטער, האָט די דאָזיקע „סאמע קאָנסערוואַטיווע" פאָרמ — די שפּראַכ — ניט אויסגעהאַלטנ אונ האָט זיכ אָנגעהויבנ באַפרײַענ פונ דער נאַציאָנאַלער באַגרענעצטקײַט (?!). קענטיק, אז די אוטערס האָבנ אזוי ניט געוואָלט זאָגנ. זיי האָבנ, ווײַזט אויס, געוואָלט זאָגנ, אז אינעמ פּראָצעס פונ דער סאָציאַליסטישער בויונג, אינעמ פּראָצעס פונ צוזאַמענלעבנ פונ די פעלקער אינ די גרענעצנ פונ'עמ ראַטנפאַרבאַנד קומט פאָר א פּראָצעס פונ באַרײַכערנ פאַרשיידענע שפּראַכנ דורכ א קעגנזײַטיקנ לײַענ א צאָל טערמינענ, וואָס זײַענדיק לויט זייער אָפּשטאַמ פונ רוסיש אָדער פונ אַנ אנדער שפּראַכ, האָבנ זיי אָנגעהויבנ געניצט ווערנ סײַ אינ רוסיש, סײַ אינ אוקראַיניש, סײַ אינ יידיש. מע קאָנ דאָכ אָבער ניט אָפּרײַסנ די פאָרמ פונ'עמ אינהאַלט! מע קענ ניט רעדנ וועגנ שפּראַכ, ווי וועגנ א פאָרמ פונ נאַציאָנאַלער באַגרענעצטקײַט, וואָרעמ די אנטוויקלונג פונ דער שפּראַכ פונ יעדער נאַציאָנאַליטעט איז א באַשטאַנדטײל פונ דער קולטור־בויונג, וואָס איז אינ איר רײ א באַשטאַנדטײל פונ דער גאַנצער בויונג פונ'עמ סאָציאַליזמ אינ אונדזער לאַנד. דעריבער איז די פאָרמולירונג, וואָס איז געבראַכט אינ די טעזיסנ, אַבסאָליוט ניט קײנ ריכטיקע.

כ' סטאַלינ האָט אזוי געזאָגט וועגנ דער אנטוויקלונג פונ די נאַציאָנאַלע שפּראַכנ:

„מע דאַרפ די נאַציאָנאַלע קולטורנ לאָזנ אנטוויקלענ זיכ אונ פאַנאַנדערוויקלענ זיכ, אנטפּלעקנדיק אלע זייערע פּאָטענצנ, קעדיי צו שאַפנ באַדינגונגענ אפ צונויפצוגיסנ זיי אינ אײנ געמײנזאַמער קולטור מיט אײנ געמײנזאַמער שפּראַכ. דער צעבלי פונ די קולטורנ — נאַציאָנאַלע לויט דער פאָרמ אונ סאָציאַליסטישע לויטנ אינהאַלט — אינ די באַדינגונגענ פונ דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור אינ אײנ לאַנד, קעדיי צונויפצוגיסנ זיי אינ אײנ געמײנזאַמער סאָציאַליסטישער (סײַ לויט דער פאָרמ, סײַ לויטנ אינהאַלט) קולטור מיט אַנ אײנהײַטלעכער געמײנזאַמער שפּראַכ, ווענ

דער פראָלעטאַריאַט וועט זיגן אין דער גאַנצער וועלט און דער סאָציאַליזם וועט אַרײַן אין שטייגער — אין דעם טאָקע באַשטייט די דיאַלעקטישקייט פון דער לענינישער שטעלונג פון דער פראַגע וועגן נאַציאָנאַלער קולטור (סטאַלין, פּאַרטײַ־באַריכט אויפן 16־טן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר).

ווי מיר זעען, האָט כ׳ סטאַלין גערעדט וועגן דעם, אַז מע דאַרף געבן אַ מעגלעכקייט די נאַציאָנאַלע קולטורן צו אַנטוויקלען זיך, אויפהייבן די אַנטוויקלונג פון דער נאַציאָנאַלער שפּראַך, קעדיי צו שאַפן פאַרבאַדינגונגען פאַרן שאַפן אַ געמיינזאַמע קולטור און שפּראַך דעמלט, ווען דער פּראָלעטאַריאַט וועט זיגן אין דער גאַנצער וועלט, און דער סאָציאַליזם וועט אַרײַן אין שטייגער. די דאָזיקע כ׳ סטאַלינס אײַנשטעלונג האָט אויך אַ שײַכעס צו דער ייִדישער שפּראַך פּונקט ווי צו אַנדערע שפּראַכן, און דעריבער קען מען ניט אַנטקעגנשטעלן די פאָרם פון דער שפּראַך צום אינהאַלט, דעריבער קען מען ניט אַנטקעגנשטעלן די אַנטוויקלונג פון דער שפּראַך אַלס באַשטאַנדטייל פון דער קולטור־בויונג — דער סאָציאַליסטישער בויונג, וואָס האָט זיך פאַנאַנדערגעוויקלט אין אונדזער לאַנד.

אין די פראַגעס וועגן דער אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער שפּראַך דאַרפן מיר פירן אַ פאַרביסענעם קאַמף אויף ביידע פראָנטן. קעמפנדיק קעגן די פּרוּוּוון צו רוסיפיצירן די ייִדישע שפּראַך, דאַרף מען אין דער זעלביקער צײַט אָנטשיידן אָפּוואַרפן דאָס פאַרשימלטע אַלטוואַרג, וואָס איז נאָך פאַראַן אין ייִדיש, וואָס שטערט דער ווײַטערער אַנטוויקלונג פון דער שפּראַך, וואָס רײַסט זי אָפּ פון די אַרבעטנדיקע מאַסן, פון די אויפגאַבעס פון דער סאָציאַליסטישער בויונג.

לאָמיר נעמען אַזאַ וואָרט, ווי „גוי“. דאָס וואָרט „גוי“ באַטײַט אַ „פרעמדער“. דאָס וואָרט „שיקסע“ באַטײַט „אַ מיידל“, אָבער ניט קיין ייִדיש, ד. ה. „ניט קיין ריינס“. דעסגלײַכן — דאָס וואָרט „שייגעץ“ — „אַ ייִנגל“ — נאָר ניט קיין ריינער. אַז עס שטאַרבט אַ ייִד, זאָגט מען „געשטאָרבן אַ ייִד“, און ווען עס שטאַרבט איינער, וואָס איז ניט קיין ייִד, זאָגט מען „געפּייגערט אַ גוי“.

די דאָזיקע בײַשפּילן וואָלט מען געקאָנט פאַרמערן. אָבער ס׳איז פולשטענדיק קלאָר, אַז פאַר אַזעלכע טערמינען איז ניטאָ קיין אָרט אין דער ייִדישער פּראָלעטאַרישער שפּראַך. קעגן אָט דעם שאָוויניסטישן מיסט דאַרף מען פירן דעם פאַרביסנסטן קאַמף. איין זאַך איז, ווען עס רעדט זיך וועגן דער אַמאָליקער ליטעראַטור, וועגן די ווערק פון די קלאַסיקער, וווּ מע דאַרף מאַכן די געהעריקע באַמערקונגען א. ד. גל. אָבער ווען עס האַנדלט זיך וועגן אונדזער איצטיקער סאָוועטישער ליטעראַטור, דאַרף מען די דאָזיקע ווערטער אַפילו גענומענע אין גענדזנפיסלעך אויסמײַדן, ווײַל זיי פאַרמיסטיקן די שפּראַך, זיי שלעפּן זי צוריק צו די אַלטע צײַטן. קלאָר, אַז דאָס דאַרף מען ניט פאַרשטיין, ווי אַ ליקווידאַציע, פאַרניכטונג פון אַלע יענע העברעיִשע טערמינען, וואָס זײַנען שוין געוואָרן אַ באַשטאַנדטייל פון ייִדיש.

מיר וועלן אויך ברענגען אַ רײ בײַשפּילן פון ליטעראַרישער אויספאָרמירונג, באַזונדערע זאַצן אין אונדזער איצטיקער ייִדישער ליטעראַטור.

אָט, אַ שטייגער, אין דאָקטער זשיטלאָווסקיס אַרטיקל „דער פּראָלעטאַריאַט“, וואָס אין דעם רעדט זיך וועגן דער היסטאָרישער ראָליע פונעם פּראָלעטאַריאַט, ווערט געשטעלט אויך די פראַגע: „ווער דאַרף זײַן דער אָנטשיידער אין דער דאָזיקער פראַגע“? אינעם ייִדישן אָריגינאַל שטייט אָבער: „ווער זאָל זײַן דער מורה הוראָה

אין דער שפּײַלע". קומט אויס, אז דאָ רעדט זיך פון א ראָוו, וואָס באַבקנט א שפּײַלע, און אזויאַרום ווערט דערוף געשטעלט דער שטעמפּל פון קלעריקאַליזם, ווײַל מוירע־הויראָע און שפּײַלע איז גענומען פון דער ראַבאָנישער פּראַקטיק.

אין דעם דאָזיקן אַרטיקל איז דאָ אויך אזא שטעל: „צי איז דאָס דערלאָזבאַר פונעם שטאַנדפּונקט פונעם פּראָלעטאַריאַט", אינעם יידישן אָריגינאַל אָבער שטייט: „איז קאָשער אַלפּי שטאַנדפּונקט פון דעם פּראָלעטאַריאַט". קעדיי צו דערווײַזן ווײַטער, אז די אָרטאָדאָקסאַלע מאַרקסיסטן האָבן געפירט א קאַמף קעגן די רעוויזיאָניסטן פאַר דער ריינקײַט פון די מאַרקסיסטישע אידייען, שרײַבט דער אַוטער: „איך רעד שוין ניט וועגן די אָנהענגער פון בײס־שאַמײַ און די אָנהענגער פון בײס־הילעל אינעם מאַרקסיזם". שאַמײַ און הילעל זײַנען געווען פּאַרצײַטיקע הייליקע לײַט, שאַמײַ איז, ווי באַוווּסט, געווען שטרענגער, און הילעל איז געווען „א ליבעראַל".

מיר וועלן נעמען די צײַטונג „דער שטערן". אין איינעם פון די נומערן, ווו עס רעדט זיך וועגן דעם, אז די קאָלווירטניקעס האָבן אײַנגעאָרדנט א סימכע, ווערט געזאָגט... „קעיאַד האַמעלעכ", ד. ה. אַפ א קייסערלעכן אופן. אין דער זעלביקער צײַטונג „דער שטערן" ווערט דער געדאַנק, אז דער פּראָלעטאַריאַט איז דער באַגרעבער פון דער בורזשואַזיע אויסגעדריקט מיטן וואָרט „ראַבאָנען קאַדעש", ד. ה., אז דער פּראָלעטאַריאַט זאָגט קאַדיש נאָך דער בורזשואַזיע.

אין א ריי ערטער טרעפן זיך אויך אַזעלכע טערמינען, וואָס זײַנען שוין לאַנג ווידירט געוואָרן אין דער ליטעראַטור. אַזעלכע טערמינען, ווי „סיעם", וואָס איז איצט פאַרביטן געוואָרן אַפ „אַרויסלאָז". ווי באַוווּסט, באַטײַט דאָס וואָרט „סיעם" א יאָנטעוו, וואָס מע האָט אַמאָליקע צײַטן אײַנגעאָרדנט נאָכן פאַרענדיקן דאָס לייענען די רעליגיעזע טראַקטאַטן. און אָט דאַרף מען זיך פאָרשטעלן, ווי עס וועט אויסזען, ווען מיר זאָלן מיטן וואָרט „סיעם" באַצייכענען א יאָנטעוו צוליבן אַרויסלאָזן די קורסאַנטן פון א פּאַרטיי־שול? דאָס וואָלט באַטײַט פאַרקריפּלען דעם אינהאַלט פון אונדזער סאָציאַליסטישער פּראָלעטאַרישער ווירקלעכקײַט. עס טרעפן זיך, אַשטייגער, אַזוינע פאַלן, ווען אזא פּראָזע, ווי „אומזיסט געפּאַטערטע אַרבעט", גיט מען איבער מיט „א בראָכע לעוואַטאָלע"...

ניט לאַנג צוריק האָט דער שרײַבער אָרליאַנד אין זײַן בוך „הרעבליעס" געשריבן: „איר קערפּער איז ווי פאַרמעסט, אַפ וועלכן מע שרײַבט טוירעס". ער האָט, ווײַזט אויס, געוואָלט איבערגעבן א בילד פון א פרויען־קערפּער, צוליב דעם האָט ער געגעבן אזא „קינסטלעריש" בילד. קלאָר, און כ' אָרליאַנד אַליין פאַרשטייט עס, אז חאָס פאַר א קערפּער דאָס זאָל ניט זײַן, איז עס אַלץ ניט ענלעך אַפ פאַרמעסט, אַפ וועלכן מע שרײַבט טוירעס, און ווען דאָס זאָל ווירקלעך אַזוי זײַן, וואָלט כ' אָרליאַנד דער ערשטער אופגעהערט שרײַבן וועגן אזא קערפּער (געלעכטער).

מע קען אויך רעדן וועגן דעם, וואָס דער כ' בערגעלסאָן האָט זײַן ראָמאַן פּ"ין בירגערקריג אָנגערופן „מידאַס האַדינ", ד. ה. די „שטראָפנדיקע האַנט". ווי באַוווּסט, איז פאַראַן אזא טפילע, וואָס פרומע יידן זאָגן זי אין יאָמקיפּער. זיי בעטן גאָט, אז ער זאָל זיי אין טאָג פון פּאָרכטיקן מישפּעט ניט שטראָפן מיטן מידאַס־האַדינ", מיט דער שטראָפנדיקער האַנט. קלאָר, אז דער דאָזיקער נאָמען פונעם ראָמאַן, ניט געקוקט אַפ דער טעמאַטיק, רופט אַרויס אַן אַנטשפּרעכיקע רעליגיעזע

אסאָציִאציע און בינדט אין א גרויסער מאָס דעם אויטער אין פּראט פון באווייזן די געשעענישן און די געהעריקע בילדער.

פירנדיק אן אקשאָנעסדיקן קאמף קעגן די „לינקאטשעס", וואָס באהאלטן זיך אונטער דער פאָן פון שאפן די נאציאָנאלע שפּראך און אין טאָכ שטייען זיי אפ פּאָזיציעס פון ליקווידירן די יידישע שפּראך, שטערן די פּראָלעטארישע מאסן און דער פּארטיי דורכצופירן די לעגינישע נאציאָנאלע פּאָליטיק, דארפן מיר אין דער זעלביקער צייט קעמפן קעגן די עלעמענטן פון קלעריקאליזם, קעגן די אלטע העברייִסטישע עלעמענטן, וואָס האָבן שוין לאנג אָפּגעלעבט און פּארמיסטיקן בלויז די יידישע שפּראך, וואָס גיבן א מעגלעכקייט די יידישע נאציאָנאליסטיש-ציוניסטישע עלעמענטן צו פּארפינצטערן געוויסע שיכטן פון דער יידישער באפעלקערונג.

דאָ ניט לאנג צוריק איז אין דער ניו-יאָרקער צייטונג „דער טאָג" געווען אָפּגעדרוקט ניגערס אן ארטיקל וועגן די געשעענישן, וואָס קומען פאָר אין ראטנפּארבאנד אפן יידישן שפּראכפראָנט.

ווענדנדיק זיך צו די שרייבער, שרייבט ניגער:

„דאָ גייט אָבער ניט אין שפּראך — זאָלן זיי אופהערן דענקען אפ רוסיש, זאָלן זיי אָנהייבן דענקען זעלבשטענדיק".

ס'איז ניט שווער צו פּארשטיין, וואָס עס איז דאָ אויסן דער יידישער נאציאָנאליסט ניגער. ער לייגט פאָר אופצוהערן דענקען „אפ רוסיש", דאָס הייסט, אזויווי עס דענקען די רוסישע פּראָלעטאריער, די רוסישע ארבעטנדיקע מאסן, וואָס בויען איניינעם אין א ברידערלעכן בונד מיט די איבעריקע נאציאָנאליטעטן דעם סאָציאליזם. ער לייגט פאָר דענקען „זעלבשטענדיק", ד. ה. אפ א שאָוויניסטישן, אפ א ציוניסטישן אופן. מיר קענען ענטפערן די דאָזיקע ניגערס, אז אונדזערע געדאנקען, די געדאנקען פון די פילמיליאָניקע ארבעטנדיקע מאסן זיינען אזעלכע מעכטיקע, איינהייטלעכע, ניט-אָפּטיילבארע, אז קיינשום הערן שאָוויניסטן, ציוניסטן וועט זיך ניט איינגעבן אָפּצווענדן אונדזערע געדאנקען אפ זייער וועג, אפן וועג, וואָס איז פיינטלעך דער פּראָלעטארישער זאך (א פ ל אָ ד י ס מ ע נ ט ן). מיר קענען זאָגן די דאָזיקע ניגערס, אז עס וועט קומען א צייט, ווען זיי, פּונקט ווי די קאָנטררעוואָליוציאָנערע נאציאָנאליסטישע עלעמענטן, וואָס גרייטן קעגן אונדז אין אויסלאנד אן אינטערווענץ, וועלן ניט האָבן אין ערגעץ אין דער וועלט קיין אָרט פאר זיך. עס וועט קומען אזא צייט, ווען די פּראָלעטאריער פון דער גאנצער וועלט וועלן אראָפּווארפן די מאכט פון קאפּיטאל און וועלן אפ דער גאנצער וועלט איינשטעלן זייער דיקטאטור, ווען די יידישע ארבעטנדיקע מאסן וועלן ניט בלויז אפ דער טעריטאָריע פונעם געוועזענעם צארישן רוסלאנד, ווי עס פלאטערט איצט זיגרייך די רויטע פאָן פון די ראטן-רעפּובליקן, נאָר אויך אין אויסלאנד, וועלן לייענען די יידישע ליטעראטור, נוצן דאָס יידישע וואָרט, ווי זייער אייגנס, פאר וועלכן זיי האָבן געקעמפט און זיי קעמפן, און מיט וועלכן זיי וועלן זיך באנוצן אין יענער סאָציאליסטישער בויונג, וואָס וועט זיך פאנאנדערוויקלען איבער דער גאנצער וועלט.

אונטערפירנדיק סאכאקלען, דארף מען זאָגן, אז מיר דארפן אין דער ערשטער ריי טאָן אלצדינג, קעדיי צו ליקווידירן די ניטצונויפגערעדטקייט, וואָס עס איז נאָך פאראן אין דער יידישער ליטעראטור. מע דארף מאכן א סאָך צו אָט דער פּארטי-

זאגשטשינע, וואָס איז נאָך פאראנן אין דער ייִדישער טערמינאָלאָגיע, ווען יעדער איינער מיינט, אז ער קען ווערן א געזעצגעבער אין די פראגעס פון דער ייִדישער שפראך (אפלאָדיסמענטן).

די פראגעס פון דער בויונג, פון דער ווײַטערדיקער אנטוויקלונג פון דער ייִדישער שפראך מוזן מיר אופהייבן אף אָן אנ ערעך העכערער שטופע, אופהייבן זי, ווי א גרויסע קולטור־פּאָליטישע אופגאבע. די דאָזיקע אופגאבע קאָן פארווירקלעכט ווערן בלויז אינעם ראטנפארבאנד, ווו אף דער באזע פון דער זיגרײַכער סאָציאַליסטישער בויונג וואקסן און אנטוויקלען זיך די קולטורן פון די נאציאָנאלע מינדערהײַטן, קולטורן נאציאָנאלע לויט דער פאָרם און סאָציאַליסטישע לויטן אינהאלט.

די דאָזיקע אופגאבעס קענען פארווירקלעכט ווערן אפן גרונט פון אקשאָנעסדיקן קאמף אף ביידע פראָנטן קעגן די אגענטן פון קלאסנקאמף, קעגן די פײַנטלעכע טעאָריעס און טאטן, וואָס זײַנען געווענדעט אף ארונטערצורײַסן אונדזערע אלוועלט־לעכע היסטאָרישע אופגאבעס, קעדיי אראָפּצופירן די אנטוויקלונג פון דער פּראָלע־טארישער קולטור אף פײַנטלעכע וועגן. מיר דארפן ווענדן א שטארק באָלשעוויסטיש פײַער קעגן דעם גרויסמעלוכישן שאָוויניזם, קלעריקאליזם, קעגן די פארשיידענע אנטפּלעקונגען פון נאציאָנאליזם אין די פראגעס וועגן דער אנטוויקלונג פון דער ייִדישער שפראך, פון דער ייִדישער פּראָלעטארישער קולטור.

מיר האָבן גרויסע דערגרייכונגען אינעם בויען די פּראָלעטארישע קולטור פון די נאציאָנאלע מינדערהײַטן, ווי אויך אין די פראגעס וועגן דער אנטוויקלונג פון דער ייִדישער פּראָלעטארישער קולטור. די דאָזיקע זיגן זײַנען מעגלעך געוואָרן בלויז אדאנק דער לענינישער אָנפירונג פון אונדזער באָלשעוויסטישער פארטיי, אדאנק דער באָלשעוויסטישער דורכפירונג פוג דער לענינישער נאציאָנאלער פּאָליטיק.

אונדזער לאנד איז א מוסטער פון דעם, וועגן וואָס עס האָבן געטרוימט די בעסטע פאָרשטייער פון די ארבעטנדיקע פון דער גאנצער וועלט. אונדזער גרויס, מעכטיק סאָציאַליסטיש לאנד איז אן אומבאזיגבארע פעסטונג פונעם אלוועלטלעכן פּראָלעטאריאט, פול מיט אָנגעשטרענגטן קאמף, פול מיט מעכטיקע קלאנגען פון זיג פון דער גרויסער ארבעט. אין די הערצער, אינעם באוווסטזײַן פון די מיליאָניקע ארבעטנדיקע מאסן, וואָס בויען אין ברידערלעכן בונד מיט אלע נאציאָנאליטעטן פונעם ראטנפארבאנד דעם סאָציאַליזם, פלאקערט אן אומבאזיגבאר פײַער פון דער לעני־ניש־סטאלינישער לערע, וואָס ווייסט ניט קיין דורכפאלן, וואָס פירט פון זיג צו זיג. און אין דער דאָזיקער מעכטיקער סאָציאַליסטישער בויונג, אין דער מעכטיקער אנטוויקלונג פון די נאציאָנאלע פּראָלעטארישע קולטורן מוז די ייִדישע פּראָלעטארישע קולטור, שפראך אופגעהויבן ווערן נאָך אף א העכערער שטופע, ווי אן אופגאבע פון קאָמוניס־טישן דערציִען די ייִדישע ארבעטנדיקע מאסן (שטורמישע אפלאָדיסמענטן).

---

ה. ווערבער

# אונטער דער אָנפירונג פונעמ כאווער סטאלינ

## וועגנ די „יעסוידעס פונ לעניניזמ"

I

אינ אפרעל האיאָר איז געוואָרנ 10 יאָר זינט ס'איז דערשינענ כ' סטאלינס ווערק „יעסוידעס פונ לעניניזמ". דאָס דאָזיקע ווערק פונעמ כ' סטאלינ געהער צו די סאמע מערקווירדיקסטע, באַדײַטנדיקסטע אונ סאמע פארשפרייטסטע ווערק אינ דער געשיכטע פונ דער רעוואָליוציאָנערער ליטעראטור ביכלאל אונ אינ דער געשיכטע פונ דער מארקסיסטישער ליטעראטור ביפראט.

לויט זײַנ אינהאלטסרײַכקײַט, לויט דער ראָליע, וואָס עס האָט אָפּגעשפּילט אינ דער געשיכטע פונ דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע, שטייט דאָס ווערק „יעסוידעס פונ לעניניזמ" אינ איינ ריי מיטנ „קאָמוניסטישנ מאניפעסט" פונ מארקס אונ ענגעלס, „וואָס טאָנ", „אימפּעריאליזמ, אלס נײַסטער עטאפּ פונ קאפּיטאליזמ" אונ „מעלוכע אונ רעוואָליוציע" פונ לענינענ. די „יעסוידעס פונ לעניניזמ" געהערנ צו ווירקלעכ עפּאָכעמאכנדיקע ווערק.

די „יעסוידעס פונ לעניניזמ" זײַנענ דערשינענ אינ א פּאָר כאדאָשימ נאָכ לענינס טויט, ווענ ס'איז נאָכ ניט אנטשוויגנ געוואָרנ דער טרויער־מארש, מיט וועלכנ דער אלוועלטלעכער פּראָלעטאריאט האָט באגלייט זײַנ פירער.

די בורזשואזיע פונ דער גאנצער וועלט האָט איבערגעלעבט א בייזווילִיקע פרייד. די בורזשואזיע איז געווענ איבערצײַגט, אז נאָכנ פארלוסט פונ לענינענ וועט אונדזער פּארטיי ניט אימשטאנד זײַנ צו זיכערנ די ווײַטערדיקע זיגרײַכע אנטוויקלונג פונ דער רעוואָליוציע אונ אז זי וועט ניט קענענ לייזנ יענע קאָלאָסאלע אופגאבעס, וואָס זײַנענ פאר איר געשטאנענ.

אונטער לענינס אָנפירונג האָט אונדזער פּארטיי, שטיצנדיק זיכ אפ די ברייטסטע ארבעטער־אונ פּויערימ־מאסנ, אויסגעקעמפט אונ פּארפּעסטיקט אינ אונדזער לאנד די סאמע פּאָרגעשריטנסטע מעלוכע אינ דער וועלט — די פּראָלעטארישע דיקטאטור, אָבער די דאָזיקע פּאָרגעשריטנסטע אינ דער וועלט מעלוכע האָט זיכ געהאַלטנ אינ אונדזער לאנד אפ זייער אנ אָפּגעשטאנענעמ טעכניש־עקאָנאָמישנ פונדאמענט. האָבנ־דיק איבערגעיאָגט די קאפּיטאליסטישע לענדער אינ פּאָליטישנ זינענ, זײַנענ מיר נאָכ ווײַט אָפּגעשטאנענ פונ זיי לויט דער טעכניק פונ דער אינדוסטריע. לאנג האָלטנ זיכ האָט די ראטנמאכט באַ אזא ווידערשפּרוכ ניט געקאָנט. די פראגע איז געשטאַ־נענ: אַדער — אָדער. דאָס איז ערשטנס. צווייטנס, זיכ באזירנדיק פונ איינ זײַט אפ דער גרויסער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע, וועלכע האָט (ניט געקוקט אפ איר טעכנישער

אָפגעשטאנענקייַט) פארניכטעט די קאפיטאליסטישע עלעמענטן, איז דער ראטנמאכט, פון דער אנדערער זייַט, נאָכ אויסגעקומענ אינ דאָרפ אָנצושפארנ זיכ אפ דער קליינער פויערשער ווירטשאפט, וואָס האָט געבוירנ קאפיטאליסטישע עלעמענטנ. דאָס איז אויכ געווענ אזא ווידערשפרוכ, בא וועלכנ גאָר לאנג האָט זיכ די ראטנמאכט ניט געקענט האלטנ. די פראגע איז אויכ דאָ געשטאנענ: אָדער — אָדער.

קעדיי צו לייזנ די דאָזיקע ווידערשפרוכנ אונ דערמיט אליינ דערפירנ דעמ זיג פונ דער רעוואָליוציע ביזנ סאָפ, איז געווענ איינ אויסוועג:

„מאכנ אנ איבערגאנג פונ דער הייַנטיקער (געשריבנ אינ 1925 יאָר. — ה. וו.) עקאָנאָמיק, וועלכע מע קאָנ ניט אָנרופנ אינגאנצנ סאָציִאליסטישע, צו אנ עקאָנאָמיק א סאָציִאליסטישער, צו יענער עקאָנאָמיק, וואָס דארפ דינענ אלס מאטעריעלער יעסאָד פונ דער סאָציִאליסטישער געזעל־שאפט“ (ס ט א ל י נ).

די בורזשואזיִע פונ דער גאנצער וועלט איז געווענ זיכער, אז מיט אייגענע קויכעס אונ אָנ לענינענ וועט אונדזער רעוואָליוציע ניט קאָנענ אויספילנ די דאָזיקע סאמע שווערסטע אופגאבע אירע.

אָפשפיגלענדיק דעמ דרוק פונ דער בורזשואזיִע, האָבנ אינעווייניק אינ דער פארטיי גופע אופגעהויבנ דעמ קאמפ די קליינבירגערלעכע אָפּנויגנ — די טראָצקיסטנ אונ אנדערע, — וואָס האָבנ געשטרעבט צו פארבייַטנ דאָס אויסגעפרווטע טעאָרעטישע געווער פונ אונדזער פארטיי — דעמ מארקסיזמ־לעניניזמ — אפ אנדערע, אנטיפראָלע־טארישע טעאָריעס, קעגנ וועלכע לענינ האָט זייַנ גאנצ לעבנ געקעמפט. אָפהיטנ די ריינקייַט פונ דער מארקס־לענינישער טעאָריע, ניט אָפּווייַכנ אפ קיינ האָר פונ לע־נינס וועג, ניט אָפשוואכנ די לענינישע פעסטקייַט פונ אונדזער פארטיי — אָט דאָס איז די פאָרהאנאָכע, אָנ וועלכער ס'האָט קיינ רייד ניט געקאָנט זייַנ וועגנ אויס־פילנ די אויבנאָנגעוויזענע אופגאבעס.

„די לענינישע פעסטקייַט אינ דער זאכ פונ דורכפירנ די אָרדנטלעכע אופגאבעס פונעמ פראָלע־טאריאט, — האָט געשריבנ דער כ' סטאלינ אינ 1925 יאָר צומ 8 יאָרטאָג פונ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע, — איז אויכ איינע פונ די גויטווענדיקסטע באדינגונגענ פונעמ זיג פונ דער סאָציִא־ליסטישער בויונג“.

די גרויסקייַט פונ דעמ ווערק „יעסוידעס פונ לעניניזמ“ באשטייט טאקע אינ דעמ, וואָס מיט דעמ דאָזיקנ ווערק האָט דער כ' סטאלינ געגעבנ אינ די הענט פונ דער פארטיי א מעכטיק טעאָרעטיש געווער אפ צו פארטיידיקנ די לענינישע יערושע אינ קאמפ מיט די אָפענע אונ פארבאהאלטענע סאָנים פונ לעניניזמ.

## II

אינ די „יעסוידעס פונ לעניניזמ“ האָט זיכ דער כ' סטאלינ ארויסגעוויזנ, ווי דער איבערגעגעבנסטער שילער פונ לענינענ, ווי דער גרעסטער נאָכפאָלגער זייַנער, ענדלעכ אלס דער, וואָס האָט אמטיפסטנ באנומענ אונ באהערשט די אומויסשעפבארע רייַכקייַט פונ דער לענינישער יערושע. די גרויסקייַט פונעמ כ' סטאלינ, אלס מייַסטער פונ מארקסיזמ־לעניניזמ, אנטפלעקט זיכ אינ דעמ דאָזיקנ ווערק שוינ אינ דער פאָר־מולירונג וועגנ דעמ, וואָס איז אזוינס לעניניזמ, וואָס שטעלט מיט זיכ פאָר דער לענינישער עטאפ פונ מארקסיזמ.

„לעניניזמ, — זאָגט דאָרט דער כ׳ סטאַלינ, — דאָס איז מאַרקסיזמ פונ דער עפּאָכע פונ אימפּעריאַליזמ אונ פונ פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע״.

אינ דער דאָזיקער איינציק ריכטיקער אונ געניאַל־פּראָסטער פאָרמולירונג ווײַזט דער כ׳ סטאַלינ אָנ אי אפ דער אידענטישקײַט פונ לעניניזמ מיט מאַרקסיזמ, אי אפ זײַנ באַזונדערקײַט.

צוערשט ווערט דאָ אָנגעוויזנ, אַז „לעניניזמ דאָס איז מאַרקסיזמ״. מיט דעמ דאָזיקנ טייל פונ זײַנ פאָרמולירונג קעמפט דער כ׳ סטאַלינ קעגנ יענע וואולגאַריזאַטערס, וואָס האָבנ געוואָלט אָפּרײַסנ דעמ לעניניזמ פונ מאַרקסיזמ. קעגנ אָט די דאָזיקע וואולגאַריזאַטערס וואָרנט דאָ דער כ׳ סטאַלינ, אַז אָנ מאַרקסיזמ איז אויכ ניטאָ קיינ לעניניזמ, ווײַל „לענינ איז א מאַרקסיסט אונ דער יעסאָד פונ זײַנ וועלטאָנשויונג איז, פאַרשטייט זיכ, דער מאַרקסיזמ״ (סטאַלינ).

אָבער באַגלײַכ דערמיט ווײַזט דער כ׳ סטאַלינ אָנ אינ זײַנ פאָרמולירונג, אַז לעניניזמ איז ניט קיינ פּאַשעטע אופשטעלונג, ניט קיינ פּאַשעטע איבערכאַזערונג פונ מאַרקסיזמ, נאָר מאַרקסיזמ פונ א נײַער עפּאָכע, פונ דער עפּאָכע פונ אימפּעריאַליזמ אונ פונ פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע. מיט דעמ דאָזיקנ טייל פונ זײַנ פאָרמולירונג קעמפט דער כ׳ סטאַלינ קעגנ יענע דאָגמאַטיקער פונ מאַרקסיזמ (ריאַזאַנאָוו, לעמאַשל), וואָס האָבנ געוואָלט אָפּלייקענענ די ווײַטערדיקע אַנטוויקלונג פונ מאַרקסיזמ בא לענינענ. קעגנ די דאָזיקע דאָגמאַטיקער וואָרנט דער כ׳ סטאַלינ, אַז אינ דער עפּאָכע פונ אימפּעריאַליזמ אונ פּראָלעטאַרישע רעוואָליוציעס איז דער מאַרקסיזמ אויסער לענינענ, אָנ דעמ, מיט וואָס לענינ האָט באַרײַכערט דעמ מאַרקסיזמ, שוינ ניט קיינ פולער, ניט קיינ ווירקלעכער, גאָר געפעלשטער מאַרקסיזמ, ווײַל

„לענינ האָט ניט נאָר אופגעלעבט דעמ מאַרקסיזמ, נאָר ער האָט געמאַכט א שריט פאָרויס, אַנטוויקלענדיק דעמ מאַרקסיזמ ווײַטער אינ די נײַע באַדינגונגענ פונ קאַפּיטאַליזמ אונ פונעמ קלאַסנ־קאַמפ פונ פּראָלעטאַריאַט״ (סטאַלינ).

אינ דער דאָזיקער פאָרמולירונג שטרײַכט אויכ דער כ׳ סטאַלינ אונטער דעמ אינטערנאַציאָנאַלנ כאַראַקטער אונ באַדײַטונג פונ לעניניזמ. אינעמ ערשטנ טייל פונ זײַנ פאָרמולירונג — „לעניניזמ איז מאַרקסיזמ״ — ווײַזט דער כ׳ סטאַלינ אָנ, אַז דער אורקוואַל פונ לעניניזמ איז דער זעלבער, וואָס פונ מאַרקסיזמ, ד. ה. די דערפאַרונג פונ דער גאַנצער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג. אינעמ צווייטנ טייל פונ זײַנ פאָרמולירונג ווײַזט דער כ׳ סטאַלינ אָנ, אַז לעניניזמ איז די אָנווענדונג פונ מאַרקסיזמ ניט נאָר צו די באַדינגונגענ פונ איינ לאַנד, פונ רוסלאַנד, נאָר צו די נײַע באַדינגונגענ פונ פּראָלעטאַרישנ קלאַסנקאַמפ אינ דער עפּאָכע פונ אימפּעריאַליזמ אונ פּראָלעטאַרישע רעוואָליוציעס אינ אַלע לענדער, אפ דער גאַנצער וועלט.

מיט דער פאָרמולירונג זײַנער וועגנ טאָכ פונ לעניניזמ קעמפט דער כ׳ סטאַלינ אויכ קעגנ יענע פאַלסיפיקאַטערס (טראָצקי, זינאָוויעוו), וואָס האָבנ געוואָלט דעמ לעניניזמ דערקלערנ פאַר א נאַציאָנאַל־באַגרענעצטער דערשײַנונג, פאַר א דערשײַנונג, פאַר וועלכער עס איז קלומערשט קיינ אָרט ניטאָ אויסער רוסלאַנד. קעגנ די דאָזיקע פאַלסיפיקאַטערס וואָרנט דאָרט דער כ׳ סטאַלינ, ער באַווײַזט, אַז „לעניניזמ איז א דערשײַנונג א אינטערנאַציאָנאַלע, וואָס האָט אירע וואָרצלענ אינ דער גאַנצער אינטערנאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג״.

ווײַטער שטרײַכט אויך דער כ׳ סטאַלין אונטער מיט זײַן פאָרמולירונג, אַז לעני־ניזם איז ניט נאָר אַן אָנווענדונג פון מארקסיזם אין דער פּראַקטיק, ניט קיין פּאַ־שעטע פארווירקלעכונג פון מארקס האַנאָכעס. זאָגנדיק, אַז „לעניניזם איז מארקסיזם פון דער נײַער עפּאָכע", ווײַזט ער דערמיט אָן, אַז לעניניזם איז די ווײַטערדיקע אַנטוויקלונג און פאַרזעצונג פון מארקסיזם אַלס אַן אײנהײַטלעכס גאַנצעס, בײַ וועלכן מע טאָר ניט אָפּרײַסן די טעאָריע פון דער פּראַקטיק און פאַרקערט. מיט זײַן פאָרמולירונג קעמפט דעריבער דער כ׳ סטאַלין אויך קעגן די וואולגאַריזאַטערס און באַוווּסטזיניקע פאַלסיפיקאַטערס (טראָצקי, דעבאָרין), וואָס האָבן געוואָלט דעם לעניניזם דערקלערן פאַר אַ פּרימאַט פון דער פּראַקטיק איבער דער טעאָריע אין דעם זינען, וואָס דער לעניניזם באַציט זיך גאַנץ זאָרגלאָז צו פּראָגעס פון טעאָריע. קעגן די דאָזיקע וואולגאַריזאַטערס און פאַלסיפיקאַטערס וואָרנט דער כ׳ סטאַלין. ער ווײַזט אָן, אַז

„פאַר דעם אַמערסט בוילעטן אויסדרוק פון דער הויכער באַדײַטונג, וואָס לענין האָט צוגעגעבן דער טעאָריע, וואָלט מען באַדאַרפט האַלטן דעם פאַקט, וואָס ניט עמעצער אַנדערש, נאָר לענין האָט זיך גענומען פאַר דער ערנסטער אויפגאַבע צו פאַראַלגעמײנערן לויט דער מאַטעריאַליסטישער פילאָסאָפיע דאָס אַמערסט וויכטיקע פון דעם, וואָס ס׳האָט געגעבן די וויסנשאַפט פאַרן פּעריאָד פון ענגעלסן ביז לענינען, און צו דער אַלזײַטיקער קריטיק פון די אַנטימאַטעריאַליסטישע ריכ־טונגען צווישן די מארקסיסטן".

לעצטנס, שטרײַכט אויך דער כ׳ סטאַלין אונטער מיט זײַן פאָרמולירונג, אַז לעני־ניזם, אַלס נײַער עטאַפּ פון מארקסיזם, שעפּט זיך ניט אויס מיט דער אויסערלעכער פאַרשפּרייטונג פון מארקסיזם אויף נײַע לענדער, נײַע דערשײַנונגען פון לעבן און נײַע צווײַגן פון וויסנשאַפט. מיט זײַן פאָרמולירונג זאָגט דער כ׳ סטאַלין אַז לעניניזם איז די ווײַטערדיקע אַנטוויקלונג פון מארקסיזם, צוגעפּאַסט צו די באַדינגונגען פון דער נײַער עפּאָכע, ד. ה. ניט נאָר וועגן אויסערלעכער פאַרשפּרייטונג פון מארקסיזם רעדט זיך דאָ, נאָר וועגן דער ווײַטערדיקער אַנטוויק־לונג פון זײַן אינערלעכן אינהאַלט, פון זײַן טאָך. מיט זײַן פאָרמולירונג קעמפט דער כ׳ סטאַלין אויך קעגן יענע פאַרפלאַכער פון לעניניזם (בוכאַרין), וואָס האָבן געוואָלט אים אַראָפּפירן צו דער מאַדריגע פון אַ פּאָשעטער פאַרשפּרייטונג פון מארקסיזם אין דער ברייט. קעגן די דאָזיקע פאַרפלאַכער וואָרנט דער כ׳ סטאַלין. ער ווײַזט אָן, אַז

„ס׳וואָלט ניט ריכטיק געווען צו מיינען, אַז לענינס מעטאָד איז אַ פּאָשעטע אויפשטעלונג פון דעם, וואָס ס׳איז געגעבן דורך מארקסן. אינדערעמעסן איז לענינס מעטאָד ניט נאָר קיין אויפ־שטעלונג, נאָר אַ קאָנקרעטיזירונג און ווײַטערדיקע אַנטוויקלונג פונעם קריטישן און רעוואָליו־ציאָנערן מעטאָד פון מארקסן, פון זײַן מאַטעריאַליסטישער דיאַלעקטיק".

אָבער די גרויסקייט פון די „יעסוידעס פון לעניניזם" באַשטייט ניט נאָר אין דעם, וואָס דאָרטן איז צוערשט געגעבן געוואָרן די פאָרמולירונג פון לעניניזם, די סיסטעמאַטיזירונג פון דעם נײַעם און באַזונדערן, וואָס לענין האָט אַרײַנגעטראָגן אינעם אויצער פון מארקסיזם. אין דעם דאָזיקן ווערק גיט דער כ׳ סטאַלין שוין אויך אַ ווײַטערדיקע אַנטוויקלונג, פאַנאַנדערארבעטונג און קאָנ־קרעטיזירונג פון לעניניזם אין אַ רײ וויכטיקע פראַגעס. אין דער פראַגע וועגן פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, וועגן די וועגן פון דער סאָציאַליסטישער בויונג, וועגן

דער פּאַרטיי, וועגן דער סטראַטעגיע און טאַקטיק פון עם פּראָלעטאַרישן קלאַסנקאַמף — אין די אַלע פּראָצעסן, און אין אַ ריי אַנדערע, טראָגט דער כ׳ סטאַלינס אַריַין מיט זיַינע „יעסוידעס פון לעניניזם" ניַיס אין פאַרגליַיך מיט דעם, וואָס ס׳איז געגעבן געוואָרן דורך מאַרקסן און לענינען.

איינער פון די שטריכן, וואָס צייכנט אויס די „יעסוידעס פון לעניניזם", איז דאָס, וואָס קימאַט יעדע האַנאָכע, יעדע באַהויפּטונג ווערט דאָרט באַם כ׳ סטאַלינען באַגלייט מיט אַזעלכע מינים דערווידערונגען: „איינע זאָגן", „די צווייטע זאָגן", „אַנדערע מיינען", „אייניקע האַלטן", „ס׳איז ניט ריכטיק צו מיינען", „דאָס הייסט אָבער ניט" א. אַז. וו. א. אַז. וו. אין די דאָזיקע דערווידערונגען קעגן „אַנאָנימען" וויַיזט זיך אַרויס כ׳ סטאַלינס גרויסקיַיט. אין זיי וויַיזט זיך אַרויס די קראַפט פון זיַין פּאָרויסזען. מיט זיי האָט ער פאַרפריַער אָנגעוויזן דער פּאַרטיי, אין וואָסערע פּראָצעסן און אין וואָסערע ריכטונגען ס׳קאָנען און וועלן זיך באַוויַיזן פּרוּוון צו פאַלסיפיצירן דעם לעניניזם. אינעם פּראָצעס פון עם קאַמף, וואָס אונדזער פּאַרטיי, אונדזער קלאַס, אונדזער לאַנד האָט פּאַר די פאַרגאַנגענע 10 יאָר, זינט ס׳איז דער־שינען די „יעסוידעס פון לעניניזם", דורכגעמאַכט אונטער דער גאָניאַלער אָנפירונג פון עם כ׳ סטאַלינס — אינעם דאָזיקן פּראָצעס האָבן זיך די „אַנאָנימען" אויפגעדעקט. איצט פּאָדערט זיך שוין ניט קיין גרויסע מי צו פאַרבינדן די אַלע „אַנאָנימען" פון כ׳ סטאַלינס ווערק מיט קאָנקרעטע נעמען פון קאָנקרעטע פּערזאָנען און גרופּי־רונגען, וואָס האָבן זיך אין גאַנג פון קאַמף פאַר די צען יאָר געפּרוּווט קעגנשטעלן דעם לעניניזם, וועלכן ס׳האָט פאַרטיידיקט און וויַיטער אַנטוויקלט אונדזער פּאַרטיי־אָנפירונג מיטן כ׳ סטאַלינס אין דער שפּיץ. אָבער אין דעם באַשטייט דאָך טאַקע די גרויסקיַיט פון דעם ווערק „יעסוידעס פון לעניניזם", וואָס אין אים האָט דער כ׳ סטאַלינס אויפגעדעקט דעם פרעמדן טאָך און די געפערלעכקיַיט פון די אַלע אַנטי־לענינישע גרופּירונגען נאָך דאַן, ווען זיי האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן אַרויסוויַיזן, שוין דאַן האָט דער כ׳ סטאַלינס געגרייט און מאָביליזירט די פּאַרטיי און די אַרבעטער־מאַסן צום קאַמף קעגן די דאָזיקע גרופּירונגען.

אין די אַלע אייגנשאַפטן פון דעם דאָזיקן ווערק ליגט די דערקלערונג דערפון, וואָס ניט געקוקט אויף דער אַלץ גרעסערער דערוויַיטערונג אונדזערער פון זיַין דער־שיַינונג־דאַטע, האָט דאָס דאָזיקע ווערק פאַר אונדז אויף יעדן ניַיעם עטאַפּ געאָטעמט, און וועט נאָך אויף לאַנג וויַיטער אָטעמען, מיט טעאָרעטישער פרישקיַיט און פּאָליטי־שער אַקטועלקיַיט. אויף יעדן ניַיעם עטאַפּ האָבן מיר אין דעם דאָזיקן ווערק געפונען, און וועלן נאָך אויף לאַנג וויַיטער געפינען, דערמונטערונג צום קאַמף און זיג.

### III

נאָך די „יעסוידעס פון לעניניזם" זיַינען געקומען אַלץ ניַיע און ניַיע אַרויסטרע־טונגען פון כ׳ סטאַלינס. יעדע ניַיע אַרויסטרעטונג זיַינע איז אַ באַשטימטע דאַטע אין דער געשיכטע פון דער רעוואָלוציע. אויף יעדן ניַיעם עטאַפּ פון דער סאָציאַליסטישער בויונג באַ אונדז אין לאַנד און פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין די קאַפּי־טאַליסטישע לענדער האָט דער כ׳ סטאַלינס מיט זיַינע אַרויסטרעטונגען אָנגעצייכנט די פּראָצעסן, וואָס האָבן זיך אַרויסגערוקט, אָנגעמערקט די ניַיע אויפגאַבעס און די וועגן

אפ צו לייזנ זיי. יעדע ארויסטרעטונג זייַנע האָט ארייַנגעפלאָכטנ א נייַ רינגעלע אינ דער גאָלדענער קייט פונ מארקסיזם־לעניניזם. אינ די דאָזיקע ארויסטרעטונגענ האָט דער כ׳ סטאלינ קאָנקרעטיזירט אונ פאנאנדערגעארבעט דעם פלאנ פונ אויסבויענ סאָציאַליזם אינ אונדזער לאנד.

קעגנ דעם דאָזיקנ פלאנ זייַנענ אָנגעפאלנ די טראָצקיסטנ, די „נייַע אָפּאָזיציע", די רעכטע אָפּאָזיציע, דער רעכט־לינקאטשישער בלאָק (סירצאָוו־לאמינאדזע), די גרופּע ריוטינ־סליעפּקאָוו, די גרופּע אייסמאנ־טאָלמאטשאָוו — אלע האָבנ זיי דעם שארפ פונ זייער קלאפ געווענדעט קעגנ דעם כ׳ סטאלינ, פונקט ווי די מענשעוויקעס (פונ ווע־מענס דאָגמעס די אלע גרופּירונגענ זייַנענ אינ לעצטנ סאכאקל ארויסגעגאנגענ) קעגנ לענינענ אינ פעריאָד פונ קאמפ פאר דער אָרגאניזאציע פונ דער פארטיי (צווייטער צוזאמענפאָר). אינ קאמפ פאר דעם דאָזיקנ פלאנ האָט זיכ די גאנצע פארטיי־מאסע אונ דער גאנצער ארבעטער־קלאס באהעפט ארומ דעם כ׳ סטאלינ. דער זיג פונ דעם דאָזיקנ פלאנ האָט אינ גרונט איבערגעאנדערשט דעם ראטנפארבאנד.

„פונ א לאנד אנ אגראריש איז עס געוואָרנ א לאנד אנ אינדוסטריעלס. פונ א לאנד פונ קליינער אינדיווידועלער לאנדווירטשאפט איז עס געוואָרנ א לאנד פונ קאָלעקטיווער גרויסער מעכאניזירטער לאנדווירטשאפט. פונ א לאנד א פינצטערס, אנ אלפאבעטייס אונ א אומקולטורעלס איז עס געוואָרנ — ריכטיקער, ווערט עס — א לאנד א שריפטקענעוודיקס אונ קולטורעלס, באדעקט מיט א ריזיקער נעצ הויכע, מיטעלע אונ נידעריקע שולנ, וואָס פונקציאָנירנ אפ די שפראכנ פונ אלע נאציאָנאליטעטנ פונ פסרר". „צולעצט... פונ א לאנד א שוואכס אונ א ניט צוגעגרייטס צו דער באשיצונג איז פסרר פארוואנדלט געוואָרנ אינ א לאנד א מעכטיקס אינ זינענ פונ שוץ־פייִקייַט" (ס ט א ל י נ).

דער דאָזיקער קאָלאָסאלער אופשטייַג פונ דער עקאָנאָמיק אונ קולטור פונ ראטנ־פארבאנד

„האָט צוזאמענ דערמיט באטייַט די ליקווידאציע פונ די קאפּיטאליסטישע עלעמענטנ אונ דאָס אָפּשטויסנ אפנ הינטערפלאנ די אינדיווידועלע פויערשע ווירטשאפט... די קאפּיטאליסטישע ווירטשאפט אינ פסרר איז ליקווידירט, אונ דער אינדיווידועל־פויערשער סעקטער אינ דאָרפ איז אָפּגעשטויסנ אפ צווייטראנגיקע פּאָזיציעס. די סאָציאַליסטישע פאָרמאציע איז די איינציק־הערשנדיקע אונ די הויפּט־פירנדיקע קראפט אינ דער פאָלק־ווירטשאפט" (ס ט א ל י נ).

די היסטאָרישע פראגע ווער־וועמענ איז געלייזט געוואָרנ סייַ אינ שטאָט אונ סייַ אינ דאָרפ.

## IV

פארסאכאקלענדיק דעם קאמפ פאר דער לענינישער לערע וועגנ דער אויסבויונג פונ סאָציאַליזם אינ איינ לאנד אונ די דערגרייכטע זיגנ, האָט דער כ׳ סטאלינ אפנ 17־טנ צוזאמענפאָר געזאָגט:

„די פאקטנ ריידנ, אז מיר האָבנ שוינ אויסגעבויט דעם פונדאמענט פונ דער סאָציאַליסטישער געזעלשאפט אינ פסרר, אונ אונדז בלייַבט בלויז איבער צו באקרוינענ אימ מיט די איבער־געבייַען, — א זאכ, אָנ צווייפל, אסאכ א לייַכטערע, ווי דאָס אויסבויענ דעם פונדאמענט פונ דער סאָציאַליסטישער געזעלשאפט".

דער באריכט־פאָרטראג פונעם כ׳ סטאלינ אפנ 17־טנ פארטיי־צוזאמענפאָר איז דער סאמע בוילעטסטער דאָקומענט פונ אונדזער עפאָכע. ווי א מעכטיקער פראָזשעקטער

באלײַכט ער אונדזער וועג. דאָרט איז געגעבן געוואָרן א פאראלגעמיינערונג פון דער
רעוואָליוציאָנערער פראקטיק פונעם דורכגעמאכטן עטאפּ און א פּראָגראם פאר דער
ווײַטערדיקער ארבעט. דער דאָזיקער פּאָרטראג איז אויך דער בעסטער אויסדרוק דער־
פון, ווי דער כ׳ סטאלין ארבעט פאנאנדער און אנטוויקלט ווײַטער די מארקס־לעני־
נישע טעאָריע.

אין דעם פּאָרטראג אפן 17־טן צוזאמענפאָר גיט דער כ׳ סטאלין א ווײַטערדיקע
אנטוויקלונג פון דער מארקס־לענינישער לערע וועגן קריזיס, שטעלנדיק די פראגע
וועגן דער איצטיקער דעפּרעסיע, דער דעפּרעסיע אינעם פעריאָד פון אלגעמיינעם
קריזיס פונעם קאפּיטאליזם, ווי וועגן א „דעפּרעסיע ניט קיין געוויינלעכער, א דעפּ־
רעסיע פון א באזונדער מין, וואָס פירט ניט צו קיין נײַעם אופשטײַג און אופבלי
פון דער אינדוסטריע, אָבער וואָס קערט זי ניט אום צוריק צום פונקט פון גרעסטן
פאלן״. דאָרטן גיט דער כ׳ סטאלין אן אנאליז פון דער איצטיקער סטאדיע פון אל־
געמיינעם קריזיס פון קאפּיטאליזם און פון די קויכעס־פארהעלטענישן צווישן דער
קאפּיטאליסטישער און סאָציאליסטישער סיסטעם, אָנווײַזנדיק, אז די וועלט גייט אומ־
פארמײַדלעך צו נײַע רעוואָליוציעס און אז די מילכאָמעס, אפן וועג פון וועלכע די
בורזשואזיע זוכט אן אויסוועג פון קריזיס, וועט אומפארמײַדלעך פארגיכערן דעם
זיג פון דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע אין א ריי קאפּיטאליסטישע לענדער. אי־
נעם דאָזיקן פּאָרטראג גיט דער כ׳ סטאלין א נײַע שטעלונג פון דער פראגע וועגן
דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער סטרוקטור פון פסרר און ווײַזט אָן דאָס, וועגן וואָס מיר
האָבן שוין אויבן דערמאנט, אז אונדז איז געבליבן בלויז צו באקרוינען מיט איבער־
געבײַען דעם שוין אויסגעבויטן פונדאמענט פון דער סאָציאליסטישער געזעלשאפט. אפן
17־טן צוזאמענפאָר אנטוויקלט דער כ׳ סטאלין די לערע. פון מארקסן און לענינען
וועגן דער ערשטער און צווייטער פאזע פון דער סאָציאליסטישער געזעלשאפט (סאָ־
ציאליזם און קאָמוניזם), פאָרזעצנדיק זייערע געדאנקען וועגן גלײַכקײַט. ער קאָנ־
קרעטיזירט די פראגע וועגן איבערגאנג צו דירעקטן פּראָדוקטן־אויסטויש און וועגן
דער ראָליע פון סאָוועטישן האנדל און פון געלט אין דער צוגרייטונג פון דעם דאָ־
זיקן איבערגאנג, אָנווײַזנדיק, אז „געלט וועט בא אונדז פארבלײַבן ביזן פארענדיקן
די ערשטע סטאדיע פון קאָמוניזם — די סאָציאליסטישע סטאדיע פון אנטוויקלונג״.
אז „דער פּראָדוקטן־אויסטויש קאָן קומען בלויז אלס אומבײַט און אין רעזולטאט פון
א אידעאַל־אײַנגעאָרדנטן סאָוועטישן האנדל, פון וואָס בא אונדז איז נאָך קיין זיי־
כער ניטאָ און וואָס וועט נאָך ניט גיך זײַן בא אונדז״. ער קאָנקרעטיזירט די ווײַ־
טערדיקע אנטוויקלונג־וועגן פון דער קאָלווירטישער באוועגונג, די ראָל פון דעם אר־
טעל און דעם פּראָצעס פון זײַן אריבערוואקסן אין דער צוקונפטיקער קאָמונע. אפ־
סנײַ שטעלט דער כאווער סטאלין דעם לאָזונג וועגן פארמעגלעכן לעבן. אָנווײַזנדיק,
אז „דער דאָזיקער לאָזונג באציט זיך ניט גאָר צו קאָלווירטניקעס״, אז „נאָך מער
באציט ער זיך צו די ארבעטער, ווײַל מיר ווילן מאכן אלע ארבעטער פאר פאר־
מעגלעכע, — מענטשן, וואָס פירן א פארמעגלעך און גאנץ קולטורעל לעבן״. אפסנײַ
האָט דער כ׳ סטאלין געשטעלט די פראגע וועגן די שוועריקײַטן אונדזערע אפן איצטיקן
עטאפּ און וועגן די מעטאָדן פון קאמף קעגן זיי, אָנווײַזנדיק, אז דאָס זײַנען „שווע־
ריקײַטן פון אונדזער אָרגאניזאציאָנעלער ארבעט, שוועריקײַטן פון אונדזער אָרגאני־

זאציאָנעלער אָנפירונג, זיי וואָרצלען זיך אין אונדז אליין, אין אונדזערע אָנפירנדיקע כוער, אין אונדזערע אָרגאניזאציעס, אין די אפאראטן פון אונדזערע פארטייישע, סאָוועטישע, ווירטשאפטלעכע, פראָפאריינישע, קאָמוניסטישע און אנדערע אָרגאני־זאציעס".

אפן 17־טן פארטיי־צוזאמענפאָר האָט דער כ' סטאלין ווייטער אנטוויקלט די מארקס־לעניניש לערע וועגן קאמף אפ צוויי פראָנטן קעגן אָפּאָרטוניזם. ער האָט אפּסנײַ אוועקגעשטעלט די פראגע וועגן דער הויפט־געפאר אינעם קאמף קעגן די אָפנויגנ פון דער גענעראלער פארטיי־ליניע און פון קאָמוניסטישן אינטערנאציאָנא־ליזם, אָנווייזנדיק, אז „די הויפט־געפאר שטעלט פאָר יענער אָפנויג, קעגן וועלכן מע האָט אופגעהערט צו פירן א קאמף, און ווענען מע האָט אפ אזא אויפן געלאָזט צעוואקסן זיך ביז צו א מעלוכישער געפאר".

די פאָרגעבראכטע ביישפילן זאָגן איידעס וועגן דעם, וואָס פאר א טעאָרעטישע רייכטום עס שטעלט מיט זיך פאָר דער פאָרטראג פונעם כ' סטאלין אפן 17־טן פאר־טיי־צוזאמענפאָר. גלייך ווי די „יעסוידעס פון לעניניזם" און ווי אלע אנדערע ווערק פונעם כ' סטאלין, וועט אויך זיין פאָרטראג אפן 17־טן צוזאמענפאָר אפ לאנג דינען אלס א מעכטיק געווער אין די הענט פון אונדזער פארטיי, פונעם ארבעטער־קלאס, אינעם קאמף פאר דער סאָציאליסטישער געזעלשאפט בא אונדז, פארן זיג פון דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע אין דער גאנצער וועלט.

V

די ראָליע פון א נאָכפאָלגער און א פאָרזעצער פון לענינען איז ניט צופעליק אויסגעפאלן אפ דעם כ' סטאלין. די גאנצע צייט פון זיין טעטיקייט אפ דער ארענע פון דער באָלשעוויסטישער פארטיי, פון די ערשטע זיינע ארויסטרעטונגען אלס באָלשעוויק (נאָך אינעם פעריאָד פון דער ערשטער רעוואָליוציע) האָט ער ארויסגע־וויזן אזא אייגנשאפט אלס מארקסיסט, וואָס האָט אים געשטעלט אין איין ריי מיט לענינען. גלייך ווי לענין, האָט דער כ' סטאלין געקענט שטענדיק שטרענג אונטער־שיידן צווישן דעם בוכשטאב און דעם טאָך פון מארקסיזם, צווישן באזונדערע הא־נאָכעס און דעם מעטאָד פון מארקסיזם. גלייך ווי לענין, האָט דער כ' סטאלין שטענ־דיק העכער פון אלץ אינעם מארקסיזם געשעצט די רעוואָליוציאָנערע דיאלעקטיק זיינע, קיינמאָל זיך ניט איבערגעגעבן אין געפענקעניש צום בוכשטאב פון מארקסיזם, נאָר בלייבנדיק שטענדיק טריי דעם גייסט זיינעם. פּאָלעמיזירנדיק מיט פרעאָבראַ־זשענסקין אפן 6־טן פארטיי־צוזאמענפאָר אין 1917 יאָר, האָט דער כ' סטאלין גע־זאָגט:

„עס עקזיסטירט א מארקסיזם א דאָגמאטישער און א מארקסיזם א שעפערישער. איך שטיי אפ דעם באָדן פון דעם לעצטן".

גלייך ווי לענין, האָט דער כ' סטאלין שטענדיק אויסגעלאכט בייסנדיק און איז אָנגעפאלן אומראכמאָנעסדיק אפ יענע „מארקסיסטן", וואָס „באגרענעצן זיך מיט דער אויסערלעכער אנערקענונג פון מארקסיזם, ניט קענענדיק אָדער ניט וועלנדיק ארייננדרינגען אינעם טאָך זיינעם", וואָס „פארבייטן מיטן בוכשטאב פון באזונדערע האנאָכעס פון מארקסיזם זיין מעטאָד", וועלכע „כאפן זיך פאר פאָרמולעס און

ציטאטעס פונ מארקסיזמ", פארזעענדיק „זײַנ לעבעדיקע רעוואָליוציאָנערע קראפט". וואָס „ניט זיי שטייענ, נאָר ל י ג נ אפנ שטאנדפונקט פונ מארקסיזמ" (ס ט א ל י נ). ווי קיינער נאָכ לענינענ האָט דער כ׳ סטאלינ באגרײַפט אונ שטענדיק פארטיידיקט די אָנווײַזונג פונ מארקסנ אונ ענגעלסנ: „אונדזער לערע איז ניט קיינ דאָגמע, נאָר אנ אָנווײַזונג צומ טאט".

ריידנדיק וועגנ לענינענ, האָט דער כ׳ סטאלינ געזאָגט אינ 1920 יאָר:

„קעדיי אײַנצוהאלטנ זיכ אפ דעמ פאָסט פונ א פירער פונ דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע אונ פונ דער פראָלעטארישער פארטיי, איז נייטיק צו פאריייניקנ אינ זיכ א טעאָרעטישע קראפט מיט א פראקטיש־אָרגאניזאציאָנעלער דערפארונג פונ דער פראָלעטארישער באוועגונג".

אָנווײַזנדיק דאָרטנ ווײַטער, אז לענינ האָט אינ זיכ שטענדיק פארקערפערט אונ אײַנגעהיט די דאָזיקע אייגנשאפט, מאכט דער כ׳ סטאלינ דערפונ אזא אויספיר:

„אינ דעמ, צווישנ אנדערנ, דארפ מענ זוכנ די דערקלערונג פונ דעמ פאקט, וואָס לענינ, אונ נאָר ער, איז הײַנט דער פירער פונ דער סאמע שטארקער אונ סאמע פארהארטעוועטער אפ דער וועלט פראָלעטארישער פארטיי".

דאָס, וואָס דער כ׳ סטאלינ האָט געזאָגט וועגנ לענינענ, קאָנ פולשטענדיק געזאָגט ווערנ וועגנ אימ אליינ. אינ דעמ, צווישנ אנדערנ, דארפ מענ זוכנ די דערקלערונג פונ דעמ פאקט, וואָס דער כ׳ סטאלינ, אונ נאָר ער, איז הײַנט דער פירער פונ דער סאמע שטארקסטער אונ סאמע פארהארטעוועטסטער אפ דער וועלט פראָלעטארישער פארטיי.

---

ג. גאַראַכאָוו

# דער קער צום מיטלאַלטער

איבער די דײַטשישע פאַשיסטישע פּעדאַגאָגישע זשורנאַלן

.1

**א שוידער כאַפּט דיך אַרום באַם לייענען די פּעדאַגאָגישע ליטעראַטור פון פאַשיסטישן דײַטשלאַנד, א שוידער פאַרן גורל פון מיליאָנען קינדער, פאַר דעם אונטערוואַקסנדיקן דאָר; ס׳שטייט פאַר דיר אויף די גאַנצע ברוטאַלקייט, ווילדקייט פון דעם אָפּשטאַרבנדיקן גויסעסדיקן קאַפּיטאַליזם, וואָס פּרוּווט זיך פאַרן טויט פאַרניכטן, צעשטערן, כאַרעווע מאַכן אַלץ, וואָס ער קאָן נאָר. דער טעראָריסטישער מאַרש קעגן די אַרבעטנדיקע מאַסן, די פאַרניכטונג־מילכאָמע קעגן דער קולטור, די אויסראָטונג־אַרבעט קעגן אַלץ, וואָס איז לעבנספעייִק—דאָס קוקט אַרויס פון זייער יעדער שורע. פון יעדן זײַטל טראָגט מיט מייסים־ריייעך. און לייענענדיק אָט די דאָזיקע „ליטעראַטור״, דערמאַנסטו זיך דעם באַרימטן בריוו פון כ׳ באַרביוס:**

„אונדער שטאָלצער צוואַנציקסטער יאָרהונדערט האָט פון די פאַרגאַנגענע עפּאָכעס געיאַרשנט א פּראָדוציר־קראַפט, א ציוויליזאַציע, א קולטור, וואָס וואָלט אַלעמען געקאָנט זיכערן אַלע זייערע לעבנס־באַדערפענישן. אויב אין דער מענטשלעכער געשיכטע איז ווען ניט איז געווען אַזא מאָמענט, ווען די אַלטע מײַסעלעך וועגן א גאָלדענעם צײַטאַלטער וואָלט געקאָנט ווערן ווירקלעכקייט, איז דאָס נאָר איצט, ווען דער מענטשישער גײַסט האָט נאָך טויזנטיאָריקן קאַמף דעראָבערט אַזוי־פיל וואָפן פאַר דער באַהערשונג פון די נאַטור־קויכעס, אַזויפיל פאַרפולקומטסטע מיטלען פון פאַרבינדונג און פאַרשטענדיקונג. אָבער וואָס זעען מיר אין דער ווירקלעכקייט? די פיל גערימטע ציוויליזאַציע מאַכט אַלע אָנשטרענגונגען קעדיי צו פאַרגיכערן דעם אונטערגאַנג פון דער מענטשהייט. גאָלדענע עפּאָכע? ניין! עפּאָכע פון גאָלד, פון אײַזן, פון בלוט. אין דער נאָכמילכאָמישער צײַט—פונקט ווי בעשאַס דער מילכאָמע—האָט זיך דער מענטשלעכער עלנט און ליידן געוואַלדיק פאַרשפּרייט, ווי א מאַגייפע. אומעטום הערשן אומגערעכטיקייט, אונטערדריקונג, גרויזאַמקייט: אין די קאָלאָניעס, אין ווײַטן מיזרעך, אין צאָפן־און דאָרעם־אַמעריקע, אין איטאַליע, פּוילן, אויף די באַלקאַנען. און איצט קומט דאָס פולשטענדיקע אײַנקערן זיך צו אַבסאָליוטער באַרבאַרײַ אין דײַטשלאַנד. די ווילדקייט שטײַגט איבער די גרענעצן פון אַלץ, וואָס איז ביז אַהער איבערגעלעבט...

דאָס איז א פאַזע פון אָרגאַניזירטער ראַפינירטער באַרבאַרײַ. ערגעץ־ווו טראָגן רויב און בלוטבאָד א פּרימיטיוון בעסטיאַלישן כאַראַקטער; דאָ אָבער זײַנען זיי אויסגערעכנט, גוט דורכגעטראַכט און זאָגן איידעס וועגן אויסגעפּרוּווטער טאַקטיק און באַטראַכטער סטראַטעגיע. די פאַרברעכנס פון דעם היטלער־פאַשיזם — דאָס זײַנען שוידער־שטיק, וואָס זײַנען געקומען אין דער עפנטלעכער אויפפירונג נאָך א לאַנגער צוגרייטונג דורך די ספּעציעל אַנגאַזשירטע רעזשיסאָרן און קאָמעדיאַנטן (פונעם קאַנצלער ביז לעצטן פּראָוואָקאַטער)״.

**דעם סאָוועטישן אַרבעטער, קולטורטוער איז זיך זייער שווער פאָרצושטעלן, צו וואָס פאַר א צושטאַנד און לאַגע ס׳האָט געבראַכט די קינדער־באַפעלקערונג אין**

דײַטשלאַנד דער 14־יאָריקער רעזשים פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער און צוויי־יאָריקער רעזשים פון דער פאַשיסטישער מעלוכע־אָנפירונג: פולע פיזישע און אינ־טעלעקטועלע דעגראַדאַציע פון דער פראָלעטאַרישער און פויערשער קינדערשאַפט, גוואַלדיקע שטערבלעכקייט, פאַרווילדקייט און עלנט. לאָמיר געבן א וואָרט דעם פעדאַגאָג אָסקאַר פערסטער:

„די נעשאָמע־געשטאַלט פונעם מיזרעך־פּרײַסישן דאָרפישן קינד, ווי איך האָב דאָס געזען בײַם מײַן שול־אַרבעט און בא נאָענטער באַאָבאַכטונג, אַנטשפּרעכט ניט יענע פאָרשטעלונגען, וועלכע מיר האָבן באַקומען פון אונדזער מעכאַניסטישער סעמינאַר־פּסיכאָלאָגיע. 80% פון מײַנע קינדער—דאָס זײַנען באַטראַקישע קינדער. די מערהײַט פון די קינדער האָבן אַרויסגעוויזן אַן איבעראַשנדיק שטאַרקע אַנטוויקלונג־דעגראַדאַציע פון קערפּערלעכער און גײַסטיקער נאַטור (מײַן קורסיוו—ג. ג.). פון 39 באַטראַקישע קינדער זײַנען געווען קראַנק: אָפּ ראַכיט 8, 3 סקראָפוליאָז, 5 טובערקוליאָז־פּאַרדעכטיק, 22 קינדער האָבן אַרויסגעוויזן א מער אָדער ווייניקער שטאַרקע אָפּנויגונג פון דער דורכשניטלעכער קערפּער־געוויכט בא נאָרמאַלע קינדער" („דײַטשע שולע", נום. 4, 1933, ז. 172).

דער דאָזיקער פיזישער און אינטעלעקטועלער צושטאַנד פון די קינדער איז א רע־זולטאַט, פאַרשטייט זיך, פון דער שרעקלעכער עקאָנאָמישער און סאָציאַל־שטייגע־רישער לאַגע פון דער באַפעלקערונג. אָט וואָס עס מוז מודע זײַן דער אייגענער פערסטער:

„די מערהײַט פון די דאָרפישע באַטראַקישע דירעס איז ניט אין פאַרגלײַך אומ־היגיענישער און פיל שרעקלעכער, ווי אַוועלכער ניט איז עלנט־ווינקל אין א גרויסער שטאָט. מינדסטנס 70% פון אַלע וווינונגען איז איבערבאַפעלקערט. פון 2940 סטאַטיסטיש אַרומגעכאַפּטע באַטראַקישע פאַמיליעס וווינען 2180 פאַמיליעס, אַלזאָ 74%, אין דירעס, וווּ ס'איז פאַראַן איין הייצבאַרער צימער, וואָס דינט גלײַכצײַטיק פאַר א וווינצימער, עסצימער און שלאָפצימער. אין 1117 פאַלן דינט דער דאָזיקער צימער אויך פאַר א קיך. אין א פאַרקערטער פאַרהעלטעניש צו דער דירע־גרייס שטייט די גרייס פון דער באַטראַקישער פאַמיליע: 51,5% פון אַלע באַטראַקישע פאַמיליעס באַשטייט פון 6 ביז 13 פערזאָן. אין מײַן דאָרף איז פאַראַן א פאַמיליע, וואָס פאַר־נעמט איין צימער אין פאַרלויף פון אַסאַך יאָרן. דער אויוון איז ניט הייצבאַר, אין ווינטער זײַנען בא צוויי קינדער אָפּגעפרוירן געוואָרן אין שטוב די פינגער. צו דעם אַלעמען זײַנען נאָך די עלטערן סיפיליטיקער, דער פאָטער איז שוואַכזיניק, 2 קינדער זײַנען ראַכיטיש, דער עלטערער יינגל איז א פּסיכאָפּאַט, און קימאַט אַלע קינדער זײַנען אָפּגעצערט און שוואַכזיניק, דער ייִנגסטער איז אַפילע אינגאַנצן אידיאָטיש" (דאָרטן, ז. 172).

צו דער דאָזיקער מאַטעריעלער לאַגע פון דער פאַמיליע און קינדער קומט נאָך צו די גוואַלדיקע עקספּלואַטאַציע פונעם באַטראַקיש־פויערשן קינד אין דער פעלד־אַרבעט.

„די באַטראַקישע קינדער ווערן פּריצײַטיק אַרײַנגעצויגן אין אַלערליי שווערע פעלד־אַרבעט. אין מײַן קלאַס האָבן 14 קינדער פון 7 ביז 10־יאָריקן עלטער געאַרבעט טעגלעך פון 2 ביז 5 שאָ אין די שניט־קאַניקולעס (!—אויסרוף פון אַוטער) ביז 10 שאָ טעגלעך" (דאָרטן, ז. 173).

אין אַזאַ צושטאַנד געפינען זיך אָבער ניט נאָר די דאָרפישע און באַטראַקישע קינדער. ניט בעסער איז אויך מיט די שטאָטישע קינדער. הערמאַן נאָל דערציילט אין זשורנאַל „דײַטשע שולע" וועגן דעם אַלץ פאַלנדיקן געזונט־צושטאַנד פון די קינדער אין האַלע.

אין האַלע, צ. ב. זײַנען אין 1930 יאָר געווען 67% געזונטדיק געזונטע. ניט־געזונטדיק—22,3, שלעכט—10,7. אין 1932 ווערן די דרײַ קאַטעגאָריעס פאַרטיילט אַזוי: 45, 37, 18.

דער דאָזיקער קאטאסטראָפאלער צושטאנד פון די פראָלעטארישע, פויערשע און באטראקישע קינדער ווערט נאָך פארגרעסערט דורך דער בילדונג־פּאָליטיק, וואָס עס פירט די פאשיסטישע רעגירונג.

„די אלץ מער שטארקע פארקירצונג פונ ביודזשעטנ, די אומדערהערטע העכערונג פונ דער שאָענ־נאָרמע פונ לערער, דאָס אויסשטרײַכנ די קינסטלערישע לימודים, די פארקירצונג פונ הילפ פאר קינדער, די ליקווידאציע פונ שול־קינדערגערטנער, פונ די פאָרבילדונג־שולנ אינ דאָרפ, און פריִער פאר אלצ די געפערלעכע לאגע פונ די פעדאגאָגישע הויכשולנ, די ערטער פונ דער נײַער לערער־בילדונג" („די דײַטשע שולע", 1933 יאָר, נומ. 1, ז. 1)

— אָט וואָס ס'כאראקטעריזירט די דאָזיקע פּאָליטיק, אָט וויאַזוי עס זעט אויס די פאָלקס־בילדונג, דאָס קינד אינעם פאשיסטישן דײַטשלאנד לויט דער אייגענער אנערקענונג פון די פאשיסטישע „פעדאגאָגן" גופע.

.2

אָבער אנערקענענדיק דעם שרעקלעכן קאטאסטראָפאלן נידערפאל פון די לעבנס־באדינגונגען פון דער דײַטשישער קינדערשאפט, איז אינטערעסאנט צו וויסן, וויאַזוי שטעלט זיך פאָר די פאשיסטישע פעדאגאָגיק ארויסצוגיין פון דער דאָזיקער לאגע.

די איינציקע לייזונג פון דער קינדער־פּראָבלעם זעט זי אין דער ריינקייט פון ראסע, אין דער אזויגערופענער זאָרג וועגן דער ראסע. די טעאָריע באשטייט אין דעם, וואָס די מעלוכע דארף אָנעמען מיטלען, אז די אסאָציאַלע, פארברעכערישע עלעמענטן, ד. ה. די, וואָס זײַנען בעיערושע ניט געזונט, ניט גענוג דײַטשיש לויטן גײַסט (ניט גענוג פאָלקווערטיק — לויט דער פאשיסטישער טערמינאָלאָגיע), אז די דאָזיקע עלעמענטן זאָלן זיך ניט צופיל פארמערן. ביכלאל רופט ארויס בא די פאשיסטישע „מעלוכע־מענטשן" און „פעדאגאָגן" די גרעסטע אומרו דאָס, וואָס די העכערע קרײַזן פון דער געזעלשאפט, די בורזשואזע און אריסטאָקראטישע עלעמענטן, פארמערן זיך ניט מיט אזא גיכקייט און אין אזא צאָל, ווי די אונטערשטע שיכטן. דאָס דראָט, לויט זייער מיינונג, מיט אן אונטערגאנג פאר דער קולטור, ציוויליזאציע, מעלוכע א. אז. וו. די גאנצע מענטשהײַט באשטייט לויט דער דאָזיקער טעאָריע פון פיזיש און אינטעלעקטועל מערווערטיקע און מינדערווערטיקע עלעמענטן — און די מעלוכע דארף זאָרגן, אז די מערווערטיקע עלעמענטן זאָלן ניט באָטל ווערן, ניט צעשוועכט ווערן אין דער מינדערווערטיקער מאסע.

„און מיר זעענ, אז די געבורט־דעגראדאציע האָט זיך אײַנגעשטעלט אינ די שיכטנ פונ פאָלק, וואָס זײַנענ די בעסטע לויט דער באגאבונג און ענערגיע. פריִער איז נאָך אינ די שיכטנ פונ האנט־ווערקער, אינדוסטריִעלער, ארבעטער און פויערים געווענ אזא גרויסער רעזערוואר פונ בעסטער יערושע־מאסע, אז דאָס אָפפאלנ פונ קינדער בא די פירנדיקע שיכטנ איז ניט געווענ געפערלעכ. איצט אָבער ווערט פארניכטעט דאָס פולווערטיקע אינ אלע שיכטנ, און מיר וואָלטנ געקענט ווײַזנ, אז קינדער־רײַכע פאמיליעס זײַנענ אינ אנ איבערוועגנדיקער מאָס, באזונדערס אינ די שטעט, פא־ראנג נאָר דאָרט, ווו עס הערשנ מינדערראַסנטום און אונטערמענטשנ...

זייער יערושע־מאכע, וואָס איז נאָר א באלאסט פארנ פאָלקס־גאנצנ, ווערט נאָכ אײַנגעהיט און וואקסט פונ דאָר צו דאָר אינ צאָל. דאָס ווערטפולע יערושע־פארמעגנ גייט פארלוירנ. איצט קומט די צײַט, ווענ דאָס פיִוערטום גייט אונטער, ס'קומט די צײַט, ווענ ס'וועלנ מער ניט גע־בוירנ ווערנ קיינ קינסטלער און געלערנטע, ס'וועט קומענ די צײַט, ווענ דאָס מינדערווערטיקע וועט פולקום באקומענ די מאכט אינ זײַנע הענט" („די דײַטשע שולע", 1933 יאָר, נומ. 3, ז. 329).

ס'איז איבעריק צו באַווײַזן, אַז די דאָזיקע גאַנצע טעאָריע וועגן מינדערווערטיקע איז געווענדעט קעגן פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום און איז נייטיק דעם מאָנאָפּאָליסטישן קאַפּיטאַל און זײַנע דינער, די פאַשיסטן, כּדי צו באַרעכטיקן דעם פאַרניכטונג־אָנגריף קעגן פּראָלעטאַריאַט און די פיזישע אויסראָטונג זײַנע.

די פאַשיסטישע פּעדאַגאָגיק האַלט, אַז די אויסראָטונג־אַרבעט דאַרף אָנגעהויבן ווערן פון דער פאָלקסשול. שוין די שול דאַרף אָנווענדן דאָס מיטל פון אָפּקלײַבן דעם מערווערטיקן פון דעם מינדערווערטיקן. פאַר דעם לעצטן דאַרף די פאָלקסשול פאַרמאַכן דעם וועג צו העכערער בילדונג, דעם וועג צו רוקן זיך פאָרויס.

„ראַסן־זאָרג הייסט אָפּקלײַב צווישן מינדערווערטיקן און פולווערטיקן. און אין דעם דאָזיקן אָפּקלײַב־פּראָצעס שפּילט די שול א וויכטיקע ראָליע. זי דאַרף אַנטשיידן, צי איז ווערט דער אינדיווידום אויפצושטײַגן צום העכערן באַרוף און דורך דעם באַקומען די פירונג אין זײַנע הענט, אָדער ניט" („דײַטשע שולע", 1933, נומ. 7, ז. 331)[1].

און כּדי עס זאָל קיין ספק ניט בלײַבן וועמען עס געהערט לויט דער פאַשיסטישער טעאָריע צו די מערווערטיקע, ווערט גלײַך געזאָגט:

„ס'איז קיין ספק ניט און ס'איז דורך פיל אויספאָרשונגען פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז אין דורכשניט גיבן די קינדער פון די פירנדיקע קרײַזן אַסאַך א גרעסערע מאָס פון באַגאַבטקײַט, ווי די קינדער פון די אָנגעפירטע קרײַזן, און ס'איז דעריבער פאַרשטענדלעך, וואָס די העכערע שולן ווערן אין א גרעסערער מאָס באַזוכט פון קינדער פון די פירנדיקע קרײַזן" („דײַטשע שולע", 1923 יאָר, נומ. 7, ז. 332).

די פאָלקסשול איז אַף אַזאַ אופן דער פילטער, וואָס דאַרף שוין פון קינדווײַז אָן באַשטימען דעם סאָציאַלן און געזעלשאַפטלעכן גורל פון קינד, אַרויסרוקן דאָס פאַרמעגלעכע, פאַררוקן דאָס פּראָלעטאַרישע, פּויערשע קינד.

די פאַשיסטן־פּעדאַגאָגן, עמעס, פאַרשטייען, אַז מיט אויסראָטונג־מיטלען אַליין וועט זייער שווער זײַן צו פאַרניכטן די פּראָלעטאַריש־קאָמוניסטישע באַוועגונג, זיי שטעלן זיך דעריבער די אויפגאַבע אַריבערצייען, אַריבערנאַרן די מער־באַגאַבטע, פייקע עלעמענטן פון צווישן דעם פּראָלעטאַריאַט צו זיך. אַזוי שרײַבן זיי:

„ס'איז ניט באַרעכטיקט, וואָס פיל הויכבאַגאַבטע קינדער פון דיווירטשאַפטלעך־שוואַכערע גרופּעס האָבן ניט די מעגלעכקײַט אַרײַנטרעטן אין די העכערע שולן, וועגן דאָרטן (צווישן דער אָרעמשאַפט.—ג. ג.) דרייען זיך אַרויס קינדער, וואָס געהערן לויט זייער באַגאַבטקײַט ניט אַהינצו" („דײַטשע שולע", 1933. נומ, 7, ז. 332).

דער הערוייִשער קאַמף פונעם פּראָלעטאַריאַט אונטער דער אָנפירונג פון דער דײַטשישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין די שווערסטע תּנאָים פון פאַשיסטישן טעראָר און אונטערערד האָט באַוויזן, אַז דאָס, וואָס דער בורזשואַזיע האָט זיך אײַנגעגעבן צו מאַכן מיט די קאַוטסקיס, וועלס, זעווערינגס א. אַנד., וועט זיך ניט אײַנגעבן צו מאַכן מיטן דאָר פון ליבקנעכט, ראָזע לוקסעמבורג, טעלמאַן, מיטן דאָר, וואָס איז דערצויגן אַף דער לערע פון מאַרקס־לענין־סטאַלין. די פאַשיסטן וועט זיך ניט אײַנ־

[1]) M. Staemmler. „Rassenpflege u. Schule".

געבן דורכן אונטערקויפעריי און אָפּנאַרעריי אָפּצוציִען דעם פּראָלעטאַריאַט פון דעם קאָמוניסטישן קאַמף. פאַרקערט, מיר זעען, אַז דאָס בעסטע און פאָרגעשריטנסטע, וואָס איז פאַראַן אין דער קליינבירגערלעכער און אפילו בורזשואַזער אינטעליגענץ, גייט אַלץ זיכערער און שטייפער אַריבער אַפן דער זייט פון פּראָלעטאַריאַט[1].

·3

צו די פּולווערטיקע, וואָס זיינען באַרופן צו אָנפירערשאַפט, וואָס אַף זיי איז אַרופגעלייגט געוואָרן די אויפגאַבע אויסבילדן די דריטע אימפּעריע, די נאַציאָנאַלע מעלוכע אין גייסט פון פאַשיזם, געהערן בלויז די, בא וועמען ס'איז אויסגעבילדעט און דערצויגן געוואָרן דער נאַציאָנאַלער באַוווסטזיין. די טעאָריע וועגן דעם נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין איז די צענטראַלע אידייע פון דער פאַשיסטישער פּעדאַגאָגיק. אַפן קלאָרסטן אויפן האָבן פאָרמולירט די דאָזיקע טעאָריע, ווי אויך די ספּעציעלע אויפגאַבע פון דער שול בענעגייע דער אַנטוויקלונג פונעם נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין, דער פּעדאַגאָג שפּראַנגער און דער אָפיציעלער פילאָסאָף פון פאַשיזם שפּענגלער. געטאָן האָבן זיי עס נאָך מיט עטלעכע יאָר פאַר דער פאַשיסטישער איבערקערעניש אין דייטשלאַנד.

זאָל דאָ פאַרצייכנט ווערן, אַגעוו, אַז ע. שפּראַנגער איז ביז דער פאַשיסטישער איבערקערעניש געווען דער פירער פון דער אַזויגערופענער „מאָדערנער" פּעדאַגאָגיק אין גייסט פון „פרייער", „אומפּאַרטייִשער" דערציִונג, ער איז געווען אַן אָנהענגער פון דער קאָמפּלעקס־סיסטעם א. אַז. וו. אין דער פּסיכאָלאָגישער וויסנשאַפט איז ער דער אָנהענגער פון סטרוקטור־פּסיכאָלאָגיע. ס'איז אַ טעמע פון זייער גרויסער אַקטועלקייט צו דערווייזן, וויאַזוי די אַלע „מאָדערנע" ליבעראַלע בורזשואַזע טעאָריעס, וואָס זיינען אויסערלעך זייער „רעוואָליוציאָנער", וויאַזוי זיי האָבן צוגעגרייט דעם באָדן גראָד פאַר דער פאַשיסטישער פּעדאַגאָגיק. דער בעסטער באַווייז דערצו איז טאַקע שפּראַנגער אַליין, ווי אויך דער ליבעראַל ליט, וואָס ביידע זיינען זיי אָן וואַקלענישן גלייך אַריבער אין היטלערישן לאַגער.

וואָס איז אַזוינס נאַציאָנאַלער באַוווסטזיין לויט דעם פירער פון פאַשיסטישער פּעדאַגאָגיק ע. שפּראַנגערן? דער פאָלקס־באַוווסטזיין ווערט אויסגעבילדעט פון פינף פאַקטאָרן, ריכטיקער פון פינף עלעמענטן.

---

[1]) ס'וועט דאָ, אַגעוו, זיין ניט איבעריק צו דערמאָנען, אַז אויך צווישן די יידישע פּעדאַגאָגן בא אונדז אין לאַנד האָבן זיך געפונען אַזוינע „געלערנטע", וואָס האָבן מיט אַן אָפענער כוצפּע פאַרטיידיקט די גרונט־האַנאָכעס פון דער פאַשיסטישער פּעדאַגאָגיק. ס'איז גענוג, לעמאָשל, אָנצורופן יאַכינסאָנען, וואָס האָט אַרויסגערוקט אַזאַ טעזיס:

„דאָס איז געווען אַ סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישע אַנטדעקונג — אַז די באַגאַבטקייט פון אַ דורכשניטלעכן דערוואַקסענעם מאַסן־מענטש שטייגט ניט אַריבער דעם 12־יאָריקן עלטער" (יאַכינסאָן, „פּראַקטישע פּעדאָלאָגיע", ז. 257).

מיט וואָס, פרעגט זיך, שיידט זיך דער דאָזיקער טעזיס אונטער פון דער פאַשיסטישער טעאָריע וועגן מינדערווערטיקייט? צי איז דאָ ניט געזאָגט אָפן אין קיאָר, אַז דער מאַסן־מענטש (ד. ה. דער פּראָלעטאַריער און אַרבעטנדיקער) איז אַ מינדערווערטיקער באַשעפעניש, פּונקט אַזוי ווי דאָס ווערט געזאָגט בא שנעמלערן?

## דער ערשטער, דאָס איז די געמיינזאמע שפראכ.

„ווער עס רעדט דײַטש, איז שוינ דורכ דעמ אליינ באהויכט פונעמ דײַטשישנ גײַסט אונ פונ דער דײַטשישער נעשאָמע... די דײַטשישע שפראכ איז ניט נאָר פארנ אויסערלעכנ פארקער, זי איז ניט נאָר די פארקערפערונג פונ לאָגישער געזעצמעסיקײַט אינ אונדזער דענקענ, נאָר אינ איר זײַנענ אײַנגעשמאָלצנ די סאמע צארטע נעשאָמע־באציִונגענ, די געהיימסטע שטריכנ פונ אונדזער פאָלקס־כאראקטער" [1].

דער דעמאגאָגישער כאראקטער פונ דעמ דאָזיקנ געדאנק איז אזוי קלאָר, אז ס'איז איבעריק זיכ פארופנ אפנ קלאסישנ אָרט פונ פ. ענגעלס וועגנ דעמ, אז אינ דער ענגלישער נאציע האָבנ זיכ אדאנק די קלאסנ־ווידערשפרוכנ אויסגעבילדעט צוויי פארשיידענע נאציעס, פארשיידענע לויט דער שפראכ, קולטור, מאָראל א. אז. וו. ס'איז אויכ איבעריק זיכ פארופנ אפ אנדערע מארקסיסטנ. די פאשיסטנ ווייסנ דאָכ אויסגעצייכנט, אז ניט אלע, וואָס זײַנענ דײַטשנ לויט דער שפראכ, זײַנענ „באהויכט פונ דײַטשישנ גײַסט אונ דײַטשישער נעשאָמע". דער בעסטער באווײַז איז דאָכ די פּ ר א ק ט י ק פונ די פאשיסטנ גופע. דאָס האָבנ זיי דאָכ פארברענט די ווערק פונ אזעלכע מײַסטער פונ דײַטשישנ וואָרט, ווי טאָמאס מאנ, היינריכ מאנ, ערנסט טאָלער, עמיל לודוויג, בעכער, ג. קײַזער אונ הונדערטער אנדערע דיכטער אונ שרײַבער. דאָס האָבנ זיי דאָכ פארפײַניקט ביז טויט אינ טורמע דעמ דײַטשישנ שרײַבער עריק בוראָנ, דאָס האלטנ זיי דאָכ די מײַסטער פונ דײַטשישנ וואָרט אינ ספּיסעל. רענ, ק. וויטפאָגל א. אנד.)[2]. מאשמאָעס, אז ניט אינ יעדנ דײַטש, ניט שטענדיק איז אינ דער דײַטשישער שפראכ „אײַנגעשמאָלצנ די סאמע צארטע נעשאָמע־באציִונגג, די געהיימסטע שטריכנ פונ אונדזער פאָלקס־כאראקטער...", אויב מע מוז אָנקומענ צו אזעלכע טעראָר־מיטלענ.

דער צווייטער עלעמענט פונעמ נאציִאָנאלנ באוווסטזײַנ איז—די געמיינזאמע היימאט,

„פאר א פאָלק איז דער דאָזיקער ערד־רייעכ, די דאָזיקע ערד־צוגעבונדנקײַט דורכויס בייטיק. אפילע קאָלאָניסטנ, וואָס זײַנענ שוינ הונדערטער יאָרנ אויסגעוואנדערט אונ צונויפגעוואקסנ מיט א נײַעמ באָדנ, דארפנ אויכ האָבנ דעמ דאָזיקנ באוווסטזײַנ, אז ס'איז פאראנ א מוטערלאנד, וואָס געהערט אויכ אונדז גײַסטיק, אונ אז דאָרטנ זײַנענ מיר „אינדערהיימ" (שפּראנגער, דאָרטנ, ז. 2).

אז ס'איז ניט אזוי גלאטיק מיטנ פאָלקס־באוווסטזײַנ, „וואָס איז געבונדנ מיטנ ערד־רייעכ", ווייסנ דאָכ זייער גוט אפילע די דײַטשישע פּיִאָנערנ, וואָס האָבנ געשריבנ דעמ כ' דימיטראָוונ אינ טורמע, אז כאָטש עס לעבט זיכ זיי שווער אינ היטלערישנ דײַטשלאנד, נאָר ס'איז פאראנ מאָסקווע אפ דער וועלט. יאָ, דער רייעכ פונ דער רויטער מאָסקווע איז זיי, ווײַזט אויס, נעענטער, ווי דאָס „אייגענע" פאשיסטישע „מוטערלאנד". אונ ווי האלט עס מיט יענע טויזנטער אונ צענדליקער טויזנטער פּראָלעטאריער־רעוואָליוציִאָנערנ, וואָס זײַנענ מאקריוו דעמ „נאנטנ ערד־רייעכ", גייענ אפנ עשאפאָט, אינ טורמע, וואנדערנ אויס? ווײַזט אויס, אז דער ערד־רייעכ איז ניט פאר

---

[1]) E. Spranger. „Uber Erziehung zum deutschen Volksbewusstsein", S. 2.

[2]) דעמ צעטל פונ אלע ארעסטירטע, ארויסגעטריבענע, פארבאָטענע צומ לייענענ אונ באניצ קינסטלער, שרײַבער, מוזיקער א. אז. וו. זע אינ „ברוינעמ בוכ". דער צעטל איז, פארשטייט זיכ, ווײַט ניט קיינ פולער.

אלע דײַטשנ גלײַכ געװונט, אָנגענעמ. מאשמאָעס, אז ערד־רײעכ איז אויכ ניט קיינ נאטור־זאכ, וואָס שמעקט אלעמענ גלײַכ.

אויב דער ערד־רײעכ איז נאָר א שלײער, איז דערפאר זײער קלאָר דער טאָכ פונ דער צווייטער העלפט פונ דעמ דאָזיקנ טעזיס, ווו ס'רעדט זיכ וועגנ קאָלאָניסטנ. די דײַטשנ, וואָס זײַנענ שוינ אויסגעוואנדערט הונדערטער יאָרנ, צונויפגעוואקסנ מיטנ נײַעמ באָדנ, דארפנ באטראכטנ דאָס „מוטערלאנד" אלס זײער היימ. דער אימפעריאַליסטישער טאָכ שטעקט אָפנ ארויס פונ דער דאָזיקער לירִיק. די קאָלאָניסטנ־אויסוואנדערער דאָס איז לויט דער דאָזיקער „לירישער" פאָרמולע א מיטל פונ אימפעריאַליסטישער עקספאנסיע.

דער דריטער עלעמענט פונ דעמ פאָלקס־באוווסטזײַנ איז די געמיינזאמע נאציאָנאלע פארגאנגענהײַט. דער פאשיזמ שטרײַכט אונטער דאפקע די נאציאָנאלע פארגאנגענהײַט. איז אויב אזוי, טאָ וואָס טוט מענ מיט קלאסנ־געמיינזאמקײַט, מיט דער געמיינזאמקײַט, וואָס האָט זיכ געשאפנ אינ בלוט פונ בירגערקריג אונ רעוואָליוציאָנערנ קאמפ? דער פויערימ־אופשטאנד אינ דײַטשלאנד, די רעוואָליוציע פונ 1848 יאָר, דער קלאסנקאמפ אינ דײַטשלאנד פאר די לעצטע 50 יאָר — דאָס האָט אויכ דאָכ עפעס צו טאָנ מיט באוווסטזײַנ, עמעס, ניט מיטנ נאציאָנאלנ, נאָר סאָציאַלנ, קלאסעוונ באוווסטזײַנ, איז וויאזוי האלט דאָס מיט געמיינזאמער פארגאנגענהײַט אונ באוווסטזײַנ פונעמ דײַטשישנ פראָלעטאריאט? פונ דעמ דײַטשישנ אָרעמפויערטומ? פאר איינעמ ווערט דער באוווסטזײַנ פארקערפערט אינ ליוטערנ, באמ צווייטנ אינ מינצערנ, בא איינעמ אינ זעווערינגנ, באמ צווייטנ אינ טעלמאנענ. די נאציע אינ דער קלאסנ־געזעלשאפט ווייסט ניט נאָר פונ געמיינזאמער פארגאנגענהײַט, נאָר אויכ פונ אזא פארגאנגענהײַט, ווענ איינ טייל נאציע איז אפ איינ זײַט באריקאדע, דער צווייטער טייל — אפ דער צווייטער. אונ דאָס איז דאָכ אויכ באוווסטזײַנ!

דער פערטער עלעמענט אינעמ פאָלקס־באוווסטזײַנ איז די געמיינזאמע קעגנווארט.

„א פאָלק איז געבונדנ דורכ זײַנ שוטפעסדיקנ אקטועלנ קולטור־פארמעגנ: וואָס מע איז אינ וואָס מע האָט, לייד אונ גליק, רײַכקײַט אונ נויט, — דאָס אלצ שמידט אונדז צונויפ צוזאמענ. דערפונ שטאמט א שטארקער סאָלידאריטעט־באוווסטזײַנ, אינ דער טיפקײַט איז דאָס שטענדיק דאָ, צי מיר ווייסנ דאָס צי ניט, צי מיר ווילנ דאָס צי ניט" (שפראנגער, דאָרטנ, ז. 2).

אָט דער פערטער עלעמענט דעקט אייגנטלעכ אופ דעמ איקער, דעמ טאָכ פונ דער גאנצער טעאָריע וועגנ נאציאָנאלנ באוווסטזײַנ פונ די פאשיסטישע פעדאגאָגנ. „לייד אונ גליק, רײַכקײַט אונ נויט, דאָס אלצ שמידט אונדז צונויפ צוזאמענ". אויב מע זאָל גלייבנ דער דאָזיקער טעאָריע, זײַנענ די קרופּס, סטינעסעס א. א. אונ די פינפ מיליאָנ ארבעטלאָזע געבונדנ צווישנ זיכ מיטנ געפיל פונ נאציאָנאלער סאָלידאריטעט. קלאָר ווי דער טאָג: די טעאָריע פונ נאציאָנאלנ באוווסטזײַנ דארפ דאָ דינענ די הערשנדיקע קלאסנ צו פארווישנ דעמ פארביסענעמ קאמפ צווישנ דעמ פראָלעטאריאט אונ דער בורזשואזיע, זי דארפ דאָס אײַנשמועסנ, שאפנ איליוזיעס בא די ארבעטנדיקע, אז צווישנ זיי אונ די רײַכע איז פאראנ בעשוטפעסדיק קולטור־פארמעגנ, קעדײ דורכ דעמ אָפהאלטנ די ארבעטנדיקע פונ רעוואָליוציאָנערע מײַסימ.

אָבער דער סאמע וויכטיקסטער עלעמענט פון נאציאָנאלן באוווסטזיין איז לויט שפּרענגערן דער פינפטער — די געמיינזאמע צוקונפט.

„דעריבער געהערט צו א געזונטן פאָלקס־באוווסטזיין פאר אלעם דאָס, וואָס א פאָלק גלייבט אין א געמיינזאמער צוקונפט, אין דעם איז זיין פולע לעבעדיקייט. יאָ, מיר מוזן נאָך אנטשיידע־נער זאָגן: א פאָלק מוז זיך אליין צושרייבן א מיסיע צווישן אלע פעלקער. מע מוז גלייבן, אז אין פאריין פון די קולטור־פעלקער שטעלט עס פאָר א באזונדער פאָרם, וואָס קאָן ניט פעלן, אז ס'וועט זיך אויסבילדן אין דער גייסטיקער וועלט א בזויז אויב דאָס פאָלק וועט זיך אויסשליסן מיט זיין אייגנטימלעכער קראפט. אין דעם זינען האָט א געזונט פאָלק שטענדיק א צוקונפט־ווילן, א לעבן־גלויבן, ענדלעך—א קויעך פון פארשפּרייטונג" (שפּראנגער) דאָרטן, ז. 3.

יעדעס פאָלק האָט אפּ אזא אויפן אויסצופילן א באזונדער מיסיע פאר דער מענטשהייט. עס פארשטייט זיך פון זיך זעלבסט, אז אויב ס'איז אזוי, אויב יעדעס פאָלק, ווי א גאנצעס, דארף אויספילן א באזונדער שליכעס, קאָן שוין ניט זיין קיין רייד וועגן קלאסן־אידעאלן, קיין קלאסנקאמפּ. פארקערט, יעדער, וואָס רעדט נאָר וועגן קלאסן און קלאסנקאמפּ, איז א פארעטער ניט נאָר קעגן דעם דייטשישן פאָלק, נאָר אויך קעגן דער גאנצער מענטשהייט.

און גאנץ קאָנסעקווענט איז שפּראנגער, ווען ער מאכט אן אויספיר: „מיר וועלן ניט ווערן קיין פאָלק, קאָלומאנג ס'עקזיסטירט די אידייע פון האספּולן קלאסן־קאמפּ" (שפּראנגער, דאָרטן, ז. 10).

ווי מיר זעען, איז די גאנצע טעאָריע וועגן פאָלקס־באוווסטזיין געווענדעט קעגן דעם פּראָלעטאריאט, קעגן זיין פּארטיי און קעגן זיינע אָרגאניזאציעס, זי האָט אין אויג צו פארניכטן די רעוואָלוציאָנערע באוועגונג. דער גאנצער טומל פון די היט־לעראָווצעס, פון די נאציאָנאל־סאָציאליסטן וועגן ראטעוועון, אופשטעלן די דייטשי־שע נאציע איז ניט מער, ווי א פעלדמארש קעגן די ארבעטנדיקע, איז א געווער אין די הענט פון דער דייטשישער בורזשואזיע צו ראטעווען זיך אליין פון דער פּראָלע־טארישער דיקטאטור.

אָבער די דאָזיקע טעאָריע פון פאָלקס־באוווסטזיין איז ניט קיין ריינער אקאדע־מישער איניען, זי דארף דאָך געלייגט ווערן אין גרונט, אלס הויפּט־פּרינציפּ, פון דער גאנצער דערציִונג, אָנגעהויבן פון די סאמע נידעריקסטע בילדונג־שטופן ביז די סאמע העכסטע.

„מיר קאָנען זיך פאָרשטעלן די נייע פאָרם פון לערער־בילדונג נאָר אין דעם דייטשישן זין. זעלבסטפארשטענדלעך, אז אויך די אנדערע שולן־שטופן דארפן האָבן אין זייער צענטער די אויס־בילדונג פון דייטשישער אייגנארט, קראפט און באוווסטזיין...

אָבער אין די העכערע שולן קומט צו די פליכט און מעגלעכקייט נאָך שארפער אויסצואר־בעטן די דייטשישע אייגנארטיקייט באגלייך מיט דער אָפּצייכענונג קעגן דעם פרעמדן וועזן" (שפּאנגער, דאָרטן, ז. 10).

וועלכן־זשע דידאקטישן מאטעריאל לייגן די פאשיסטישע „פּעדאגאָגן" אין גרונט פון זייער שול־ארבעט?

די היימאט־ווייסנשאפט—דאָס איז די אקס, ארום וועלכער עס דארף זיך דרייען דער גאנצער בילדונג־מאטעריאל, די גאנצע דערציִונג־ארבעט.

„די היימוויסנשאפט בילדעט דעם קנגסטן, דעם סאמע פעסטן רינג, פונוואנען דער בליק פארברייטערט זיך אין דער דייטשישער געשיכטע, דייטשישער קונסט, דייטשישער ליטעראטור, דייטשישער קולטור ביכלאל".

פאַרשטייט זיך, אַז אינעם היסטאָריש־געאָגראַפישן דידאַקטישן מאַטעריאַל גייען ניט אַרײַן די אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, עס גייען ניט אַרײַן די האַמבורגער גאַסן, בערלינער, רורער ערטער, ווו דער דײַטשישער פּראָלעטאַריאַט האָט ניט איין־מאָל באַריקאַדן געבויט, עס גייען ניט אַרײַן די ערטער, וואָס זײַנען פאַרבונדן מיט רעוואָליוציאָנערע טאַטן און העלדן. אויסלערנען דאַרף מען נאָר דאָס, נאָר אַזעלכע דײַטשישע ערטער, וואָס זײַנען פאַרבונדן מיט

„שטאָלצע פאָלקס־דערינערונגען, שטענדיק האַלטן אין מיטלפּונקט פון דער איבערלעבונג די אָנשוילעכע פאָרשטעלונגען פון דײַטשישן ווילן און דײַטשישער בענקעניש: דעם קיפהויזער (באַרג אין טיורינגען), דאָס שלאַכטפעלד פון לײַפּציק, וויימאַר, פּאָטסדאַם, די שוואַבישע הויפּט־שלעסער, די דײַטשישע טײַכן, דעם נידערוואַלד אויפן ריין, מאַריענבורג אויף דער ווײַסל, די מיטלאַלטערלעכע סאָ־באָרן און קלויסטערס, וואַרטבורג און דער זאַקסנוואַלד. און וואָס איז דאָס וויכטיקסטע: מיר דאַרפן זיך אויסלערנען אין די אַלע סימבאָלן זען ניט דאָס אונטערשיידנדיקע, נאָר דאָס פאַרבינדנדיקע, ווײַל ווי געזאָגט: ווי רײַך די דײַטשישע פרײַהײַט איז געווען, און דאָך האָט איין גרויסע אידייע אין די בעסטע צײַטן אַלץ באַהויכט: די פון דײַטשישן פאָלק געטראָגענע מעלוכע" (שפּראַנגער, דאָרטן, ז. 12).

שלאַכטפעלד און קלויסטער—דאָס איז דער דידאַקטישער אַרום פון דער פאַשיסטישער שול.

דער „היימאַט"־פּרינציפּ — איז דאָ די באַזע פון קרעריקאַל־נאַציאָנאַליסטישער דערציִונג [1]).

די דערציִונג פון דעם פאָלקס־באַוווּסטזײַן, די היימאַט־וויסנשאַפט א. אַז. וו. דאַרפן גאַראַנטירן די דערציִונג פון געטרײַע היטלעראָווצעס, הענקער פון פּראָלע־טאַריאַט, ריסער פון קולטור־פאַרניכטונג.

„דערמיט איז פאַר דער דײַטשישער שול געשטעלט געוואָרן אַ נײַער געזעץ: זי דאַרף אין דער צוקונפט דערציִען דעם פּאָליטישן מענטשן, וואָס וועט מיט זײַן גאַנצן דענקען און האַנד־לען זײַן אײַנגעוואָרצלט אין דער נאַציאָנעלער מעלוכע" („דײַטשע שולע", 1933 יאָר, נומ 7, ז. 337) [2]).

.4

דער אימפּעריאַליסטישער, מיליטעריש־נאַציאָנאַליסטישער גײַסט פון דער דײַטשי־שער פאַשיסטישער פּעדאַגאָגיק האָט אָבער געפונען איר שאַרפסטן אויסדרוק אין דער „גרענצלאַנדפּעדאַגאָגיק". דאָס איז די פּעדאַגאָגיק וועגן דערציִען דעם „גרע־

---

[1]) אין דער דאָזיקער פאַרבינדונג איז קעדײַ צו דערמאָנען, אַז דער לאָקאַל־פּרינציפּ, וועלכן מיר האָבן אָנגעווענדט אין די פריִערדיקע יאָרן אין דער קאָמפּלעקס־סיסטעם, האָט אָפּט געשפּײַזט דעם נאַציאָ־נאַליזם אין אונדזערע סאָוועטישע שולן. ס'דאַרף געווענדעט ווערן די אויפמערקזאַמקײַט אויף דעם וואָס די קלאַסן־פאָנים האָבן אונטער דער מאַסקע פון לאָקאַל־פּרינציפּ דורכגעשלעפּט אין גרונט די „היימוויסנ־שאַפט" פון דעם זעלביקן מין, ווי זי ווערט אינטערפּרעטירט דורך די פאַשיסטן־פּעדאַגאָגן. עס איז געווען אָנצורופן, צום בײַשפּיל, די לערנביכלעך אויף שפּראַך און ליטעראַטור פון יינגערע קאָנצענטער איוואַניצעס, דאַהאַס אין אוקראַיניש, די קולטור־געשיכטלעכע אַרבעטן פון יאַכינסאָן אין ייִדיש א. אַז. וו.

[2]) I. Thies. „Die Lehre vom völkischen Raum in der deutschen Volksschule".

גנעצ־גײַסט״, דעם גײַסט פונ פאשיסטישער עקספאנסיע אפ מיזרעכ אונ מײַרעוו. שוינ דער נאָמענ פונ דער דאָזיקער פעדאגאָגיק איז גענוג כאראקטעריסטיש פארנ פאשיזמ. פאר דער דאָזיקער „מאָדערנער״ וויסנשאפט עקזיסטירט אפילע א ספעציִעלע פעדאגאָגישע אקאדעמיע: „די עלבינגער פעדאגאָגישע אקאדעמיע״. זי איז דאָס בארופנ צו גרייטנ לערער אינ גײַסט פונ גרענצלאנדפעדאגאָגיק אונ אויכ איבער־גרייטנ די פאראנענע לערער. קעדיי צו באקומענ א פאָרשטעלונג וועגנ אָט דער דאָזיקער „פעדאגאָגיק״, איז גענוג נאָר אָנצורופנ די טעמאטיק פונ א ציקל לעקציעס, וואָס איז געלייענט געוואָרנ אפ איבערגרייטונג־קורסנ אינ דער דאָזיקער אקאדעמיע: „עדינגענ אונ דאנציק״, „די פוילישע פראגע פאר אונ ערעוו דער מילכאָמע״, „די יע־סוידעס פונ דײַטשיש־פוילישנ קעגנזאצ אונ זײַנע דערשײַנונג־פאָרמענ״, „דײַטשלאנדס לאגע צווישנ מײַרעוו אונ מיזרעכ״ א. אז. וו. איר געפינט אויכ אזוינע באמערקונגענ אינעם פעדאגאָגישנ זשורנאל וועגנ די לעקציעס אינ דער עלבינגער אקאדעמיע, ווי „פראָפעסער ראטפעל האָט ארויסגערופנ אינטערעס פארנ באלטישנ דײַטשטום, אונ דאָס רעטעניש „סאָוועט־רוסלאנד״ „האָט געפונענ א באדײַטנדיקע באלײַכטונג דורכ געהיימראט טליינאָוו״ („דײַטשע שולע״, 1933, נום. 1, ז. 191) [1].

די דאָזיקע „גרענצלאנדפעדאגאָגיק״ דארפ דאָס אידעאָלאָגיש צוגרייטנ אינ די גרענצלענדער די קאדרענ פאר אימפעריִאליסטישער עקספאנסיע. ווי מיר זעענ, גייט ארײַנ אינ דער ספערע פונ די פאשיסטישע „פעדאגאָגישע״ פלענער אי פוילנ, אי באלטיק, אי דאָס „רעטעניש״ — ראטנפארבאנד.

קעדיי אָבער צו דערציִענ די יוגנט אינעם גײַסט פונ פאשיזמ, אינעם גײַסט פונ „גרענצפעדאגאָגיק״, אינעם גײַסט פונ מיליטאריזמ, קעדיי זיי צוגרייטנ פאר די פאָר־שטייענדיקע אימפעריִאליסטישע מילכאָמעס, איז נויטווענדיק, אכוצ צו ליקווידירנ דעמ גרעסטנ סוינע, דעמ פראָלעטאריאט, אויכ „דערלייזנ״ די נאצמינדישע פראגע אינ פאשיסטישנ דײַטשלאנד. די נאציִאָנאלע מינדערהײַט, אינ דער ערשטער ריי די פוילישע, פארשאפנ דער פאשיסטישער פעדאגאָגיק אָנ א שיר זאָרג אונ אומרו. די פוילישע מינדערהײַט אינ מיזרעכ־דײַטשלאנד האָט, ווײַזט אויס, ווייניק באגײַסטערונג פאר דעם „דײַטשישנ פאָלקס־באוווסטזײַנ״, פאר דער „געשיכטלע־כער מיסיע״ פונעמ דײַטשישנ פאָלק, זי האָט, ווײַזט אויס, ווייניק כיישעק צו דינענ אלס הארמאטנ־פלייש פאר דער פאשיסטישער אימפעריִאליסטישער עקספאנסיע.

אונ דעריבער טאקע איז איינע פונ די גרונט־פראָבלעמעס פונ דער גרענעצ־פעדאגאָגיק — פארניכטנ די נאציִאָנאלע פוילישע מינדערהײַט.

פארשטייט זיכ, אז אויסערלעכ רעדט זיכ ניט וועגנ רעפרעסיווע מאָסמיטלענ קעגנ דער פוילישער נאציִאָנאלער מינדערהײַט, ניט וועגנ פארפאָלגונגענ, עס רעדט זיכ זייער דעליקאט וועגנ געוועט־שטרײַט פונ צוויי קולטורנ.

„אינ א געוויסנ הינזיכט איז דאָס אפילע געווונטשנ, אז עס זאָל גיינ א געוועט־שטרײַט צווישנ אונדז (דער דײַטשישער קולטור. — ג. ג.) אונ אונדזערע פוילישע שכיינים״ („דײַטשע שולע״, 1933, נום. 4, 195) [2].

---

[1]) I. Schwanbeck. „Grenzlanderziehungsfragen und deren Berücksichtigung in der Pädagogischen Akademie Elbing".

[2]) „Aus der erziehungswissenschaftlichen Arbeit im Deutschen Lehrerverein. Grenzlandpädagogik. (Gesamtbericht aus dem Regierungsbezirk Westpreussen)".

די אָנהעגנגער פונ דער „גרעגנצפעדאגאָגיק" פארשטייעג אָבער אפ זייער אנ אײַ־גנארטיקנ אויפנ דעמ געוועט־שטרײַט צווישנ דער דײַטשישער אונ פוילישער קול־טור. פריִער ווערט אלץ געטאָנ, קעדיי ניט צו דערלאָזנ די אנטוויקלונג אונ בויונג פונ דער פוילישער שול. אונ אויב אזוינע ווערנ געעפנט לויט פריוואטער אָדער געזעלשאפטלעכער איניציאַטיוו, ווערנ זיי פונ דער מעלוכע ניט אנערקענט. נאָר די שול, וואָס פארמאָגט ניט ווינציקער פונ 40 קינדער אונ וואָס אנטשפרעכט אלע פאָדערונגענ פונ דער פאשיסטישער מעלוכע, קאָנענ באקומענ מעלוכישע שטיצע אינ דער מאָס פונ 60% פונעמ גאנצנ ביודזשעט. דאָס איבעריקע פאלט אינגאנצנ אפ די פלייצעס פונ די עלטערנ אָדער געזעלשאפטלעכער הילפ. איז דאָכ נאטירלעכ, וואָס די פוילישע שולנ זײַנענ אינ אנ ערגערער לאגע, ווי די מעלוכיש־דײַטשישע, אונ דאָס צווינגט א באדײַטנדיקנ טייל פוילישע קינדער באזוכנ די דײַטשישע שול. מאכנ דערפונ די אָנהענגער פונ געוועט־שטרײַט אנ אויספיר, אז די פוילישע באפעל־קערונג וויל גאָרניט קיינ פוילישע שול.

„דעריבער וואקלענ זיכ פיל עלטערנ, צי זאָלנ זיי שיקנ זייערע קינדער אינ די מינדערהײַט־שולנ" (דאָרטנ, ז. 196).

ווענ מע זאָל נאָכ דערצו צוגעבנ די מאָראלישע אטמאָספער, וואָס ווערט גע־שאפנ ארומ דער נאצמינד־שול, וועט קלאָר ווערנ, אינ וואָס עס באשטייט די „גרענצפעדאגאָגיק" פונעמ פאשיזמ. פאר אלעמענ ווערט יעדע קולטור-ארבעט אינ דער פוילישער שפראכ באטראכט, ווי אנ אקציע קעגנ דער דײַטשישער מעלוכע, קעגנ דעמ דײַטשישנ פאָלקסטומ. יעדע קולטור־אונטערנעמונג ווערט לעכאטכילע גענומענ אונטערנ כשאד פונ שפּיִאָנאזש אונ אונטערײַס־ארבעט קעגנ דער דײַטשי־שער מעלוכעשאפט.

„די מינדערהײַט־שולנ ווערנ פונ דער פוילישער זײַט באטראכט אלס „קוזניעס פונ פוילנטומ". די פוילישע לערער פונ די מינדערהײַט־שולנ פארלירנ יעדנ טאקט אונ צוריקהאלטונג, וואָס מע וואָלט געדארפט דערווארטנ פונ זיי אלס פונ געסט (מײַנ קורסיוו. — ג. ג.). דער ווילנ צו שיקנ קינדער אינ דער מינדערהײַט־שול ווערט קינסטלעכ געשאפנ, עס גייענ אגיטאטערס פונ הויז צו הויז, אפ א ביט־לאָיאלנ אויפנ ווערנ די קינדער ווערבירט, דערבײַ שפּילנ מאטאָנעס אונ צוזאָגונגענ, ווי אויכ דראָונגענ, ניט קיינ קליינע ראָליע" („דײַטשע שולע", 1933 י. נומ. 4, ז. 196).

האָס, פײַנטשאפט צו אלץ, וואָס איז ניט דײַטשיש — דאָס איז דער לייטמאָטיוו פונ דער „גרענצפעדאגאָגיק". זי איז געבויט אפ העצע, זי האָט דעמ צוועק צו דער־ציִענ די קינדער פונ קליינוויײַז אָנ אינ נאציִאָנאלער סינע צו די נאציִאָנאלע מינ־דערהײַטנ, ווי ביכלאל צו אלע אנדערע נאציִאָנאליטעטנ.

מיר זײַנענ ניט געצוויגט צו נעמענ אונטער אונדזער שוץ די נאציִאָנאל-פאשיסטי־שע מאכינאציעס פונ די פוילישע נאציִאָנאליסטנ אינ מיזרעכ־דײַטשלאנד, וואָס זײַנענ פונ איינ שטיק געגאָסנ, ווי די דײַטשישע פאשיסטנ, אונדז איז נאָר וויכטיק אופצו־דעקנ דעמ טאָכ פונ דעמ פאשיסטישנ „דײַטשישנ פאָלקס־באוווסטזײַנ", אופצודעקנ דעמ טאָכ פונ דער לעצטער פאשיסטישער דערפינדונג — „די גרענצפעדאגאָגיק", אונ אופדעקנ דעמ טאָכ פונ דער טעאָריע פונ „קאמפ פונ קולטורנ".

5.

דאָס בילד פונ דער פאשיסטישער פעדאגאָגיק וואָלט ניט געווענ קיינ פולער, ווענ מיר וואָלטנ ניט באלײַכטנ אינ קורצנ איר באציִונג צו רעליגיע אונ צו רעליגיעזער דערציִונג.

די פאשיסטישע פעדאגאָגנ טרעטנ זייער שארפ ארויס קעגנ די פאָרשטעלונגענ, וואָס די ביז־איצטיקע בורזשואז־ליבעראלע פעדאגאָגיק האָט געהאט וועגנ רעליגיע אונ געטלעכקײַט. פאר זיי איז אפילע אזא באגרענעצטער בורזשואז־פיליסטערשער פעדאגאָג־פילאָסאָפ, ווי שלייערמאכער, וועגנ וועמעס לערע ענגעלס האָט אמאָל געזאָגט: „דאָס איז פארנונפטיקעס קריסטנטום" (מארקס־ענגעלס, ב. XXI, 517), אפילע ער איז צו רעוואָליוציִאָנער, צו פראָגרעסיוו. באקלאָגנדיק דעמ טרויעריקנ צושטאנד פונ רעליגיע אינ שול אונ די אָפּוועזנהײַט פונ רעליגיעזנ פיִעטעט בא די ברייטע מאסנ, זאָגט ג. באָהנע:

„מיר האָבנ געלעבט רעליגיעז אינ טאָג לויט די געדאנקענ פונ שלייערמאכער: רעליגיע האָט איר באזונדער אָרט אינעווייניק אינעמ מענטשנ אונ איז וועזנטלעכ א זאכ פונ געפיל. ניט די ווירקלעכקײַט פונ גאָט, זײַנ אנטפלעקונג אונ זײַנ האנדלונג אינ דער געשיכטע באגרינדעט די רעליגיע, נאָר דאָס שעפערישע געפיל פונ אָפּהענגיקײַט" („דײַטשע שולע", 933, נומ. 5, ז. 223) 1).

די פאשיסטנ, ווי מיר זעענ, באפרידיקט שוינ ניט די אנערקענונג לויט שלייערמאכערנ, אז רעליגיע איז דער אײַנגעבוירענער אינעמ מענטשנ שעפערישער געפיל פונ אָפּהענגיקײַט פונ אנ איבערנאטירלעכנ קויעכ. די דאָזיקע „רעוואָליוציִאָנערע" טעאָריע איז געפערלעכ דערמיט, וואָס זי טראָגט אריבער די פראגע וועגנ רעליגיע אינ דער פלאָכ פונ געפיל, אינ דער געפיל־וועלט פונ מענטשנ. די פראגע „וועגנ ווירקלעכקײַט פונ גאָט אונ וואָרהאפטיקײַט פונ רעליגיע ווערט פארוואנדלט אינ א פראגע וועגנ עכטקײַט פונ רעליגיעזנ געפיל" (דאָרטנ, ז. 223). די פראגע וועגנ וואָרהאפטיקײַט פונ רעליגיע אונ ווירקלעכקײַט פונ גאָט ווערט אפ אזא אויפנ גענומענ אונטער א כשאד, אונ דאָס איז געפערלעכ פאר דער נאציִאָנאלער עקזיסטענצ פונעמ דײַטשטום. גאָט אונ רעליגיע טאָרנ אונטער אזא כשאד ניט גענומענ ווערנ. מע מוז דערציִענ די קינדער אינ באוווסטזײַנ, אז גאָט איז א ר ע א ל י ט ע ט אונ אז רעליגיע איז ע כ ט! די פאשיסטנ זײַנענ אויכ ניט צופרידנ מיט דעמ אמאָל ליבעראלנ שפּאנגערנ, וואָס האָט געהאלטנ, אז א רעליגיעזער מענטש איז א טיפּ פונ א באזונדער סטרוקטור. די דאָזיקע „רעוואָליוציִאָנערע" טעאָריע איז געפערלעכ דערמיט, וואָס צולאָזנדיק, אז א רעליגיעזער מענטש איז א באזונדער סטרוקטורישער טיפּ, קומט מענ צומ לאָגישנ אויספיר, אז ווער עס האָט ניט אזא סטרוקטור, אָדער וואָס געהערט ניט צו דעמ טיפּ, קאָנ שוינ ניט דערצויגנ ווערנ רעליגיעז. אזויארומ קאָנ זיכ באקומענ, אז עס זײַנענ פאראנ ארעליגיעזע טיפּנ. מיט אזא טעאָריע קאָנענ די פאשיסטנ ניט שאָלעמ מאכנ, זי דארפ, לויט זייער מיינונג, אפנ קאטעגאָרישסטנ אויפנ באקעמפט ווערנ.

„די דאָזיקע פסיכאָלאָגיש־רעליגיעזע באגרינדונג (פונ שלייערמאכערנ אונ „ליבעראלנ" שפּאנגערנ.—ג. ג.) שטעלט נאָכ אויכ הײַנט דעמ רעליגיע־אונטעריכט אונ די רעליגיעזע בילדונג אינ דער פאָלקסשול אינ א גרויסער פארלעגנהײַט" (דאָרטנ, ז. 224).

1) G. Bohne. „Religiöse Bildung in der Volksschule".

קעגן אזעלכע „אפיקאָרסישע״ טעאָריעס שטעלן די פאשיסטן־פעדאגאָגן ארויס א נײַעם טעזיס:

„רעליגיע איז ניט קיין זאך פון געפיל, נאָר אן איניעז פון מענטשלעכער עקזיסטענץ. זי איז דעריבער ניט די סטרוקטור פון א באזונדערן פסיכאָלאָגישן טיפ, נאָר די זאך פון אלע מענטשן״ (דאָרטן).

די קינדער דארפן דערצויגן ווערן אין גײַסט פון דעם, אז גאָט איז רעאליטעט, ווירקלעכקײַט, וואָס אנטפלעקט זיך און וואָס איז טעטיק אין דער מענטשלעכער געשיכטע, וואָס נעמט אן אקטיוון אָנטייל און מישט זיך ארײַן אינעם גורל פון דער מענטשהײַט און אינדיווידוום.

„ווײַל אָבער די אנטפלעקונג פון גאָט איז שטענדיק טאט און ווענדונג, איז דערמיט שוין געזאָגט, אז די וואָרהאפטיקײַט פון דער רעליגיע איז ניט אינעם אנטוויקלטן דענקען, נאָר זי ווערט אופגעלייזט אינעם געשען״ (דאָרטן).

„די אנטפלעקונג און ווענדונג (פון גאָט.— ג. ג.) איז אָבער פריִער פאר אלץ ניט קיין גאָט־איבערלעבעניש, ד, ה., אז דאָס דארף באגרײַפט ווערן ניט ווי א פסיכישע דערשײַנונג, נאָר ווי א געשיכטלעכעס געשען. גאָט אנטפלעקט זיך, ווײַל ער דערשײַנט אונדז, ווירקנדיק אינעם געשיכטלעכן געשען״ (דאָרטן, ז. 225, מײַן קורסיוו.— ג. ג.).

די גאנצע וועלט דארף אונטערגעטראָגן ווערן די קינדער אלס א ווערק און אלס אן ארענע פון גאָטס טעטיקײַט.

„אנערקענט מען ניט די ווירקלעכקײַט פון גאָט, אזוי ווערט אויך געשטעלט אונטער א פראגע די ריכטיקע דערקענטעניש פון דער גאנצער וועלט, ווי אויך די דערקענטעניש פון זיך אליין״ (דאָרטן, ז. 228).

מיט דער דאָזיקער „וויסנשאפטלעכער״ טעאָריע דארף זײַן דורכגעדרונגען דאָס גאנצע לערנען און די גאנצע דערציִונג אין שול. דער צענטראלער לימעד אין שול דארף זײַן דעריבער רעליגיע. די רעליגיע דארף דערווײַזן די קינדער, אז גאָט איז געווען געשיכטלעך טעטיק ניט נאָר אמאָל, אין דער פארגאנגענהײַט, נאָר ער איז אויך טעטיק איצט.

די פאשיסטישע פעדאגאָגיק באנוגנט זיך ניט אזויארום מיטן בלויזן לימעד פון רעליגיע אין שול. די רעליגיע דארף זײַן די צענטראלע אקס פון אלע לימודים, דארף דורכדרינגען דאָס גאנצע לערנען, ווײַל גאָט איז דאָך די צענטראלע אקטיווע פיגור אין דער מענטשלעכער געשיכטע און אין דעם פערזענלעכן לעבן. די רעליגיע גייט ארויס פון די ראמען פון א שול־דיסציפלין.

„ווען דער רעליגיע־אונטעריכט רײַסט זיך ארײַן אין דער ווירקלעכקײַט, דאן קומט אוף די נויטווענדיקײַט, אז די רעליגיעזע דערציִונג רײַסט אוף די ראמען פון א דיסציפלין, ווײַל די עכטע ווירקלעכקײַט, וואָס רינגלט ארום דעם מענטשן, לאָזט זיך ניט ארײַנקוועטשן אין שאָען. מע האָט אָפט געשפּאָט איבער די דאָזיקע פרעטענזיעס פון דער רעליגיע, אָנווײַזנדיק אף דער זינלאָזיקײַט פון יעוואנגעלישער גימנאסטיק־און אריפמעטיק־אונטעריכט״ (דאָרטן, ז. 231).

די פאשיסטישע פעדאגאָגיק האלט אָבער, אז דאָס שפּאָטן איז ניט בארעכטיקט, אז ס׳איז טאקע יאָ „פאראן א יעוואנגעלישע האלטונג אויך אינעם אריפמעטישן און גימנאסטישן אונטעריכט״ (דאָרטן).

איינער א פאשיסטישער פעדאגאָג האלט אפילע, אז אין קיין שום שול־דיסציפלין „קומט ניט די יאוואנגעלישע האלטונג פון לערער און שילער אזוי צו דער אנטפלעקונג, ווי אין מאטעמאטיק־אונטעריכט" (פריץ בלום).

דאָס אייגענע דארף געטאָן ווערן מיט אלע אנדערע שול־דיסציפלינעס: נאטור־וויסנשאפט, געשיכטע א. אז. וו.

„אזוי ווער אין דער נאטורוויסנשאפט אפן אָרט פונעם מעכאניסטישן וועלט־בילד געזען ווערן דאָס א י ר א צ י אָ נ ע ל ע (מײַנ קורסיוו.—ג. ג.), די שאפונג (פון גאָט.—ג. ג.), אָדער אין דעם געשיכטע־אונטעריכט וועט צוזאמען מיט דער אימאנענטער געשיכטע־פארשטענדעניש אויפקומען די פראגע וועגן דעם געטלעכן זין פון דער געשיכטע" (דאָרטן, ז. 232).

אָט ווי עס זעט אויס די „וויסנשאפט", מיט וועלכער די פאשיסטן שטאָפּן די קינדער.

אלזאָ, דער קער צום איראציאָנעלן, צום מיסטישן, דער אבסקוראנטישער קאמף קעגן דער וויסנשאפט, זאָאָלאָגישער נאציאָנאליזם, מענטשן־האַס, אויסראָטונג פון יעדן פרײַען מענטשלעכן געדאנק, פיזישע אויסראָטונג פון די פראָלעטארישע און פויערשע קינדער, פארניכטונג פון די בעסטע ווערק פון דער מענטשלעכער קולטור, צוריקער צום פינצטערן מיטלאלטער, אומבאגרענעצטער האס צום מארקסיזם און צו דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג — דאָס איז די פעדאגאָגיק פון היטלער, העבעלס, שפראנגער און שפענגלער.

אָבער די כוואליעס פון פראָלעטארישער רעוואָליוציע קלאפן שוין אין די ווענט פון דער פאשיסטישער פעסטונג, „די אידייע פון שטורעם רײַפט שוין בא די מאסן" (סטאלין), די פראָלעטארישע דיקטאטור אין דײַטשלאנד אונטער דער אָנפירונג פון דער רומפולער דײַטשישער קאָמוניסטישער פארטיי וועט ארויספירן דײַטשלאנד פון נעם פאשיסטישן געגעם און וועט איבערהאקן די פארניכטונג־ארבעט פון דער פאשיסטישער באנדע.

דער טאָג פון פראָלעטארישן געריכט איז נאָענט.

קיִעוו, 20 אפרעל, 1934.

---

י. רעזניק

# „באנאכט אפּן אלטן מארק“

### די פאַשיסטישע יעסוידעס פונעם פּעדאַגאָגישן ייִדישיזם [1]

.1

קינדער־פּסיכאָלאָגיע און פּעדאַגאָגיק אַסאָציִירן זיך בּא אונדז, געוויינלעך, מיט לעבּנספריידיקע פאָרשטעלונגען און איבּערלעבּונגען. די קינדערשע נאַטור מיטן אייבּיקן רייץ פון איר נאַיִוויטעט, וואָס פרייט אזוי שטארק דעם דערוואַקסענעם, — דאָס איז דער מאַטעריאַל, מיט וועלכן עס פאַרנעמט זיך דער קינדער־פּסיכאָלאָג. דער מאָרגנדיקער גליקלעכער טאָג פון דער מענטשהײַט, די קאָמוניסטישע געזעלשאַפט, צו וועלכער די קינדער דארפן צוגעגרייט ווערן—דאָס איז די ציל־אײַנשטעלונג פונעם פּעדאַגאָג. זײַנען דערפאַר בּא אונדז די דאָזיקע וויסנשאַפטן שטענדיק געוועבט מיטן פּאָנעם צו דער צוקונפט און זײַנען שטענדיק בּאלויכטן מיט אירע העלע פריידיקע שטראַלן. א גאַנץ אנדער אײַנדרוק מאַכט די פּסיכאָלאָגיע און פּעדאַגאָגיק פון ייִדישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט אין ווילנע, וואָס האָבּן געפונען זייער אויסדרוק אינעם ערשטן בּאַנד „שריפטן“.

א שווערע, אומהיימלעכע בּעסאַלמען־שטימונג טראָגט זיך פון דעם דאָזיקן בּאַנד. אוילעם־האַטויע־געשטאַלטן, מיטלאַלטערלעכע שאָטנס, האַלבּצעפוילטע מייסים מיט טאַכריכים־טראַנטעס הייבּן זיך פון די זײַטלעך און פאַרפילן די לופט מיטן איפּעש פון פוילן און שימל.

אָט פירט א פּסיכאָלאָג אַן אויספאָרשונג צווישן קינדער. אים אינטערעסירט, וויִאַזוי בּאַנעמען די קינדער אַזעלכע בּאַגריפן, ווי „טויט“, „לעווײַע“, „בּעסוילעם“, „יאָרצײַט“, „קיווער“, „העספּעד“, „כעווורע־קאַדישע“, „קרעמאַטאָריע“ (ד"ר י. רובּין. „וועגן טויט־בּאַגריף בּא ייִדישע קינדער“).

אָט זײַנען אופגעשטאַנען פון קיווער א מעלאַמעד מיט זײַן הויזגעזינד, וואָס זײַנען געשטאָרבּן און בּאַגראָבּן געוואָרן אין דער ערשטער העלפט פונעם 19־טן יאָרהונדערט, און איצט שטייען זיי פאַר אײַך און פילן אויס מיט זייערע קינעס און קלאָגערײַען 18 גרויסע זײַטן in quarto (ז. רייזען. „אייניקע מעקוירים צו דער געשיכטע פון דער ייִדישער דערציִונג“).

אָט איז אופגעשטאַנען טכיִעס־האַמייסים א גאַנצער כיידער פון טישעוויץ, און איר הערט דעם אַלטן וויינענדיקן ניגן פון „וואַאַני, און איך, כאָטש איך בּין דיך

---

[1] „שריפטן פאַר פּסיכאָלאָגיע און פּעדאַגאָגיק“. ערשטער בּאַנד. רעד. לייבּוש לערער. אויסגאַבּע פונעם ייִדישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט. פּסיכאָלאָגיש־פּעדאַגאָגישע סעקציע. ווילנע 1933.

מאטריִעך מיט מײַן קווורע, האָב איך בא דײַן מאמע ראָכל ניט אזוי געטאָן". און עס הילכן אײַך אין די אויערן די קוילעס פון די קינדער, וואָס ווערן געשמיסן „מיט געזאלצענע נאסע ריטלעך אפן נאקעטן קינדערשן גרוזעסל", אָדער באשטראָפט מיט אנדערע שוידערלעכע מיטלאלטערלעכע שטראָפן (י. שטערן. באשרײַבונג פון א כיידער אין טישעוויץ).

אָט קומט אוף פאר אײַערע אויגן אַ קלאס פון צען—עלף־יאָריקע קינדער אין כיידער „יעסוידיי־האטוירע" (יסודי התורה"), וואָס באווײַזן „א שטארקע היסלאוועס פאר רעליגיעזע פאָרשטעלונגען". „א צעהיצטער כיידער־ייִנגל מיט לאנגע פייעס דערקלערט אפן קאָל: „איך וועל קוויטלעך נעמען, פידיוינעס, איך וועל געבן קא־מייעס, איך וועל מיר זיצן אויבאָן". און אלע ייִנגלעך הערן אויס מיט צופרידנקײַט דעם קאנדידאט אפ רעבע" (י. בערנשטיין. „די פראָבלעם פון טאכלעס בא ייִדישע און פוילישע קינדער").

דערבײַ שטייט איינער פון די הויפט־אָרגאניזאטערן פון דעם דאָזיקן מייסים־קארנאוואל, גאָלאָמב אליין. ער פאָכעט מיט די פארפוילטע שיימעס פונעם כיידער און פון דער יעשיווע און רעקלאמירט זיי פארן לעצטן וואָרט פון דער פעדאגאָגיק, פארן העכסטן אויסדרוק פונעם פעדאגאָגישן ייִדישיזם (א. גאָלאָמב. „פעדאגאָגישע פראָבלעמעס פון דער ייִדישער שול").

אין א ווינקל זיצט מען שיווע און מע דערציילט מיט א מידן און אומעטיקן קאָל וועגן פרישע בארמינענס — וועגן ייִדישן לערער־סעמינאר אין ווילנע, וואָס איז פריצײַטיק פארשניטן געוואָרן פון דער וועלט דורך דער פוילישער רעגירונג, וועגן קאָוונער קינדערהויז, וואָס איז געשטאָרבן מיט זײַן נאטירלעכן טויט (א גאָלאָמב. „ייִדישער לערער־סעמינאר אין ווילנע"; ד"ר לובינסקי. „דאָס קינדערהויז אין קאָוונע; מוישע סאכאר. „אין קאָוונער קינדערהויז").

און איבער אלעמען טראָגט זיך די מיסטישע שטים פונעם באוווסטן גוט־ייִדישן פסיכאָלאָג, „דעם טרעגער פון גרויסן ייִדישן פאטאָס, פון דערהויבענער, געלײַטער־טער ייִדישער גײַסטיקײַט":

„טרוים איז ווירקלעכקײַט, ווירקלעכקײַט איז טרוים" (פ. שנייער־סאָן. „סאָציאַלישקײַט בא קינדער").

אומזיסט וועט איר זוכן אין דעם דאָזיקן פערציקבויגנדיקן באנד פון פסיכאָלאָגיע און פעדאגאָגיק אן אָפשפיגלונג פונעם לעבעדיקן קינד מיט זײַנע טאָגטעגלעכע לעבעדיקע אינטערעסן, א באשרײַבונג פון דער לעבעדיקער שול־פראקטיק. איר וועט עס ניט געפינען.

דערפאר אָבער האָט איר דאָ, ויפל אײַער הארץ גלוסט, שיימעס און מייסים, מייסים מיט

טוירע־גלעקלעך,
סוקע־פלעקלעך,
טפילים־זעקלעך.

.2

„אין דער ציוויליזירטער און פאָרגעשריטענער אייראָפע, מיט איר גלענצנדיקער־אנטוויקלטער טעכניק, מיט איר רײַכער, אלזײַטיקער קולטור און קאָנסטיטוציע, איז

אָנגעקומען אזא היסטאָרישער מאָמענט, ווען די הערשנדיקע בורזשואזיִע האלט אונטער, איבער דער מוירע פארן וואקסנדיקן און קרעפטיק ווערנדיקן פראָלעטאריאט, אלץ, וואָס ס'איז אָפּגעשטאנען, אָפּשטארבנדיק, מיטלאלטערלעך"[1]).

אין קאמף קעגן דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע פאריייניקט זיך די בורזשואזיִע מיט די סאמע רעאקציאָנערסטע קויכעס. זי שלעפּט ארויס פונעם ארסענאל פון דער געשיכטע די ווילדסטע מעטאָדן, מיט וועלכע די הערשנדיקע קלאסן פלעגן אין די אלטע צייטן קעמפן פאר זייער עקזיסטענץ. זי זאָגט זיך אָפּ פון די אלע דערגרייכונגען פון דער מענטשהייט, וואָס זי אליין אפילע האָט באשאפן אין דעם פעריאָד, ווען זי איז נאָך געווען די טרעגערין פונעם מענטשלעכן פראָגרעס. די רעאקציאָנערע ווילדקייט פון דער בורזשואזיִע דערגרייכט איר העכסטע מאדרייגע אינעם פאשיזם. די פאשיזירטע בורזשואזיִע לאכט אויס מיטן גרעסטן ציניזם און צעטרעט מיטן יונקערישן שטיוול די אלע איליוזיעס פון פרייהייט, גלייכהייט, ברידערלעכקייט, פראָגרעס, וואָס זי האָט אמאָל אליין אופגעשריבן אף איר פאָן.

די בורזשואזיִע ווייסט גאנץ גוט, אז דער גרעסטער סוינע אירער, די געפערלעכסטע קראפט, וואָס די געשיכטע האָט קעגן איר ארויסגערוקט, — דאָס איז דער פּראָלעטארישער אינטערנאציאָנאליזם, די צווישנפעלקערלעכע ברידערלעכקייט פון אלע ארבעטנדיקע. דערפאר גיט זי איצטער צו אזא גרויסע באדייטונג דער צעבלאָזונג פונעם כייִשן נאציאָנאליזם, פונעם ראסן-שאָוויניזם.

קעדייִ איינצוהיטן די צעשאָקלטע הערשאפט פון לוינשקלאפעריי, כאפט זי זיך אָן אינעם אלטן אויסגעפּרוּווטן מיטל פון גייסטיקער פארשקלאפונג. די רעליגיע ווערט פראָקלאמירט, ווי א יעסאָד פון דער וועלטאָנשויונג.

אלץ, וואָס ס'איז פארבונדן מיט די דערגרייכונגען פון דער מענטשלעכער וויסנשאפט, פונעם מענטשלעכן אינטעלעקט, ווערט אריינגעשליידערט אינעם שייטערהויפן פון דער אופגעלעבטער אינקוויזיציע. א קרייץ-צוג איז געמאָלדן קעגן קולטור און אינטעלעקט. אנטי-אינטעלעקטואליזם איז די אָפיציעלע ליניע פון דער פאשיזירטער בורזשואזיִע. דאָס אָרט פון אינטעלעקט דארפן פארנעמען די בלינדע זאָאָלאָגישע אינסטינקטן און געפילן, וואָס ווערן איינגעפלאנצט און צעבלאָזן בא די אָפּגעשטאנענע מאסן.

שאָוויניזם, רעליגיע, אנטי-אינטעלעקטואליזם, ביִאָלאָגיזם — דאָס זיינען די גרונט-עלעמענטן פון דער פאשיסטישער אידעאָלאָגיע, און מיר זעען, וויאזוי די דאָזיקע עלעמענטן דרינגען וואָס וייטער אלץ טיפער ארייַן אין דער אידעאָלאָגיע פון דער מאָדערנער בורזשואזיִע.

אין דער בורזשואזער פעדאגאָגיק האָט זיך שוין לאנג געלאָזט פילן די פאשיסטישע אידעאָלאָגיע פונעם פוילנדיקן קאפיטאליזם. באזונדערס שטארק האָט זי זיך דאָרט פאנאנדערגעבליט אין מעשעך פון די לעצטע יאָרן.

די גרונט-פראגעס, מיט וועלכע עס פארנעמען זיך איצט די פאשיסטישע „וויסנשאפטלעכע" פעדאגאָגישע אויסגאבעס — דאָס זיינען פראגעס פון ראסן-היגיענע, פאלקס-פסיכאָלאָגיע, פאָלקסטימלעכקייט, רעליגיע א. אז. וו.

---

[1]) Ленин. Сочинения, т. XVI, стр. 395.

די שול איז פארוואנדלט געוואָרנ אינ א קאזארמע פונ רעליגיעזער מושטרירונג און שאָוויניסטישער פּראָפּאגאנדע. עס ווערנ ניט נאָר פארפאָלגט די נייע פּעדאגאָגישע אידייענ, נאָר די גאנצע בורזשואזע פּעדאגאָגיק, אָנהייבנדיק פונ יאָהאנ אמאָס קאָמעניוס און ביז אצינד, ווערט אָפּגעוואָרפנ, ווי אנ אויסדרוק פונ שלאבעריקנ ליבעראליזם.

דער לאָזונג „צוריק צום מיטלאלטער" ווערט דער פירנדיקער לאָזונג אינ דער טעאָריע און אינ דער פּראקטיק.

ביִאָלאָגיזם, אנטי־אינטעלעקטואליזם, נאציִאָנאליזם און רעליגיע זיינענ געוואָרנ די יעסוידעס פונ דער פאשיסטישער פּעדאגאָגיק.

די פּסיכאָלאָגיש־פּעדאגאָגישע שריפטנ פונ ווילנער יידישנ וויסנשאפטלעכנ אינסטיטוט באווייזנ, אז די דאָזיקע פּרינציפּנ זיינענ אויכ געוואָרנ די יעסוידעס פונ דער יידישיסטישער פּעדאגאָגיק.

.3

דער איינפלוס פונ די פאשיסטישע גרונט־פּרינציפּנ פילט זיכ אינ דעם גרעסטנ טייל ארטיקלענ, וואָס זיינענ געדרוקט געוואָרנ אינעם ערשטנ באנד „שריפטנ". באזונדערס בוילעט, אינ א סיסטעמאטישער און קאָנדענסירטער פאָרם, טרעטנ די אלע פּרינציפּנ ארויס אינ גלאָמבס ארטיקל „פּעדאגאָגישע פּראָבלעמעס פונ דער יידישער שול", וואָס שטעלט מיט זיכ, אייגנטלעכ, פאָר א צעוויקלטע פּראָגראם פונעם קעמפערישנ פאשיזירטנ „פּעדאגאָגישנ יידישיזם".

דעם אויבנאָנ אינ דער אידייענ־סיסטעם פונעם פּעדאגאָגישנ יידישיזם פארנעמט אָנ סאָפעק דער נאציִאָנאליסטישער מאָמענט. דער נאציִאָנאליזם, וואָס גייט איבער ערטערווייז אינ כייִשנ שאָוויניזם, טרעט ארויס אינעם בוכ אינ פארשיידענע פאָרמעס. שוינ אינ דער פאָרעדע דריקנ אויס די ארויסגעבער זייער פארדראָס דערמיט, וואָס „דאָס ראָוו פאָרשער (פונ פּסיכאָלאָגיע.—י. ר.) זיינענ געצווונגענ זיכ פארנעמענ מיט אלגעמיינע עלעמענטארע דערשיינונגענ און ניט מיט יענע פארפּלאָנטערטע איניאָנים, וואָס מע וואָלט געקענט אָנרופנ „פאָלקס־פּסיכאָלאָגיע". זיי פארזיכערנ, אז „דער גאנצער איניענ פאָלקס־פּסיכאָלאָגיע שטייט איצט אפ דער טאָג־אָרדענונג", און זיי זיינענ מאפטיִעכ, אז זיי וועלנ איינגיכנ די פראגעס שטעלנ. „מיר וועלנ זיכ זיכער באמיִענ, אז ארטיקלענ אפ אָט דער טעמע זאָלנ פארנעמענ אנ אָנגעזעענ אָרט אינ די ווייטערדיקע אויסגאבעס פונ דער סעקציע".

דערווייל טרייסטנ זיי זיכ מיט דעם, וואָס „אפילע אינ עלעמענטארע פּסיכישע דערשיינונגענ קענ דירעקט אָדער אומדירעקט דער פאָלקס־פּסיכאָלאָגישער מאָמענט שפּילנ א וויכטיקע ראָליע". אינעם בוכ גופע ווערנ געמאכט אייניקע פּרווונ אויסצוזוכנ דעם דאָזיקנ „פאָלקס־פּסיכאָלאָגישנ מאָמענט", דעם איינפלוס פונ „יידישנ פאקטער". י. בערנשטיינ, צום ביישפּיל, אינ זיינ ארטיקל: „די פּראָבלעם פונ טאכלעס" געפינט, אז עס איז פאראנ אנ אונטערשייד צווישנ דער באציִונג פונ יידישע און ניט־יידישע יינגלעכ צו כייעס־מאָרד.

„האגאמ, שרײַבט ער, איך אָפּעריר ניט מיט קיינ גרויסע צאָלנ פונ געפּאָרשטע פאקטנ, בינ איך דאָך ניט נויטע צו באטראכטנ דאָס (אכזאָריעס בענעגייע צו כײַעס. — י. ר.), ווי א זאך פונ צופאל, דערפאר, ווײַל עס האָט זיך עטלעכע מאָל איבערגע־כאזערט בא א קלענערער צאָל געפּאָרשטע פּוילישע ייִנגלעך, פּארקערט, בא א פיל גרעסערער צאָל אויסגעפּאָרשטע ייִדישע ייִנגלעך האָט זיך די אכזאָריעס לעגאבע כײַ־עס ניט ארויסגעוויזנ אפילע קיינ איינציק מאָל"[1].

אלזאָ, דאָס גלויבנ אינ דער ספּעציפישער אייגנשאפט פונעמ „ייִדישנ" פאקטער, פונ דער ייִדישער פאָלקס־פּסיכאָלאָגיע איז אזוי גרויס, אז אפילע אָנ דער געהערי־קער צאָל געפּאָרשטע פאקטנ מעלדעט מענ קאטעגאָריש וועגנ דער אטעבעכארטאָנו־קײַט פונ דער ייִדישער נאציע: ייִדישע קינדער פארמאָגנ ניט דעמ געפיל פונ אכזאָריעס צו באלעכײַימ. ייִרנ זײַנענ ראכמאָנימ בניי ראכמאָנימ.

די טעאָריע פונ פאָלקס־פּסיכאָלאָגיע אונ פאָלקסטימלעכקײַט צעוויקלט אונ בא־גרינדעט אינ זײַנ ארטיקל גאָלאָמב. די אייגנארטיקײַט אונ דעמ פאָלקסטימלעך־נאציִ־אָנאליסטישנ כאראקטער פונ דער קולטור דערקלערט גאָלאָמב אלפּי אנאלאָגיע מיט די ביִאָלאָגישע טענדענצנ, וואָס כאראקטעריזירנ יעדנ לעבעדיקנ אָרגאניזמ. „יעדער קול־טור־געביט, זאָגט גאָלאָמב, איז אינ זײַנ אנטוויקלונג פּארכאפּעריש־עקספּאנסיוו, איבעריקס איז עס אויך אינ דער נאטור אזוי: יעדער אָרגאנ, יעדער געוועב אינ אָרגאניזמ האָט א טענדענצ זיך צעוואקסנ ביז אומענדלעכקײַט, יעדער אָרגאניזמ — זיך צו פארשפּרייטנ אונ פארמערנ ביז צו אליינהערשונג"[2] די אינערלעכע אנטוויקלונג־טענדענצנ פונ דער קולטור איז די סיבע פונ איר נאציִאָנאלנ פאָלקסטימלעכנ כאראקטער.

„אינ איר עקספּאנסיע באמיט זיך יעדע קונסט ארומצונעמענ, איבערצוגעבנ אפ איר שפּראך דאָס גאנצע לעבנ, ארײַנצופירנ עס אינ איר אינטערעסנ־קרײַז. בעמיי־לע איז יעדע קונסט, יעדער קולטור־געביט נאציִאָנאל, ווײַל דאָס לעבנ איז אזא"[3].

די אינטעליגענצ פונ א פאָלק קענ זײַנ קולטור־שעפעריש נאָר אינ דעמ פאל, ווענ זי וואקסט אויס אפ דער אייגענער פאָלקסטימלעכער קולטור, אָבער ניט אפ פרעמדע קולטורנ. דאָס ווערט אויך באוויזנ מיט דער הילפ פונ ביִאָלאָגיש־אָרגאנישע קאָנצעפּ־ציעס: „אויב מיר זאָלנ א פאָלק באנעמענ, ווי א קאָלעקטיווו אָרגאניזמ, איז די מא־סע געגליכנ צו דעמ גרויסנ אומבאוווסטזײַנ, וואָס נעמט ארומ אלע געוווינהײַטנ, רעגילעסנ, געננ אונ שטריכנ, אונ וואָס בילדעט דעמ טעמפּעראמענט אונ כאראק־טער פונ פּערזאָנ; די אינטעליגענצ — דאָס איז דער אינטעלעקט פונ קאָלעקטיווו אָרגאניזמ, וואָס האָט זײַנ אופגאבע צו פאָרמולירנ אונ פאָרמירנ די קולטור־ווערטנ, צו דערפירנ אונ אויסדריקנ אינ באגריפנ דאָס געגעבעגע אינ אומבאוווסטזיניקנ לעבנ פונ אָרגאניזמ. איז דאָס געערדט געוואָרנ, ווענ דער אינטעלעקט איז אָרגאניש אויס־געוואָקסנ אונ אנטוויקלט אפנ באזיס פונ דער אייגענער נאטור אונ געוווינהײַטנ פונ דער פּערזאָנ. אנדערש איז אָבער, ווענ דער אינטעלעקט איז ניט קיינ אָרגאנישער, ווענ א קולטור האָט די פּערזאָנ אָנגעכאפּט א פרעמדע: א ז א קולטור א י ז נ י ט

1) „שריפטנ", 197.
2) דאָרטנ, ז. 296.
3) דאָרטנ, ז. 295.

פראָדוקטיוו... נאָכ ערגער איז עס באַ א קאָלעקטיוועור פערזאָן — באַ א פאָלק. אפ פרעמדע קולטורן אויסגעוואקסענע אינטעליגענץ קען אין בעסטן פאל זיַין א קולטורטרעגערישע, אָבער ניט קיין קולטור־שעפערישע״ [1]. די דאָזיקע כקירעס דער־מאנען זייער שטארק די געדאנקען פון פאשיסטישע סטודענטן, וואָס פארברענען ביכער:

„דער איקער פון דער שפראכ און ליטעראטור איז אין פאָלק״.

„דער ייִד קען טראכטן נאָר ווי א ייִד, ער זאָגט ליגן, אויב ער שריַיבט, ווי א דיַיטש. א דיַיטש, וואָס שריַיבט אפ דיַיטש, נאָר טראכט ניט ווי א דיַיטש, איז א פארעטער!״ [2].

און זאָל זיך גאָלאָמב ניט באליידיקן, וואָס מע שטעלט אים אפ איין ברעט מיט די פאשיסטישע פּאָגראָמשטשיקעס־אנטיסעמיטן, — זייערע אנטיסעמיטישע פּאָגראָם־גע־דאנקען זיַינען לאָגישע פויעליויצעס פון זיַינע נאציאָנאליסטישע טעאָריעס.

דעם גרעסטן אומגליק פון דער ייִדישער שול און פון דער ייִדישער קולטור זעט גאָלאָמב אין דעם, וואָס מע איגנאָרירט די ספּעציפישע אייגנארטיקיַיט פון דער ייִדישער פאָלקס־פּסיכאָלאָגיע און די ראָליע פון פאָלקסטימלעכקיַיט. ער קלאָגט זיך אפ דעם, וואָס „באַ אונדז ייִדן זיַינען געווען זייער פיל פרוּוון, ביפראט די לעצטע הונדערט יאָר, צו פארשפרייטן פארטיקע, שוין אויסגעוואקסענע קולטור־עלע־מענטן. און קיינמאָל האָט זיך עס ניט איַינגעגעבן. די ארומיקע קולטורן זיַינען אין פארגליַיכ מיט אונדזערע אזוי „רײַכ״ (איראָניזירט גאָלאָמב). פארוואָס זאָלן מיר זיך מאטערן מיט אונדזער אָרעמקיַיט און אָפּגעשטאנענקיַיט? פארוואָס זאָלן מיר ניט איבערפלאנצן רײַכערע קולטור־עלעמענטן? „פארשפרייטן קולטור״ האָט עס געהייסן, אָבער עס האָט זיך קיינמאָל די אריבערגעפלאנצטע קולטור ניט אסימילירט, ניט איַינגעלעבט אָרגאניש״ [3]. גאָלאָמב איז בארויגעז, ער איז שטארק ניט צופרידן מיט דער גאנצער ארבעט, וואָס איז אָפּגעטאָן געוואָרן אין די לעצטע הונדערט יאָר אין געביט פון „פארשפרייטן קולטור״ צווישן די ייִדישע מאסן. אלע פּראָגרעסיווע באוועגונגען, וואָס זיַינען פאָרגעקומען אין מעשעכ פון דער צײַט, אָנהייבנדיק פון דער האסקאָלע־באוועגונג און פארענדיקנדיק מיט דער ארבעטער־באוועגונג, זיַינען לויט גאָלאָמבן געווען איבעריק און שעדלעך. „קימאט טאָמיד האָט זיך דאָס געענדיקט, ווי אין יענער כעלעמער מײַסע מיטן שאָליעך, וואָס גייט קויפן כאָכמע...״ [4]. בעסער, לויט גאָלאָמבן, אייגענע אָרעמקיַיט און אָפּגעשטאנענקיַיט, אבי פאָלקסטימלעך, איי־דער איבערגעפלאנצטע פון פרעמדע נאציעס קולטור־עלעמענטן. איז מיט וואָס שיידן זיך אָפּ די דאָזיקע טעאָריעס וועגן פאָלקסטימלעכער קולטור פונעם דיַיטשישן פאַ־שיזם, וואָס פארטריַיבט די גרעסטע געלערנטע נאָר דערפאר, וואָס זיי זיַינען פרעמד דעם אזויגערופענעם פאָלקסטימלעכן גיַיסט פון דער דיַיטשישער נאציע?

---

1) דאָרטן, ז. 301. מיַין אונטערשטריַיכונג — י. ר.

2) פון 12 טעזיסן „קעגן דעם ניט דיַיטשישן גיַיסט״, וואָס די בערלינער סטודענטן האָבן אויסגעהאָנ־גען דעם 13 אפּרעל אין בערלינער אוניווערסיטעט. „ברוינער בוך״, ז. 172.

3) דאָרטן, ז. 304.

4) דאָרטן.

גאָלאָמב שטרײַכט באַזונדערס אונטער די ראָל פון פאָלקסטימלעכקײַט בענעגייע צו דער שול. ער פראָקלאמירט, אז „די עצעם פאָדערונג פון א שול אפ דער מוטערשפראַך פארלירט איר ווערט, ווען אונטער אָט דער פאָרמול פון דער מוטערשפראַך ווערט ניט פארשטאנען דער פאָלקסטימלעכער נאציאָנאלער מעהוס" [1]).

דער דאָזיקער פאָלקסטימלעכער נאציאָנאלער מעהוס שטעלט מיט זיך פאָר לויט גאָלאָמבן דעם באַזיס פון פעדאגאָגישן ייִדישיזם. „איך האָב אמאָל יאָרנלאנג, דערציילט ער, זיך געמאטערט איבער אזא פראגע: פארוואָס האָבן מיר קינדווײַז אזוי שטארק איבערגעלעבט דעם רעבנס מײַסעלעך פון שאבעס נאָכן שלאָף?... און איך לייענ אויך פאר די קינדער, איך דערצייל זיי אויך... אָבער נאָכן לייענען, אפ מאָרגן, איבערמאָרגן געפינ איך ניט קיינ שפורן פון אָט דער ווירקונג, עס לאָזט ניט קיינ קענטיק־דערציִערישע האשפּאָע. און דער מאטעריאל, וואָס איך פלעג צוקלײַבן, איז ניט געווען ווייניקער קינסטלעריש, איידער מײַנ רעבנס, און אינ עצעם פאָרלייענ אָדער דערציילנ וואָלט איך זיך געקאָנט פארמעסטן מיטן רעבן. איז וואָס איז דאָ?" [2]). טראכטנדיק אפ דער דאָזיקער פראגע, האָט דאָס גאָלאָמב געפונען דעם באַזיס פאר זײַנ פעדאגאָגישן ייִדישיזם — די נאציאָנאליסטישע פאָלקסטימלעכקײַט. און גאָלאָמב פאָדערט, אז די דאָזיקע פאָלקסטימלעכקײַט, דעם רעבנס מײַסעלעך און די ייִדישע יאָמטויווים זאָלן געלייגט ווערן אינ גרונט פון דער דערציִונג און בילדונג אינ דער ייִדישער שול.

זוכנדיק דעם פאָלקסטימלעך־נאציאָנאלן מעהוס פון דער ייִדישער שול, קערט זיך גאָלאָמב אום צום אלטן ייִדישן כיידער און צו דער מיטלאלטערלעכער יעשיווע. ער פאָדערט א רעוויזיע פון דער נעגאטיווער באַציִונג צום כיידער און צו דער יעשיווע, וואָס האָט זיך אײַנגעשטעלט נאָך אינ דער פעריִאָד פון האסקאָלע. „איז ניט שוינ־זשע, פרעגט ער, פון אָט דער גאנצער דערפארונג, אלץ אזוי פארקריפלט, פאלש, שלעכט, אז עס לאָזט זיך קיינ זאך פון דעם אלעם ניט לערנען?" [3]) „און צי איז טאקע בעעמעס גיט מעגלעך לעכאָלאפּאָכעס צו סינטעזירן עפּעס פון דער טראדיציִאָנעלער ייִדישער פעדאגאָגיק מיט דער הײַנטיקער מאָדערנער?" [4]). גאָלאָמב געפינט, אז מע האָט צופיל קריטיקירט דעם כיידער („דאָס זוכן נאָר כעסרוינעס האָט געמוזט ברענגען צו גוזמאָעס"). ער גיט א גרעסערע אָפּהאנדלונג וועגן דידאקטיק פון דער יעשיווע און קומט צום אויספיר, אז די דאָזיקע דידאקטיק „פארמאָגט גרויסע מײַלעס אפ אייניקע געביטן, אזוינע, וואָס מע קען זייערע פרינציפּן אויסנוצן און ארײַנפּאסן אינ אונדזער נײַער דערציִונג" [5]). די אופגאבעס, וואָס שטייען איצטער פאר דער שול, פאָדערן, לויט גאָלאָמבן, מע זאָל אײַנפירן די מעטאָדן פון דער יעשיווע, וואָס איז אמערסטן צוגעפאסט צו לייזן די דאָזיקע אופגאבע. „ווי עס זאָל ניט זײַנ, פונוואנען דאָס זאָל ניט שטאמען, אָבער די מעטאָדע, מעג מען זאָגן בעפּע מאָלע, האָט געגעבן זייער גוטע רעזולטאטן. מיר דאכט זיך, אז די יעשיוועס,

1) דאָרטן, ז. 308.
2) דאָרטן, ז. 306.
3) דאָרטן, ז. 311.
4) דאָרטן ז. 312
5) דאָרטן, ז. 314.

וואָס זײַנען ניט פאַרגאַנגענע ווײַט אין פּילפּול און מוסער, האָבן ארויסגעגעבן אסאך מער גײַסטיקע זעלבשטענדיקע מענטשן אפּ אַלערלײ געביטן, איידער אנדערע שולן פון דער שײַכעסדיקער מאדרייגע״ [1]). ווי א פראָגראַם־מינימום פאָדערט ער, מע זאָל דערוויַיל „לעכאָלאפּאָכעס״ סינטעזירן די אָרגאניזיר־פּרינציפּן פונעם כיידער מיט דער דידאקטיק פון דער יעשיווע.

.4

דער אומקער צום כיידער און צו דער יעשיווע וואָלט געווען אומעגלעך, ווען דער פּעדאגאָגישער ייִדישיזם וואָלט ניט געשטאַנען אפּ די פּאָזיציעס פונעם פאשיסטישן אנטי־אינטעלעקטואליזם. ווי באַוווּסט, האָבן די פאשיסטן גרויסע טײַנעס צו דער פּעדאגאָגיק, האַלעמיי זי פּאַרנעמט זיך דעריקער מיט דידאקטישע פּראָבלעמעס, מיט פּראָגעס, וואָס זײַנען פאַרבונדן מיט דער לערנארבעט אין שול. קריק, דער לידער פון דער דײַטשישער פאשיסטישער פּעדאגאָגיק, מאכט די דאָזיקע טײַנע פּאַרן הויפּט־מאָטיוו פון זײַן בוך „פילאָסאָפיע פון דער דערציִונג״ [2]). די זעלבע טײַנע הייבט אופּ אין זײַן ארטיקל גאָלאָמב. „מיט דער פּעדאגאָגישער קונסט, קלאָגט ער זיך, איז גע־שען א געשיכטלעכ אומגליק, וואָס זי קען זיך אדײַעם ניט באפרײַען פון דעם: פון אייביק אָן איז פּעדאגאָגיק מעשובעד צו דער דידאקטיק״.

היטלער שרײַבט אין זײַן בוך „מײַן קאמפּ״, אז די שול דארפּ ניט לערנען די קינדער וויסנשאפטן, נאָר זיי דערציִען, זיי זאָלן קענען זיך בעסער אונטערוואַרפּן דעם פירער. היטלערס מיניסטער פאר פאָלקסבילדונג פריק טײַנעט, אז „ביז איצט איז אלץ געגאנגען שלעכט, ווײַל די קינדער האָבן זיך גיט דערצויגן, נאָר זיי האָבן געלערנט״. גאָלאָמב זאָגט אויך, אז „הײַנט איז דער דידאקטישער טייל פונעם פּעדא־גאָגישן פּראָצעס בעפּיירעש מינערווערטיק. דאָס געשטאַלטיקן די פּערזענלעכקײַט איז וויכטיקער איידער דאָס באַלערנען זי״ [3]).

דער אנטי־אינטעלעקטואליזם אין פּעדאגאָגיק בינדט זיך מיט דער טעאָריע פון פאָרמעלער דיסציפּלין, וואָס האָט שטענדיק געדינט די ראקציִאָנערע צוועקן פון די אָפּשטארבנדיקע קלאַסן. די פאָרמעלע דיסציפּלין זאָגט, אז אינעם לערנען איז ניט וויכטיק געבן יעדיִעס, נאָר אנטוויקלען די פייִקײַטן און כאראקטער. די דאָזיקע טע־אָריע שליסט אײַן גאָלאָמב אין דער סיסטעם פונעם פּעדאגאָגישן ייִדישיזם. ער טרעט ארויס קעגן פּראָגראַם, קעגן א באשטימטן מינימום מאטעריִעלע יעדיִעס, וואָס אלע קינדער דארפן באהערשן. דער אידעאַל איז די יעשיווע, „ווו יעדער פון די טאַלמידים האָט געלערנט זײַן מעסיכטע, געטאָן זײַן זעלבשטענדיקע ארבעט״, ווו „דעם רעבנס שיר האָט מער אין זינען געהאַט דאָס ארײַנפירן די טאַלבידים אין דער מעטאָדיק פון לערנען״, ווו „דער רעבע אליין האָט זיך אויך ניט געהאַלטן יאָר־אײַן יאָר־אויס בא איין און דעם זעלבן טעקסט. ניין, ער פלעג זיך באמיִען די זעלבע פאָרמעלע דער־גרייכונגען צו קריגן יעדן יאָר אפּ אן אנדער מאטעריאַל״. ער פאַלט אָן אפּ דער פּראָגראַם, וואָס איז, לויט זײַן מיינונג, איינער פון די גרעסטע אומגליקן אין שול.

[1]) ראָרטן, ז. 317.

[2]) Ernst Kriek. „Philosophie der Erziehung“.

[3]) „שריפטן״, ז. 306.

„איינע פון די גרעסטע פּלאָגן פון דער הײַנטיקער אייראָפּייִשער שול איז דער דרוק פון דער ניוועלירנדיקער פּראָגראַם: אַלע דוירעס טאַלמידים, וואָס מאַכן דורך דעם געגעבענעם קלאַס, מוזן אומבאַדינגט דורכנעמען אָט דעם און בעשומויפן ניט קיין אַנדערן מאַטעריאַל. עס קומט אויס, אַז די פּונקטן פון פּראָגראַם האָבן פאַר זיך אַ גלײַכן ווערט פאַר אַלע שולן, אַלע לערער און אַלע טאַלמידים, וואָס לערנען איצט פריִער און שפּעטער אין אַלע שולן פון זעלבן מין אין גאַנצן לאַנד"[1]. אין קאַמף, קעגן פּראָגראַם נוצט ער אויס די טעאָריע פון פרײַער דערציִונג. „מע רעדט דאָך אַזויפיל וועגן שטעלן דאָס קינד אין צענטער פון דערציִונג, און דאָך — און דאָך בלײַבט די פּראָגראַם דער הר כגיגית, וואָס דריקט און שטיקט די טאַלמידים מיט די לערער"[2]. דער דאָזיקער קאַמף קעגן פּראָגראַם, וואָס שטעלט מיט זיך, אייגנטלעך, פאַר אַ קאַמף קעגן געבן די קינדער אַ באַשטימטן סכום סיסטעמאַטישן וויסן, קעגן באַקענען זיי מיט די יעסודעס פון די וויסנשאַפטן, איז כאַראַקטעריסטיש פאַרן פאַ־שיסטישן אַנטי־אינטעלעקטואַליזם פון דער גאַנצער מאָדערנער בורזשואַזער פּעדאַגאָגיק.

5.

די יִדישיסטישע שול, וואָס האָט אַמאָל שטאָלצירט מיט איר וועלטלעכקײַט, איז איצטער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שול פון רעליגיעזער דערציִונג. דער עצעם באַ־גריף וועלטלעכקײַט ווערט איצט רעווידירט אין דער יִדישיסטישער פּעדאַגאָגיק. גאַ־לאָמב פּראָקלאַמירט וועלטלעכקײַט, ווי איינעם פון די דרײַ זײַלן, אויף וועלכע עס דאַרף געבויט ווערן דער ביניען פון דער יִדישער שול. אָבער וועלטלעכקײַט איז ניט דאָס, וואָס מע האָט ביז אַהער געמיינט. „מע נעמט אויף וועלטלעכקײַט ווי אַ הייפּעך צום רעליגיעזן, און מע מיינט, אַז דער פּרינציפּ פון וועלטלעכקײַט הייסט באַקעמפן קוידעמקאָל דאָס רעליגיעזע געפיל, וואָס די קינדער ברענגען מיט זיך"[3]. גאָלאָמב איז דערמיט ניט מאַסקים. „וועלטלעכקײַט, מיינט מען, איז אַ סינאָנים צו אַנטירעלי־גיעזקײַט. אינדערעמעסן איז אָבער דער אינהאַלט פון באַגריף וועלטלעכקײַט עטוואָס אַנדערש"[4].

גאָלאָמב נעמט זיך אָן די קריוודע פון דער באַוואָלטער רעליגיע. „עס מוז אויך רעווידירט ווערן דער דרײַפוס־פּראָצעס פון אונדזער מאָדערנער פּעדאַגאָגיק—אונדזער באַציִונג צום רעליגיעזן געפיל"[5]. דער רעליגיעזער געפיל, ווײַזט זיך אַרויס, שיידט זיך מיט גאָרנישט ניט אָפּ פון אַנדערע זײַטן פונעם געפיל־לעבן, פון דער אינטעלעק־טועלער, עסטעטישער, פּראַקטיש־טעכנישער א. אַז. וו. ער איז נאָר אַסאַך טיפער און פאַרכאַפּט מערער די מענטשהײַט. צווישן רעליגיע און וויסנשאַפט איז ניטאָ קיין קעגנזאַץ. „מע מיינט, געוויינלעך, אַז דאָס וויסן וואַקסט אָפּ דעם רעליגיעזן געפיל, אַז וויסנשאַפט שטערט אים. עס איז אָבער אין גרונט פאַלש"[6]. אָט אַזוי ווערט אָפּגעראַמט דער וועג פאַר דער רעליגיע, אָט אַזוי ווערט זי ביסלעכווײַז באַשטעטיקט

1) דאָרטן, ז. 315.
2) דאָרטן.
3) דאָרטן, ז. 317.
4) דאָרטן.
5) דאָרטן, ז. 318.
6) דאָרטן, ז. 319.

אינ אירע רעכט. אָבער אפ דעם שטעלט זיכ גאָלאָמב ניט אָפ. ער גייט ווײַטער אינ דער באשטעטיקונג פונעמ רעליגיעזנ געפיל אונ פונ דער רעליגיע. אונ מיטאמאָל אנטפלעקט זיכ פאר אונדז די נעבעכ־געקריוודעטע רעליגיע, קעגנ וועלכער מע האָט קלוימערשט די גאנצע צײַט געפירט א דרײַפוס־פראָצעס, אונ אינ איר עמעסער העסלעכער צורע פונ אָנגרײַפערישנ קלעריקאליזמ. אינ איר נאָמענ טרעט ארויס גאָטס סטראפטשע, דער „וועלטלעכער" מאָדערנער פעדאגאָג גאָלאָמב, מיט א קלאָר־אויסגעשפראָכענער דעקלאראציע: „מיר אלע האָבנ פײַנט, אונ מיט רעכט, א מענטשנ אָנ א גאָט, אָנ א גלויבנ, אָנ א הייליקײַט... א מענטש, וואָס איז ניט פייִק רעליגיעז זיכ צו באציִענ צו קיינ זאכ, איז א כײַע, אונ אָפט קענ ער פאָרשטעלנ א סאָציִאלע סאקאָנע" [1]. א גליק, וואָס די ייִדישיסטישע פעדאגאָגיק פארמאָגט ניט קיינ מעלוכע־מאכט, ווענ זי וואָלט אזוינס פארמאָגט, וואָלט זי געוויס אײַנגעפירט אינקוויזיציע פאר מענטשנ, וואָס גלייבנ ניט אינ גאָט, אונ שטעלנ מיט זיכ פאָר א סאקאָנע פאר דער געזעלשאפט! עמעס, גאָלאָמב בינדט ניט דעמ רעליגיעזנ געפיל דאפקע מיטנ טראדיציִאָנעלנ גאָט. דאָס רעליגיעזע איבערלעבנ קענ זײַנ פארבונדנ „מיט א געזעלשאפטלעכנ אידעאל, אָדער מיט דערשײַנונגענ אינ דער נאטור, אָדער גאָר מיט א געוויינלעכער ליבע צו א מיידל" [2]. אָבער לענינ האָט אונדז שוינ לאנג געלערנט, אז רעליגיע אונ רעליגיעזער געפיל פירט שטענדיק, אויב ניט צו גאָט, איז צו א גאָטינקע. אונ קיינ גרויסער אונטערשייד צווישנ גאָט אונ גאָטינקע איז ניט פאראנ.

6.

דער פעדאגאָגישער ייִדישיזמ פראָקלאמירט נאָכ איינ פרינציפ, דעמ פרינציפ פונ אלוועלטלעכקײַט. אומזיסט וועט מענ מיינענ, אז אלוועלטלעכקײַט הייסט א מינ סאָרט אינטערנאציִאָנאליזמ, אז אלוועלטלעכקײַט הייסט, מע זאָל ניט אײַנצאמענ די קינדער אינ די דאלעדאמעס פונ ייִדישקײַט, אז אלוועלטלעכקײַט הייסט באקענענ די קינדער מיט דער גאנצער גרויסער וועלט. ניינ, אונטער אלוועלטלעכקײַט דארפ מענ פארשטיינ די אלוועלטלעכקײַט פונ דער ייִדישער נאציע. די לימודימ, וואָס העלפנ מיט אינ דער געוויינלעכער בורזשואזער שול, כאָטש אינ זייער א קליינער מאָס אונ אינ א פארקריפלטער פאָרמ, דער אינטערנאציִאָנאלער אויסבילדונג פונ די קינדער: געאָגראפיע פונ אנדערע לענדער, געשיכטע פונ אנדערע פעלקער אונ פרעמדע שפראכנ, — די דאָזיקע לימודימ באקומענ גאָר אנ אנדער באדײַטונג אינ דער ייִדישיסטישער שול אינ שײַנ פונ אלוועלטלעכקײַט־פרינציפ. „דער געאָגראפיע־לימעד ווערט קימאט אידענטיש מיטנ לימעד פונ ייִדישער דעמאָגראפיע". „דער גאנצער מאטעריאל פונ היימלאנד אונ ווײַטער ווערט גרופירט לויטנ שטראָמ פונ ייִדישער עמיגראציע אונ אימיגראציע" [3]. וועלט־געשיכטע ווערט געגעבנ אינ דער פאָרמ פונ... ייִדישער געשיכטע. „ווענ מיר מאכנ די ייִדישע געשיכע פאר אנ אקס, דעמלט

[1] דאָרטנ, ז. 320.

[2] דאָרטנ.

[3] דאָרטנ, ז. 324.

קומען די אלגעמיינע געשיכטעס, וואָס מע רופט עס אלגעמיינע געשיכטע, בעמיילע".

פרעמדע שפּראַכן זײַנען פון שטאַנדפּונקט פון אלוועלטלעכקײַט אינגאַנצן ניט נייטיק אין דער ייִדישער שול. „אונדזער שול מוז גרייטן וועלט־בירגער, און עס איז לעגאַמרע ניט געגוג און ניט וויכטיק אויסצולערנען א שפּראַך (וועלכע?) אין אונדזער פּאָליגלאָטישער שול" [1].

אזוי פירט דער פּרינציפּ פון אלוועלטלעכקײַט צו אזא נאַציאָנאַלער באַגרענעצטקײַט, וואָס קען אפילע אַרויסרופן קינע בא די היטלערישע פאַשיסטן.

.7

קאָנצעפּציעס, וואָס זײַנען מער־ווייניק פאַרבונדן מיט דער פאַשיסטישער אידעאָלאָגיע, זײַנען צעוואָרפן קימאַט אין אלע אַרטיקלען פונעם בוך.

מיר וועלן זיך דאָ נאָר אָפּשטעלן אפ אייניקע פון זיי.

י. בערנשטיין, אין זײַן אַרטיקל וועגן טאַכלעס פון ייִדישע קינדער, רעכנט אויס צווישן די וויכטיקסטע אינסטינקטן (?), וואָס באַשטימען דעם באַרוף פון א מענטשן, דעם אינסטינקט פון הערשן און דעם אינסטינקט פון געהאָרכן (פאָלגן). ווײַזט זיך אַרויס, אז „אין דעם אונטערוואַרפן זיך דעם אינטערעס פון גרופּע געפינט דער יאָכיד א באַפרידיקונג פאַר זײַן אינסטינקט (!) צו געהאָרכן" „אויך אין פּראָפעסיע־אויסקלײַב שפּילט א באַדײַטנדיקע ראָליע דער אינסטינקט צו געהאָרכן" [2]. ווי באַוווּסט, בויט דער פאַשיזם די גאַנצע מענטשלעכע און געזעלשאַפטלעכע סיסטעם אפן בלינדן פאָלגן און זיך אונטערוואַרפן די פירער. די פאַשיסטן דערווײַזן טעאָרעטיש, אז אזא מין אָרגאַניזאַציע האַרמאָנירט מיט די געזעצן פון דער נאַטור, זי איז אַמבעסטן צוגעפּאַסט צו די אײַנגעבאָרענע אינסטינקטן. בערנשטיין באַשטעטיקט די דאָזיקע פאַשיסטישע טעאָריע.

קימאַט אלע עקספּערימענטאַלע פּסיכאָלאָגישע אַרבעטן, וואָס זײַנען פּובליקירט אינעם בוך [3], באַזירן זיך אפ דער מעטאָדאָלאָגיע פון געשטאַלט־פּסיכאָלאָגיע. דער גרונט־באַגריף פון דער געשטאַלט־פּסיכאָלאָגיע, דער מעטאַפיזיש־אידעאַליסטישער באַגריף פון טאָטאַליטעט שטעלט מיט זיך פאָר בא הײַנטיקן טאָג דעם יעסאָד פון דער פאַשיסטישער פילאָסאָפיע. ער געפינט זיך אין אן ענגער פאַרבינדונג מיט דער שטרעבונג צו פּאָליטישער טאָטאַליטעט, וואָס געפינט איר אויסדרוק אין דער פאַשיסטישער קאָרפּאָראַטיווער מעלוכע.

דער דאָזיקער באַגריף איז, אגעוו, אויך דער יעסאָד פון שפּרייערסאָנס מיסטישאידעאַליסטישער מענטשן־לערע.

אזוי־אַרום זעען מיר, אז די מעטאָדאָלאָגיע פון די עקספּערימענטאַל־פּסיכאָלאָגישע אַרבעטן וואַקסט זיך אויך צונויף מיט דער פילאָסאָפיע פון פאַשיזם.

---

1) דאָרטן, ז. 325.

2) דאָרטן, ז. 206 — 207.

3) פּראָפ. קורט לעווין—„די פּסיכאָלאָגישע סיטואַציע בא באַלוינונג און שטראָף"; לייביש לערער — „געוויסע אייגנשאַפטן פון וויזועלן אופנעמען".
ש. לעווין — „די פּסיכאָלאָגיע פון לייענען".

אינעם באנד „שריפטנ“ זייַנענ פאָרגעשטעלט אויכ עטלעכע ליבעראלע דאָקטוירים, לעצטע מאָהיקאנער פונעם בורזשואזנ ליבעראליזם.

דאָקטער קאָוואַרסקי אינ זייַנ ארטיקל וועגנ נערוועזקייַט אונ היסטעריע ברענגט די מיינונג פונ אסאכ אווטאָריטעטנ וועגנ דעם, אז דער צושטאנד פונ נעווראסטעניע אונ היסטעריע „דראָט צו פארכאפנ די גאנצע מענטשהייַט אינ זייַנ זיגרייַכנ מארש“. די סיבע פונ דעם דאָזיקנ זיגער־מארש זעט מענ אינ דער מאָדערנער קולטור. „קולטור — אָט דאָס איז דאָס גרונטיקע שלעכטס, וואָס גיט דעם שטויס צו דער אנטוויקלונג פונ נערוועזקייַט אונ היסטעריע. די קאָלאָסאלע קאָמפליצירונג אינ לעבנ, די נייטיקייַט ביז דער העכסטער מאדרייגע אָנצושטרענגענ די ענערגיע אינ קאמפ פאר עקזיסטענצ; דער רויש פונ די שטעט, פאבריקנ אונ זאוואָדנ מיט זייער מעשוגענעם ארבעטס־טעמפ; באנענ, טעלעפאָנענ, טעלעגראפ, ראדיאָ, לופטפליערייַ מיט זייער קעסיידערדיקער פאָדערונג: „פאָרויס! גיכער!“ גיבנ ניט קיינ מעגלעכקייַט דעם מענטשנ זיכ אָפצושטעלנ, זיי האלטנ אים אינ שפאנונג אונ צעשטערנ זייַנ נערוונ־סיסטעם“ [1]. א צווייטע סיבע פונ דער פארשפרייטונג פונ נעווראסטעניע אונ היסטעריע איז די שול. „די שולנ מיט זייער איבערלאָדונג העלפנ דער קולטור צו טאָנ איר צעשטער־ארבעט. די נישט רעגולערע דערנערונג, דער דראנג צו פארגעניגנס, דער דאָזיקער דעמפינג פונ די נערוונ פארענדיקט די ארבעט אינגאנצנ. עס איז דעריבער נאטירלעכ, וואָס נישט נאָר דערוואקסענע, נאָר אויכ קינדער אינ שול־עלטער גיבנ — ווי עס ווייַזט אונדז די סטאטיסטיק — א גרויסנ פראָצענט נערוועזע אונ היסטערישע“ [2]. פאשיסטישע טעאָרעטיקער מאכנ דערפונ דעם אויספיר, אז מע דארפ זיכ אָפזאָגנ פונ דער צו ראשיק־וואקסנדיקער קולטור, אז מע דארפ זיכ אומקערנ פונ שטאָט אינ דאָרפ, פונ פאבריק צו האנטארבעט, פונ 20־טנ יאָרהונדערט אינ מיטלאלטער. דאָקטער קאָוואַרסקי מאכט ניט אזוינע אויספירנ. ער איז א ליבעראל. ער גיט ניט צו קיינ באשטימענדיקע באדייַטונג דער קולטור. ער האלט אפילע, אז די קולטור אונ די שול טיילנ אויס קעגנגיפטנ קעגנ נעווראסטעניע אונ היסטעריע, אז בא א געהעריקער היילונג אונ פראָפילאקטיק קענ דער זיגערישער מארש פונ די דאָזיקע קראנקייַטנ אָפגעשטעלט ווערנ. אזויארום האלט קאָוואַרסקי אונטער די אלטע איליוזיע, אז אינ די ראמענ פונ דער בורזשואזער געזעלשאפט קענענ געשאפנ ווערנ געהעריקע טנאָים פאר דער נאָרמאלער אנטוויקלונג פונעם מענטשנ. אינדערעמעסנ איז דאָס ניט מער, ווי אנ איליוזיע. פונקט אזויווי ס'איז פאלש די מיינונג פונ די פאשיסטנ, אז קולטור ביכלאל איז שולדיק אינ דער פיזישער אונ גייַסטיקער דעגראדאציע פונ די ארבעטנדיקע, אזוי זייַנענ אויכ ניט גערעכט די ליבעראלנ, וואָס האלטנ, אז אינ די טנאָים פונ דער בורזשואזער קולטור איז מעגלעכ אויסצומיידנ אזא דעגראדאציע. די בורזשואזע קולטור געפינט זיכ אינ צושטאנד פונ פוילנ, אונ קיינ שום פראָפילאקטיק אונ הייל־מיטלענ קענענ ניט אָפווענדנ די שעדלעכע ווירקונג פונ דער דאָזיקער קולטור אפנ ווילשטאנד אונ אפנ געזונט־צושטאנד פונ די ארבעטנדיקע מאסנ. דער איינ־

---

[1] דאָרטנ, ז. 2.

[2] דאָרטנ.

ציקער אויסוועג איז די פארניכטונג פון דער דאָזיקער קולטור. נאָר די פּראָלעטארישע הערשאפט קען איינשטעלן א הארמאָניע צווישן דער ראשיק־וואקסנדיקער קולטור און דער נאָרמאלער אנטוויקלונג פונעם אינדיווידי. דאָס איז קלאָר פאר יעדן, וואָס קוקט מיט אָפענע אויגן אפ געזעלשאפטלעכע דערשיינונגען, דאָס וועט מיט יעדן טאָג אלץ קלאָרער פאר די ארבעטנדיקע מאסן. דארף מען די דאָזיקע דערשיינונג פארדעקן, דארף מען שאפן בא די מאסן אן איליוזיע, אז מע קען אויסקומען אָן א פּראָלעטארישער רעוואָליוציע, אז מע קאָן נאָרמאליזירן דאָס לעבן אויך אין די טנאָים פון דער בורזשואזער געזעלשאפט. די דאָזיקע פונקציע פילט אויס דער ליבעראל קאָווארסקי.

ד״ר י. בראָס, א צווייטער ליבעראל, טרעט ארויס אין זיין ארטיקל „קינד און פארברעכן״ קעגן די אלטע פאָרמעס פון קאמף מיט קינדער־פארברעכעריי. ד״ר בראָס איז א גרויסער אָפּטימיסט. ער רעכנט, אז אלץ גייט צו גוטן אין דער דאָזיקער וועלט, וואָס איז די בעסטע פון אלע וועלטן. וואָס ווייטער אלץ מער זאָגט מען זיך אָפּ פון די בארבארישע מיטלען, וואָס זיינען באשטאנען אין קערפּערלעכע שטראָפן. די אי־דייע פון שטראָף־נעקאָמע, פון שטראָף צוליב אָפּרעכענען זיך, וועט וואָס ווייטער אלץ מער פארשווינדן.

„מיר טרעפן זיך נאָך מיטן פּרינציפּ פון אָפּרעכענען זיך אין אסאך פעדאגאָגישע קרייזן. מע באגעגנט נאָך אפילע שמיץ־שטראָף אין שול, ווי, לעמאָשל, אין געוויסע געגנטן אין דייטשלאנד, ווו דער שולוועזן און די פעדאגאָגישע טעאָריעס שטייען גאנץ הויך. די דערשיינונגען אָבער, דוכט זיך, זיינען אָפּקלאנגען פון צייטן, וואָס גייען שוין אוועק״ 1).

באזונדערס וועט בראָס ניספּאָעל פון די אינסטיטוציעס פאר געזעלשאפטלעכער האשגאָכע אין ווין. ווי א דערוויַיז פאר דער טעטיקייט אפן געביט פון קאמף קעגן קינדער־פארברעכן ברענגט ער דעם אופשריפט, וועלכער איז „אויסגעקריצט אין וועסטיביול פון הערלעכן קינדערהיים אין ווילהעלם־שלאָס, וואָס האָט געשאפן די שטאָט־פארוואלטונג פון ווין פאר פארוואָרלאָזטע און פארברעכערישע קינדער:

„ווער עס בויט פאלאצן פאר קינדער, דער צעשטערט טפיסעס״ 2).

בראָס איז גוט געשטימט. ער זעט שוין, וויאזוי עס וואקסט דער פּראָגרעס, עס פארשווינדן קערפּערלעכע שטראָפן ביכלאל, עס פאלן די ווענט פון די טפיסעס, עס מערן זיך די פאלאצן פאר קינדער־פארברעכער און פארוואָרלאָזטע. מיר ווייסן, וויאזוי עס איז מעקויעם געוואָרן בראָס נעווואָה. דער פּרינציפּ פון אָפּרעכענען זיך, פון כייִישער נעקאָמע איז געוואָרן דער גרונט־פּרינציפּ פון דער דייטשישער און עסטרייכישער יוריספּרודענץ. קערפּערלעכע שטראָפן זיינען איינגעפירט געוואָרן פאר קינדער און פאר דערוואקסענע. און עס שווימט אויף די פראגע, וואָס עס איז אייגנטלעך ניט שווער צו געבן אפ א״ר אן ענטפער, וואָס איז בראָס: א נאיווער אָפּטימיסט, אָדער א באוווסטזיניקער אגענט פון דער בורזשואזיע, וואָס שטעלט זיך פאר א ציל צו פאר־נארן די ארבעטנדיקע מאסן מיט דעמאָקראטישע איליוזעס?

---

1) דאָרטן, ז. 267.

2) דאָרטן, ז. 274.

בראָס ווייסט אויך עפּעס צו זאָגן וועגן ראַטנפאַרבאַנד. „אויך דער ראַטנפאַרבאַנד איז צוגעטראָטן צו באַשיידן די פּראָבלעם פון פאַרברעכערישקייט בא קינדער. דערביי ווייזט זיך ארויס, אז דער שווערסטער עלעמענט צום באַהערשן זיינען די גרויסע מאַכנעס היימלאָזע קינדער. לויט די באַריכטן פון דאָריס ווייט... און אויך לויט די יעדיעס, וואָס עס ברענגט ווילקער... האָט אויך דאָרטן בענעגייע צו מינדעריעריקע פאַרברעכער געזיגט דער פּרינציפּ פון דערציִונג און האַשגאָכע אָנשטאָט רעפּרעסיעס" [1]). אלזאָ, ניט נאָר אין דער ערעוו־פאַשיסטישער דייטשלאַנד און עסטרייַך, נאָר אויך אין ראַטנפאַרבאַנד האָט געזיגט א. אז. וו. עס שטעלט זיך נאָכאַמאָל די פראַגע: וואָס איז בראָס? ניט שוין־זשע ווייסט ער ניט וועגן דעם, אז ראַטנפאַרבאַנד איז דאָס איינציקע לאַנד, וואָס האָט זיך פונעם ערשטן טאָג פון איר עקזיסטענץ אָפּגעזאָגט פון שטראָף־נעקאָמע ניט נאָר בענעגייע צו קינדער, נאָר אויך צו דערוואַקסענע פאַרברעכער, וואָס האָט פאַרביטן די שטראָף מיט האַשגאָכע און דערציִונג אין די טפיסעס מיט אַרבעט־הייַזער? אָדער ער איז פּאָשעט פאַרינטערעסירט, אז מע זאָל וועגן דעם וואָס ווייניקער וויסן.

אָבער, ווי עס זאָל ניט זייַן, ס'איז קלאָר, אז סיי בראָס, סיי קאָוואַרסקי, סיי גאָלאָמבב, — זיי אַלע, יעדערער אַפּ זייַן שטייגער, פּילט אויס אין טאָכ גענומען איינע און די זעלבע פונקציע, איינע און די זעלבע שליכעס פון דער אונטערגייענדיקער בורזשואַזיִע.

פאַרוואַלירן דעם עמעס, פאַרטעמפּן די מאַסן, פאַרקריפּלען זייער קלאַסן־באַוווסט־זייַן, און אַזויאַרום אָפּהאַלטן די אַנטוויקלונג פונעם רעוואָליוציאָנערן קריזיס, וואָס ווערט צייַטיק אין די מויכעס פון די אַרבעטנדיקע.

.9

די אידעאָלאָגן פון „יִוואָ" ווילן שאַפן א ייִדישע וויסנשאַפט, אַן אָריגינעלע ייִדישע פּעדאַגאָגיק. גאָלאָמב קלאָגט זיך אַפּ דעם, „וואָס אַפּנ געביט פון פּעדאַגאָגיק זייַנען מיר עפּשער גוטע טאַלמידים, אָבער קיין אייגן וואָרט האָבן מיר נאָך ניט געזאָגט". און ער פּרוווט זיך זאָגן דאָס אייגענע וואָרט, אויסבויען די אָריגינעלע ייִדישע פּעדאַגאָגישע וויסנשאַפט אַפּ דער באַזע פון פּאָלקסטימלעכקייַט, וועלטלעכקייַט און אַלוועלטלעכקייַט. און דער גאַנצער זאַמלבוך איז א פּרווו צו רעאַליזירן די דאָזיקע איינשטעלונג: „דערווייל איז איינע פון אונדזערע הויפּט־אויפגאַבן, שרייַבט זיך אין דער פּאָרעדע, געוויען צונויפזאַמלען אַפּ איין אָרט וואָס מער ייִדישע פאָרשער, וואָס לעבן אָדער זייַנען גרייט זיך אַריינצולעבן אין דער ייִדישער קולטור־ספערע און זי באַרייַכערן מיט זייער אַרבעט". די פאָרשער מעגן שרייַבן אַפּ וואָסער שפּראַך זיי ווילן (אינעם בוך זייַנען פאַרגעשטעלט אַרטיקלען, וואָס זייַנען געשריבן אין רוסיש, פּויליש, דייַטש), זיי מעגן אויסקלייַבן אַוועלכע טעמע זיי ווילן, אַבי זיי זאָלן נאָר זייַן ייִדישע, און זיך וועלן אַריינלעבן אין דער „ייִדישער קולטור־ספערע", קעדיי פאַנאַנדעראַרבעטן די אייגנאַרטיקע ייִדישע וויסנשאַפט.

מיט וואָס־זשע דערקלערט זיך עס, וואָס די נייַגעבאָרענע ייִדישע פּעדאַגאָגיק איז אַזוי שטאַרק געראָטן אין דער מאָדערנער פאַשיזירטער בורזשואַזער פּעדאַגאָגיק? מיט וואָס דערקלערט זיך עס, וואָס דאַפקע גאָלאָמב, וועלכער זוכט אַזוי שטאַרק דאָס

[1]) דאָרטן, ז. 271.

אייגנ־ייִדישע וואָרט אינ דער וויסנשאַפט, דאַפקע ער כאַזערט איבער וואָרט אינ וואָרט די הויפּט־טעזיסנ פונ די פאַשיסטישע אידעאָלאָגנ, היטלערישע מיניסטאָרנ אונ אַנטיסעמיטישע סטודענטנ? דאָס דערקלערט זיכ דערמיט, וואָס סײַ גאָלאָמב אונ זײַנע פרײַנט, סײַ די היטלערישע מעשאָרסימ זײַנענ פאָרשטייער פונ איינעמ אונ דעמ זעלבנ קלאַס, נאָכמער — פאָרשטייער פונ איינעמ אונ דעמ זעלבנ טייל פונעמ קלאַס. זיי אַלע זײַנענ פאָרשטייער פונעמ סאַמע רעאַקציאָנערנ שיכט פונ דער בורזשואַזיִע, וואָס איז פונ דערשרעק פאַר דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע, פונ כײַיִשער סינע צומ קעמפנדיקנ פּראָלעטאַריאַט גרייט אַפּ אַלצ, אַפּ די סאַמע רעקציאָנערסטע מיטלענ, אַבי אָפּשטעלנ דעמ גאַנג פונ דער געשיכטע. זאָל זײַנ כיידער, זאָל זײַנ יעשיווע, אַבי ניט קיינ מאָדערנע שול, וואָס קענ נאָכ באַרײַכערנ די קינדער מיט ידיִעס וועגנ מעכאַניזמ פונ דער עקספּלואַטאַטאָרישער געזעלשאַפט, זאָל זײַנ רעליגיע, אַבי ניט מאַרקסיזמ, זאָל זײַנ נאַציאָנאַלע באַגרענעצטקײַט, שאָוויניסטישע טעמפּקײַט, אַבי ניט קיינ אינטערנאַציאָנאַלע ברידערלעכקײַט.

אַזוי טרעט פאַר אונדז אַרויס דער עצעמ געדאַנק פונ שאַפנ אַ ייִדישע פּעדאַגאָגיק, ווי איינס פונ די ראַקציאָנערע מיטלענ, גענומענ פונעמ פאַשיסטישנ אַרסענאַל, וואָס זייער ציל איז — מיטאַלטערלעכע רעאַקציע אונ פּרעווענטיווע קאָנטר־רעוואָליוציע.

# מאטעריאלן צו ד. בערגעלסאָנס ביאָ־ביבליאָגראַפיע

.1

אף אן אָנפרעג פון דער סעקציע פאר ליטעראטור און קריטיק האָט כאווער דאָוויד בערגעלסאָן פאָלגנדיקס מיטגעטיילט וועגן דער דאטירונג פון זײַנע ווערק:

... „דער טויבער״—אָנגעהויבן אין 1906 יאָר. די דעמאָלטיקע ייִדישע זשורנאַלן און צײַטונגען האָבן די דערציילונג ניט געוואָלט דרוקן. ה. צייטלין צ. ב. האָט דעם מאנוסקריפּט אָפּגעהאלטן מער ווי א יאָר, אים נאָכדעם מיר אומגעקערט צוריק. דעם מאנוסקריפּט האָב איך נאָכדעם אביסל איבערגעבעסערט אין 1909, אים אָפּגעדרוקט אין קיִעווער „אלמאנאך״, אליין געקראָגן מיטלען דעם „אלמאנאך״ ארויסצוגעבן.

„ארום וואָקזאל״ — 1907 — 1908.

אין די יאָרן 1909 — 1910 — געשריבן: א גרעסערן ראָמאן (פאָרגעלייענט נאָך י. ל. פּערעצן. פּערעצן — געפעלן. מיר אליין ניט. דעם ראָמאן ניט פארעפנטלעכט).

געשריבן: אנדערע קלענערע זאכן, אייניקע ניט פארענדיקט. טיילווײַז זײַנען זיי ארײַן אין באנד „וועלט אויס, וועלט אײַן״, ווי צום בײַשפּיל: „שייוועט געדאַליע״ „דער קאברענ״ א. א.

„נאָך אלעמען״ — 1911 — 1912.

1911 — 1913 — „אין א פארגרעבטער שטאָט״, „יאָסעפ שאָר״ (איבערגעבעסערט און איבערגעגעבן צום דרוק זומער 1918).

1913 — אָנגעהויבן שרײַבן „אָפּגאנג״. אין אָנהייב מילכאָמע איבערגעריסן.

אין פארלויף פון דער גאנצער מילכאָמע ניט געקאָנט, אכוץ קליינעקײַטן, ווי „באנאכט״ און דאָסגלײַכן, גאָרנישט ניט אָנשרײַבן, געווען בא דער מיינונג, אז ווען ארום און ארום גיסט זיך בלוט, איז עס פיל וויכטיקער פון אלערליי „טעמעס״, שטארקער פון אלערליי „קונסט־טראנסן״.

אויך די ערשטע פאָר יאָר פון דער רעוואָליוציע האָבן מיר געגעבן צו פילן, אז קיין שום קונסט קאָן ניט קאָנקורירן מיט זיי — זיי זײַנען איבערצײַגנדיקער, שטאר־קער, זיי זײַנען אליין די גרעסטע קונסט. סאָף 1917 און אָנהייב 1918 בין איך גע־ווען אימשטאנד ניט מער ווי צו איבערעדאקטירן און פארענדיקן אייניקע קלענערע זאכן, וואָס איך האָב אָנגעהויבן נאָך אין די יאָרן 1909—1910: „יאָרדים״, „דרויב״, „אָן א נאָמען״, „אין איינעם א זומער״, „פּײַוולס מײַסעס״.

זומער 1919 פארענדיקט און אָפּגעגעבן צום דרוק „אָפּגאנג״.

1921 — 1923 — „באָטשקאָ״.

1921—1923 — „איינעמס א וועג״, „אף דער 100 מיט איינטער וויאָרסט״ און דעם גרעסערן טייל זאכן, וואָס זײַנען ארײַן „אין שטורעמטעג״.

1924 — אָנגעהויבן שרײַבן „מידאס־האדינ״.

1925 — 1926 — דערציילונגען, וואָס זײַנען אַרײַן אין „שטורעמטעג״ און איב. „וועלט אויס, וועלט אײַנ״.

1927 — פארענדיקט „מידאס־האדינ״, דערציילונגען, וואָס זײַנען אַרײַן אין „צוג־ווינטנ״.

(בריוו צום כ׳ עריק, דאטירט: קאָפּענהאגען, 30 אפרעל, 1933).

.2

מיר פארדאנקען דעם כ׳ דאָוויד בערגעלסאָן אויך פאָלגנדיקע פּראָטים פון זײַן ביאָגראפיע:

בערגעלסאָן איז געבוירן געוואָרן דעם 12־טן אווגוסט 1884 י. אינעם שטעטל אָכרימאָווע (רוסיש — סארנע), קיִעווער גובערניע, ניט ווײַט פון אומאַן. דער פאָטער רעאָפעל איז געווען א שטארק פארמעגלעכער סוחר מיט וואלד, טווע א. אז. וו. ער איז געווען דער גוויר פון שטעטל. ער איז געשטאָרבן, ווען בערגעלסאָן איז אַלט געווען 9 יאָר, און דער שריפטשטעלער געדענקט אים ווייניק. ווי־זוט אויס, אז ער איז געווען א „לאמדנ״. אייראָפּייִשע בילדונג האָט בערגעלסאָנס פאָטער אינ־גאנצן ניט פארמאָגט, ניט געקאָנט ריידן רוסיש, דאקעגן גערעדט פּויליש (אינ צוזאמענהאנג מיט זײַנע געשעפטן מיט די ארומיקע פּוילישע פּריצים). די מוטער איז געווען א אינטערעסאנטע נאטור, כאָטש לאכלוטן ניט געבילדעט, זי האָט גע־האט א געוויסן דערציילערישן טאלאנט, געלייענט אויך פיל יידישע ביכלעך (דינעזאָן, שאָמער, מענדעלע א. א.), זי פלעגט זיך אָפט פארלייענען אפ א גאנצע נאכט, ווען דער פאָטער פלעגט ניט זײַן אינדערהיים. די מוטער איז געשטאָרבן, ווען בערגעל־סאָן איז אַלט געווען 14 יאָר. זיך אליין הייבט אָן בערגעלסאָן געדענקען זינט פיר יאָר. די מישפּאָכע איז געווען א גרויסע, דאָוויד איז געווען דער ייִנגסטער, ס׳ראָוו קינדער זײַנען שוין געווען אויסגעגעבענע. צו 4 יאָר איז בערגעלסאָן אוועק אינ כיידער, ער האָט געלערנט בא פארשיידענע מעלאמדים און אין פארשיידענע כאדאָ־רים, און אפ וויפל ער דערמאנט זיך, זײַנען דאָס געווען שוידערלעכסטע כאדאָרים און שוידערלעכסטע מעלאמדים. ער האָט אזוי אָפּגעלערנט טראדיציאָנעל־רעליגיעזע יידישע לימודים ביז א יאָר 15. ס׳איז געווען א „שרײַבער״ אין שטעטל, א לערער פון ייִנגלעך און מיידלעך, וואָס האָט געענדיקט א 2־קלאסיקע שול — בא אים האָט בער־געלסאָן געלערנט רוסיש לייענען, שרײַבן, רעכענען, גראמאטיק. סינטאקסיס האָט שוין דער לערער אליין ניט געקאָנט. אנערעך צו 12 — 13 יאָר אָנגעהויבן לייענען רוסישע ביכער, באקאנט זיך מיט א לערער פון א דאָרפשול, א געוויסן דעמיאניוק, וואָס האָט אים אויסגעליִען רוסישע ביכער: צוערשט טאָלסטוי, טורגעניעוו, דערנאָך סיסטעמאטיש די רוסישע קלאסיקער און נײַע שרײַבער (ליעסקאָוו, גריגאָראָוויטש, באָבאָריקינ א. א.). העברייִשע וועלטלעכע ביכער האָט בערגעלסאָן אָנגעהויבן לייע־נען בא 9 — 10 יאָר. געווען א מאסקיליש הויז אין שטעטל, וואָס האָט געהאלטן א קליינע העברייִשע ביבליאָטעק, אזויארום געלייענט מאפו, סמאָלענסקין, די „האשא־כארס״, די ביכלעך פון „טושיִע״ — זינט דעמלט שוין סיסטעמאטיש נאָכגעשפּירט די מאָדערנע העברייִשע ליטעראטור.

נאָכנ טויט פונ דער מוטער (1898) געבליבנ אינ אייגענעמ רעשוס. אויסגעהאלטנ האָבנ אימ די ברידער, גערעכנט האָט זיכ עס אפנ כעושבנ פונ זייַנ טייל יערושע. דאָס האָט געדויערט אסאכ יאָרנ, קימאט ביז 1909. אינ דער צייַט וווינט בערגעלסאָנ פעריִאָדנווייַז אינ קיִעוו, אָדעס, ווארשע. צו 17 יאָר איז ער אינ קיִעוו, צו 19 — אינ אָדעס, צו 20 — אינ ווארשע. ער עקסטערנעוועט, גרייט זיכ אפ אָפצוגעבנ עקזאמענ אפ 7 אונ 8 קלאסנ, ביידע מאָל פאלט ער דורכ.

די רעוואָליוציע 1905 פארכאפט בערגעלסאָנענ אינ קיִעוו. זי האָט אימ ווירקלעכ „פארכאפט". צומ 1905 יאָר איז בערגעלסאָנ א יונגערמאנ מיט א כאאָטישער, ניט סיסטעמאטישער בילדונג, מיט מינימאלע פאָליטישע אינטערעסנ, ווייניק באהאוונט אינעמ מעכאניזמ פונ קלאסנקאמפ, אינ די פראָגראמעס פונ די פאָליטישע פארטייענ. ער האָט עפּעס געהערט וועגנ מענשעוויקעס אונ באָלשעוויקעס, אינ וואָס באשטייענ די דיפערענצנ צווישנ די ביידע פארטייענ, ווייסט ער ניט. דעמ נאָמענ לענינ האָט בערגעלסאָנ געהערט צומ ערשטנ מאָל ערשט אינ דעמ יאָר 1917. ער איז אויכ קנאפ באהאוונט אינ די פראָגראמעס אונ שטרייַטנ פונ די ייִדישע נאצמענשעוויסטישע פארטייענ. פונ ציִעניזמ אונ טעריטאָריִאליזמ האלט ער ניט, ער גלייבט ניט אינ דער רעאלקייַט פונ זייערע לאָזונגענ. ער געהערט ניט צו קיינ שומ פארטיי. אינעמ מעהומ פונ די רעוואָליוציִאָנערע געשעענישנ 1905 — 1906 קלייַבט ער זיכ ניט פאנאנדער, כאָטש געוויינלעכ גייט ער אפ מיטינגענ, נעמט אָנטייל אינ א פּאָר דעמאָנסטראציעס, דרייט זיכ צומאָל אפ דער ארבעטער־בירזשע. סאָציִאליסטישע ליטעראטור לייענט ער, וואָס עס מאכט זיכ, וואָס סע פאלט אריַינ אינ האנט.

.3

צו 13 — 14 יאָר, נאָכ אינ אָכרימאָווע, האָט בערגעלסאָנ אָנגעהויבנ שרייַבנ. געשריבנ האָט ער אינ העברייִש, מיטאמאָל געפרווט שרייַבנ 2 ראָמאנענ, וואָס זייער אינהאלט געדענקט ער שוינ ניט הייַנט צו טאָג. צייַטנווייַז געשריבנ אויכ אינ רוסיש. אפילע נאָכדעמ, ווי ס'איז דערשינענ „ארומ וואָקזאל", ניט געווענ זיכער, אז זייַנ צוקונפט איז ליטעראטור, אז זייַנ פאכ איז שרייַבנ. 1902 — 1903 אָנגעוואָרפנ א ריי פראגמענטנ אינ העברייִש („רייקוס", „רייזל"), וואָס זייַנענ שפּעטער טיילווייַז אריַינ אינ „ארומ וואָקזאל", טיילווייַז אינ „נאָכ אלעמענ". „רייזל" איז שוינ געווענ א פראָטאָטיפּ פונ דער מירל־געשטאלט. א לעצטנ שטויס צו שרייַבנ ייִדיש האָט אימ געגעבנ א כאווער, דער ארבעטער דאָוויד מאגאזיניק, א פרעסער אינ א וועשעריַי. דער איבערגאנג צו ייִדיש איז בערגעלסאָנענ אָנגעקומענ זייער שווער. ער האָט געזוכט לאָשנ, סטיל, שפראכלעכע טראדיציע, אפ וואָס אָנצושפארנ זיכ. מענדעלע איז אימ געווענ ווייַט אונ פרעמד. עס האָט אימ מער געצויגנ צו פערעצנ. אָבער דיִאלעקטיש איז דער פוילישער פערעצ געווענ אומעגלעכ, ווי אנ אויסגאנג־פונקט. אינ זינ פונ שפראכ, דיִאלעקט איז צומ נאָענטסטנ געווענ שאָלעמ־אליישעמ. ער האָט גערעדט מיט דער שפראכ פונ בערגעלסאָנס היימ, פונ זייַנ סוויווע, פונ זייַנע מענטשנ. עס האָט זיכ געדוכט, אז ייִדיש — דאָס איז שאָלעמ־אליישעמ, אז אנ אנדער ייִדיש איז אומעגלעכ. בערגעלסאָנס ערשטע פרווונ אינ ייִדיש זייַנענ טאקע געווענ אינ שאָלעמ־אליישעמס סטיל. עס איז אָבער געווענ א קאָלאָסאלע אנטשוינג — ס'האָט

זיך בא אים באקומען צופיל באריידעוודיק און אפילע מעליצעדיק. צו דעם, וואָס בערגעלסאָן האָט געוואָלט שרײַבן, צו זײַנע שטימונגען און קינסטלערישע צילן, האָט שאָלעם־אַלייכעמס באריידעוודיקייט און זײַן גאנצער סטיל ניט געטויגט, די פּאָר פּרווון אין שאָלעם־אַלייכעמס נוסעך זײַנען דורכגעפאלן. געלייענט דאן אשס „שטעטל״, שטארק געפעלן געוואָרן, ס׳האָט אָבער געשטערט דער בײַטאאם פון אידעאַליזאציע, דער נאַיִוו־אידילישער טאָן.

1904 אָדער 1905 זיך באקענט מיט גנעסינען. בערגעלסאָן לייקנט די גרויסע האשפּאָע פון גנעסינען אָדער ברענערן אף זײַן שאפן. גיכער האָט אף אים געהאט א ווירקונג בערדיטשעווסקי. איבערטריבן איז אויך לויט בערגעלסאָנען די ווערסיע וועגן דער האמסון־האשפּאָע אף זײַן שאפן. מיט האמסונען האָט ער זיך צוערשט באקאנט 1907 אין אָדעס („וויקטאָריא״ און אנדערע זאכן), ווען ער האָט שוין אָנגעשריבן מער ווי א העלפט פון „ארום וואָקזאל״.

די ערשטע זאכן זײַנע (קליינע סקיצן, נאָוועלן אין העברייִש און רוסיש) געוויזן קאַלמאַנזאָנען אין קיִעוו, ער האָט בערגעלסאָנען דערמוטיקט ווײַטער צו שרײַבן.

די ערשטע אָפּגעשליפענע, רײַפע זאך אין ייִדיש איז געווען דער „טויבער״, 1906. אין יאָר 1907 געשיקט די דערציילונג הילעל צייטלינען, בא וועמען די זאך איז אָפּגעלעגן מער ווי א יאָר צײַט. צייטלין האָט עס געלויבט, אָבער דרוקן ניט געוואָלט.

אין די יאָרן 1903 — 1907 געשריבן „ארום וואָקזאל״. דערשינען איז עס בא לידסקין אין יאָר 1909, לידסקי האָט עס געדרוקט מיט דעם באַדינג, אז דער אווטער זאָל געבן צושטײַער העלפט הויצאָעס.

1907 געשיקט א פּאָר פראגמענטן פון ארום „וואָקזאל״ פּערעצן, ניט באקומען קיין ענטפער. אין די יאָרן 1907 — 1908 עקסטערנעוועט, דורכגעפאלן אף די עקזאַמענס, געלערנט, ווי א פרײַער צוהערער, אין דער קיִעווער ציין־דאָקטער־שול, געלייענט, צוביסלעך געשריבן. סאָף 1908 אף א קורצע צײַט אוועקגעוואָרפן דאָס שרײַבן. נאָכן דערשײַנען פון „ארום וואָקזאל״, 1909, גענומען שרײַבן א גרויסן ראָמאן מיט אזא ברייטן פארנעם, ווי „באם דניעפּער״, ניט געווען אָבער דאן צוגעגרייט צו אזא גרויסן לײַוונט. אין פּראָצעס פון שרײַבן איז דער ראָמאן אלץ מער פארשמעלערט געוואָרן, אײַנגעשרומפּן געוואָרן, ער האָט דאן אָנגעשריבן א 10 בויגן, געפאָרן צו פּערעצן אין וואַרשע (מיט פּערעצן האָט זיך בערגעלסאָן באקאנט אין קיִעוו אף א ליטעראַרישן אָוונט). דעם ראָמאן האָט ער געלייענט פּערעצן און רעב מאָרדכעלען (טשעמערינסקין). פּערעצן איז דער ראָמאן געפעלן געוואָרן. דער הויפּט־העלד פון דעם ראָמאן — א געוויסער ראווועבע, א געוועזענער סאָציאַליסט. דעם ראָמאן האָט בערגעלסאָן ניט פארענדיקט, געבליבן אינדערמיט, ער איז פארפאלן געוואָרן מיט בערגעלסאָנס גאנצן ארכיוו בעשאס דעם הייסינער פּאָגראָם 1919. קימאט 2 יאָר האָט בערגעלסאָן געארבעט אף דעם דאָזיקן ראָמאן — 1909 — 1910. ער האָט נאָך ניט געהאט קיין נאָמען — קימאט אלעמאָל גיט בערגעלסאָן א נאָמען דעם ווערק ערשט נאָכדעם, ווי ס׳איז ענדגילטיק פארענדיקט.

אין דער זעלביקער צײַט געשריבן א ריי קלענערע דערציילונגען, וואָס זײַנען פארענדיקט געוואָרן אין פארשיידענע צײַטן (1917 און שפּעטער), ווי „דרויב״, „יאָר־

דימ״, „דער קאַבּרען״, „שייוועס גערדאַליע״ א. א. טייל דערציילונגען שפּעטער רעס־טאַוורירט לויטן זיקאָרן.

1910 געדרייט זיך צווישן אָדעס און קיִעוו. קעסיידער געשריבּן אָנהייבּן פון זאַכן, געוואָרפן, ניט פאַרענדיקט. דער אָנהייבּ איז טאָמיד געווען פאַר אים די שווערסטע זאַך, — דער אָנהייבּ, מיינט בּערגעלסאָן, שפּילט א גרויסע ראָליע אינעם אַנטשטיין פונעם ווערק, דער אָנהייבּ דאַרף זײַן א קאָנצענטראַט פון גאַנצן ווערק.

1911 אָנגעהויבּן שרײַבּן „נאָך אַלעמען״, געשריבּן עס אין 3 שטעט — קיִעוו, אָדעס, ווילנע, פאַרענדיקט סאָף 1912. „נאָך אַלעמען״ געשריבּן קימאַט אין איין אָטעם, דאָך געווען א פּאָר איבּערײַסן צו כוידעש—צוויי. אין איינעם פון די איבּערײַסן שוין דאַן, 1911, אָנגעשריבּן דעם ערשטן קאַפּיטל פון „אין א פאַרגרעבּטער שטאָט״.

זומער 1912 געפינט זיך בּערגעלסאָן אין אָדעס. ער ווערט דורך קלעצקינס אַרויסגערופן אין ווילנע, ווי א רעדאַקטער פונעם בּעלעטריסטישן טייל פונעם זשורנאַל „די יִדישע וועלט״. ווינטער 1912 האָט בּערגעלסאָן צוגעגרייט די ערשטע דרײַ בּיכלעך פון דער „יִדישער וועלט״.

פרילינג 1913 צוריק געקומען אין קיִעוו, סאָף 1913 געפינט ער זיך אין אָדעס, 1914 — בּיזן אויסבּרוך פון דער אימפּעריִאַליסטישער מילכאָמע — ווידער אין קיִעוו. 1913 אָנגעהויבּן שרײַבּן „יאָסעפ שאָר״, „אָפּגאַנג״ און פאַרענדיקט „אין א פאַר־גרעבּטער שטאָט״. אַפ „יאָסעפ שאָר״ און „אָפּגאַנג״ געאַרבּעט בּיזן אָנהייבּ פון דער מילכאָמע, דאַן איבּערגעריסן די אַרבּעט, ניט געקאָנט ווײַטער שרײַבּן.

אין די מילכאָמע־יאָרן קימאַט גאָרניט געשריבּן. געווירקט האָבּן דאָ אַסאַך סיבּעס: די מילכאָמע האָט געדריקט, ס׳האָט זיך געדוכט, אַז בּעלעטריסטיק דאַרף שוין קיי־נער ניט האָבּן. ניט געווען אויך קיין שום דרוק־מעגלעכקײַט, ווײַל די צאַרישע רעגירונג האָט אָפּגעשטעלט אַלע יִדישע אויסגאַבּעס און די גאַנצע דרוק־פּראָדוקציע. ניט געהאַט אַפילע קיין שטימונג צו פאַרענדיקן די פריִער אָנגעהויבּענע זאַכן. עס האָט זיך בּיכלאַל אָנגערוקט א שעפערישער קריזיס: „מיר האָט זיך אויסגעדוכט — זאָגט בּערגעלסאָן — אַז מיטן „אָפּגאַנג״ שרײַבּ איך דאָס לעצטע ווערק. מער האָבּ איך ניט וואָס צו זאָגן, וואָס צו שרײַבּן... כ׳האָבּ אין די פריִערדיקע ווערק געוויזן דעם סאָף פון שטעטל, דעם סאָף פון דער בּורזשואַזיִע אין אירע פאַרשיידענע שיכטן און שאַטירונגען, איצט געוויזן דעם טויט פון דער אינטעליגענץ, וואָס האָט ניט אַפילע צו וועמען צו רעדן... כאַיִם־מוישע רעדט דאָך שוין בּלויז צו א טויטן, צו מיילעכן״...

בּערגעלסאָנס פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע טעטיקײַט זינט 1917 איז נאָך פריש אין זיקאָרן, און מיר וועלן זיך דאָ אַפ איר ניט אָפּשטעלן. מיר וועלן דאָ בּרענגען בּלויז ווײַטערדיקע דאַטעס צו דער געשיכטע פון בּערגעלסאָנס ווערק. נאָך דער אָקטיאַבּער־רעוואָליוציע האָט בּערגעלסאָן צוגעשליפן די אָנגעהויבּענע פראַגמענטן פון „יאָסעפ שאָר״ (1918), „אָפּגאַנג״ (1919). נאָך דער אָקטיאַבּער־רעוואָליוציע וואַקסט בּאַ בּער־געלסאָנען די פאַרשטענדעניש, אַז ס׳איז נייטיק א רעוויזיע פון דעם פריִערדיקן שעפערישן מעטאָד, אַז ס׳איז ניטאָ צו אים קיין צוריקקער. ער פאַרלירט דעם כיישעק ווײַטער צו פירן די ווערק „אָפּגאַנג״ און „יאָסעפ שאָר״, וואָס זײַנען טאַקע געבּליבּן ניט פאַרענדיקט. סאָף 1919 איז בּערגעלסאָן אַוועקגעפאָרן קיין מאָסקווע, געווען דאָ

ביז מאַרט 1920, געשריבן אין מאָסקווע „אָנהייב קיסלעוו תרע״ט". מײַ 1920 אַריבער־געפאָרן אין בערלין. זינט 1921 אָנגעהויבן מיטאַרבעטן אין „פּאָרווערטס", וואָס האָט דאַן קאָקעטירט מיט סימפּאַטיעס צום ראַטנפאַרבאַנד. צוליב דעם שפּעטערדיקן אַנ־טיסאָוועטישן קורס פון „פּאָרווערטס" זײַנען אַנטשטאַנען העפטיקע קאָנפליקטן מיט אַב. קאַהאַנען. בערגעלסאָנס דערציילונגען זײַנען וואָס ווײַטער געוואָרן אַלץ ווייניקער אָנגענומען פאַרן „פּאָרווערטס". טייל זאַכן האָט זיך דער „פּאָרווערטס" קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט דרוקן, אַשטייגער „הערשל טאָקער", אויך „מידאַס־האַדינ" האָט זיך דער „פּאָרווערטס" אָפּגעזאָגט דרוקן.

די ווײַטערדיקע דאַטעס זײַנען גוט באַקאַנט: סאָף 1925 „אין שפּאַן" (2 בילער— דאָס צווייטע בוך קאָנפיסקירט פון דער פּוילישער צענזור), אָנהייב 1926 ווערט בערגעלסאָן מיטאַרבעטער פון דער „מאָרגן־פרײַהײַט", דאַן אויך פאַראָפנטלעכט זײַן דעקלאַראַטיווער בריוו מיט דער אָנערקענונג פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור און די צילן פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע. 1926 נאָך אַ לענגערן איבערײַס צום ערשטן מאָל באַזוכט ראַטנפאַרבאַנד און אײַנגעשלאָסן זיך אין די רייען פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור.

## 4.

וואָס איז שײַך זײַן אַרבעט־מעטאָד, זעט אויס בײַ בערגעלסאָן אַ היפּשן אונטער־שייד צווישן זײַן אַמאָליקן און איצטיקן אופן פון אַרבעט. די לעצטע 10 יאָר אַר־בעט בערגעלסאָן מער אָרגאַניזירט און מער אומאָפּהענגיק פון זײַן „מוזע". ביז 1914 פלעגט ער אַרבעטן מיט קעסיידערדיקע היפּשע איבערײַסן. אַפילו „מידאַס־האַדינ" נאָך געשריבן מיט לענגערע האַפּסאָקעס. בערגעלסאָן פלעגט דאַן וואַרטן אויף דער „באַגײַסטערונג", אָפט צוריקער פון שפּערישן ענטוזיאַזם, און אָפט פלעגן אַזוי דורכגיין לאַנגע כאָדאָשים, און ער האָט ניט געקאָנט זיך אומקערן צום פריִערדיקן שטאָף. בערגעלסאָן דערקלערט עס מיטן ניט זען קלאָר די ציל־אײַנשטעלונג פונעם ווערק, צוליב וואָס, צוליב וועמען שרײַבט ער, און עפּשער האָט דאָ געהאַט אַ כיי־לעק אויך דאָס ניט גענוגנדיקע באַהערשן די טעכניק פון שרײַבן. איצט קען שוין בערגעלסאָן אַרבעטן מיט דערפאָלג אַפילו גלײַכצײַטיק אויף צוויי ווערק. דעם לעצטן יאָר האָט ער אויף אַזאַ מין אופן גלײַכצײַטיק געשריבן די „בירעבידזשאַנער" און דעם צווייטן טייל פון „באַם דניעפּער". בערגעלסאָן אַרבעט בלויז באַטאָג, באַנאַכט קאָן ער ניט שרײַבן. ער האָט אין די לעצטע יאָרן זיך געשטעלט אַ נאָרמע — 5000 בוכשטאַבן אַ טאָג (אַנערעך צוויי זײַטן), מיט איין אָפּרו־טאָג אין דער וואָך. אַמאָליקע יאָרן פלעגט ער שטאַרק איבעראַרבעטן זײַנע ווערק, די לעצטע צײַט האָט זיך דאָס געביטן. „באַם דניעפּער" איז קימאַט ניט איבערגעאַרבעט, געענדערט זײַנען בלויז אַ 40 — 50 איינצלנע זײַטלעך אינעם בוך. דאָס שרײַבן גופא איז אַ וויכטיקער פאַק־טער — ווען בערגעלסאָן זעצט זיך שרײַבן, זעט ער קלאָר די סכעמע פונעם גאַנצן בוך, אין פּראָצעס פון שרײַבן ווערט זי אָבער ווי פאַרנעפּלט, און דאָס שרײַבן באַשטייט אינעם דערשיפרירן די סכעמע, אינעם אופהייבן דעם נעפּל. צום שווערסטן האָט זיך אים אין זײַן צײַט געגעבן די אַרבעט איבערן „אָפּגאַנג" — ער האָט עס געשריבן שווער און לאַנגזאַם — עפּשער צוליבן ליריזם פונעם ווערק. „נאָך אַלעמען"

האָט בערגעלסאָן אויך וויניק איבערגעארבעט. די וויכטיקסטע ענדערונג איז באַשטאנען אינעם ארויסווארפן אייניקע קאפיטלעך, ווו מירל ווערט דעמאסקירט (קאפיטלעך, וואָס שילדערן אירע באַציִונגען מיט נאָסן העלער, געגעבן אין גרעל־נאטוראַליסטישע פארבן א. אז. וו.). דאָ האָט געווירקט דער דרוק פון באַלעבעסלדיקע „גוטע פרייַנט", וואָס האָבן געהאלטן, אז ס'איז א פארשוועכונג פון דער מירעלע־געשטאלט.

בערגעלסאָנס געשטאלטן און סוויוועס זייַנען סינטעטיש, ד. ה. געוויינלעך זייַנען פאראן לעבעדיקע מאָדעלן און פראָטאָטיפּן, זיי ווערן אָבער אין פּראָצעס פון שאפן סינטעזירט, עס ווערן צונויפגעשמאָלצן שטריכן פון עטלעכע מענטשן, פון עטלעכע שטעטלעך און סוויוועס. קימאט אלע מאָדעלן פון „נאָך אַלעמען" זייַנען קיִעווער, אויך מירל איז א קיִעווער (אכוץ געדאַליע הורוויץ, וואָס איז מאָדעלירט פון א שטעטלדיקן גוויר, נאָר זייַנע פיזישע שטריכן זייַנען גראָד גענומען פון א באקאנטן פארמעגלעכן דאָרפישן ייִדן). דאָס שטעטל פון „נאָך אַלעמען" איז א סינטעטיש שטעטל, אזוי אויך דאָס שטעטל פון „באַם דניעפּער". באַם שרייַבן „אין א פאַרגרעבטער שטאָט" האָט בערגעלסאָן אין זינען געהאט לעטיטשעוו, פּאָדאָליער גובערניע, ווו פארבראכט מיט עטלעכע יאָר פריִער, 1909, געווען דאָרט טאקע ענלעכע טיפּן, ווי בורמאן, עלישע. אין „באַם דניעפּער" זייַנען נאטירלעך פאראן אייניקע אוטאָביִאָגראַפישע עלעמענטן, צ. ב. אין דער פּענעק־געשטאלט, אין דער שילדערונג פון די קיכמענטשן א. אז. וו. די פיגור פון מיכאָעל לעווין איז סינטעטיש, צונויפגענאָסן שטריכן פון אייניקע גווירים. דערהויפּט האָט דאָ געדינט פאר א מוסטער דער פּאָטער פון ב. מייַזל און זייַן הויז. שיינדל די גרויסע איז אויך א סינטעטישער טיפּ. בערגעלסאָן דערווידערט קעגן דער מיינונג פון אייניקע קריטיקער, אז שיינדל די גרויסע איז א טראנספאָרמאציע פון דעם מירל־טיפּ. ס'איז צוויי גאנץ פארשיידענע געשטאלטן.

בערגעלסאָן איז אויך ניט מאסקים מיט דער מיינונג פון דער קריטיק, אז די בארימטע דיִאלאָג־פאָרם פון „נאָך אַלעמען" (דער דיִאלאָג אין דער דריטער פערזאָן) דרינגט ארויס אָרגאניש פון דעם אימפּרעסיִאָניסטישן סטיל פונעם ווערק. עס נעמט זיך לויט בערגעלסאָנען גיכער דערפון, וואָס מירל און איר סוויווע רעדן רוסיש, און עס איז שווער געווען געבן דאָ דעם דירעקטן עקוויוואַלענט אין ייִדיש. ס'האָט געמוזט קומען א ניט דירעקטע פאָרם.

דער פּלאן פון „באַם דניעפּער" שטעלט זיך פאָר בערגעלסאָנען הייַנט צו טאָג אַפּ אזא מין אופן: דאָס גאנצע ווערק וועט האלטן 5 בענדער. דער צווייטער באנד וועט ארומכאפן די יאָרן 1903 — 1906. די האנדלונג וועט פאָרקומען אין א סינטעטישער גרויסער שטאָט. ס'וועט געשילדערט ווערן דער מאָנאָפּאָליסטישער קאפּיטאל אכן פאָן פון דער צוקער־אינדוסטריע אין אוקראַיִנע, די אינטערנאציִאָנאלע ארבעטער־באוועגונג, די ראָליע פון ייִדישן קלייקוידעש אינעם קאמף מיט דער ארבעטער־באוועגונג (א טיפּ פון א גרויסשטאָטישן ראָוו), די טעטיקייט און די סוויווע פון די נאצמענשעוויסטישע ייִדישע פּארטייען. פּענעק וועט ווערן א ייִדישער שרייַבער, און טיילווייַז וועט דאָ געשילדערט ווע־ן בערגעלסאָנס אייגענער ליטערארישער וועג. איבער דעם דאָזיקן באנד ארבעט איצט בערגעלסאָן אינטענסיוו. דער דריטער באנד וועט ארומנעמען די טקופע 1907 — 1914. דער פערטער באנד — 1914 — 1917. דער פינפטער באנד — 1917.

דעקאבער, 1933.

# דאָוויד עדעלשטאַטס בריוו

די פאָרליגנדיקע 50 בריוו פון דאָוויד עדעלשטאַט (1888—1892) זײַנען געשריבן אין די לעצטע פינף יאָר פון זײַן לעבן. זיי הייבן זיך אָן אין סינסינעטי, פעברואַר 1888, און ענדיקן זיך אין דענווער, אָקטיאַבער 1892, עטלעכע טעג פאַר עדעלשטאַטס טויט.

געבוירן און דערצויגן אין דער רוסישער שטאָט קאַלוגע, שרײַבט דאָוויד עדעלשטאַט ביז צו זײַן 23־טן יאָר נאָר אין רוסיש. פון די פאָרליגנדיקע 50 בריוו זײַנען צוויי דריטל (33) געשריבן אין דער רוסישער שפּראַך און ווערן דאָ געגעבן אין אַ ייִדישער איבערזעצונג[1].

אין די פינף יאָר (1888—1892), אין וועלכע עדעלשטאַטס בריוו זײַנען געשריבן, אַנטוויקלט ער זיך צו אַ געזעלשאַפטלעכן טוער. ער דערנעענטערט זיך צו די ייִדישע האָרעפּאַשנע מאַסן, הייבט אָן שרײַבן אין זייער שפּראַך. ער ווערט אַ ייִדישער דיכטער, דערציילער און פּובליציסט און רעדאַקטער פון דער „פרײַער אַרבעטער־שטימע". זײַן אידעאָלאָגישע און ליטעראַרישע אַנטוויקלונג ווערט אונטערגעבראָכן דורך דער פּראָלעטאַרישער קראַנקײַט, טובערקולאָז, מיט וועלכער ער ראַנגלט זיך איבער אַ יאָר נאָכאַנאַנד און ווערט פון איר באַזיגט.

אין זײַנע ערשטע בריוו, און אויך אין זײַן אָנגעהויבענעם טאָגבוך, זעען מיר נאָר עדעלשטאַטן אַלס אַ ראַדיקאַלן אַרבעטער, אַ מין רוסישן פּאָלקיסט, וואָס ווערט באַווירקט סײַ פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן און סײַ פון די אַנאַרכיסטן אין אַמעריקע. ער האַלט פיל פון דעם פלאַמענדיקן אַנאַרכיסטישן אַגיטאַטאָר יאָהאַן מאָסט, נאָר ווערט אויך גערירט ביז טרערן דורך אַ רעדע פונעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישן פירער סערגיי שעוויטש. דאָך איז שוין קענטיק זײַן וועג. די „טראַגעדיע פון שיקאַגאָ" (ווו די בורזשואַזיע האָט געבראַכט אויף דער טליע אַ ריי אַנאַרכיסטישע פירער בלויז פאַר זייער פּראָפּאַגאַנדע) מאַכט אַ נײַע ווענדונג אין דעם לעבן פון דעם 21־יאָריקן סענטימענטאַלן דיכטער. דער קאַמף קעגן צאַריזם אין רוסלאַנד און קעגן קאַפּיטאַליזם אין אַמעריקע ווערט פאַר אים אַן אײנהײַט. אין ביידע לענדער זעט עדעלשטאַט, פון איין זײַט, רעוואָלוציאָנערן, וואָס זײַנען גרייט אָפּצוגעבן זייער לעבן פאַר דער פרײַהײַט, און פון דער אַנדערער זײַט, טיראַנען, וואָס באַשטראָפן די פרײַהײַט־קעמפער מיט טורמעס און טליעס. די אויפגעהאַנגענע שיקאַגער אַנאַרכיסטן ווערן פאַר אים אַן אַמעריקאַנער פּאַראַלעל צו די אויפגעהאַנגענע רוסישע

---

[1] דער רוסישער אָריגינאַל פון עדעלשטאַטס בריוו, ווי אויך זײַנע רוסישע לידער און אַרטיקלען וועלן פאַרעפנטלעכט ווערן אין „עדעלשטאַטס געזאַמלטע ווערק", אַרויסגעגעבן פונעם אינסטיטוט פאַר ייִדישער פּראָלעטאַרישער קולטור.

נאראָדאָוואָלצעס. דאָס איז פאר אים א גענוגנדיקער מאָטיוו, אז ער זאָל נאָכ־פאָלגן דעם בײַשפּיל פון די שיקאגער אנארכיסטן: רופן אפ די באריקאדעס צו א באוואָפנטן אופשטאנד, צום „לעצטן שטרײַק", צו דער סאָציִאלער רעוואָליוציע און צו דעם פּאָליטישן און עקאָנאָמישן קאמפּ, וואָס דארף די ארבעטער צוגרייטן און אָרגאניזירן.

דאָוויד עדעלשטאט איז אָבער אליין א פאבריק־ארבעטער, וואָס לײַדט פון עקספּלואטאציע און ארבעטלאָזיקײַט. ער שטייט נאָענט צו די ארבעטער און ארבע־טנדיקע מאסן. ער ווייסט זייערע נויטן און פארשטייט די וויכטיקײַט פון יעדער זייער ארויסטרעטונג קעגן באָס (פאבריקאנט) און לענדלאָרד (הויז־אייגנטימער). דאָס ברענגט אין ווידערשפּרוך זײַן טעאָריע מיט זײַן פּראקטיק. ער איז דערפאר קעסיידער אומרויִק און אומצופרידן.

א באשטימטע ראָליע האָט דאָ אָפּגעשפּילט דער רעפאָרמיזם און אָפּאָרטוניזם פון די ייִדישע סאָציאליסטישע פירער פון יענער צײַט (1890—1892) קראנץ, אב. קאהאן, הילקוויט א. ד. גל. מאָריס ווינטשעווסקי (דעמלט נאָך אן „אומפּארטייִ־שער" סאָציִאליסט, אָדער סאָציִאל־רעוואָליוציאָנער) האָט זיי פאָרגעוואָרפן אין זײַנע נאָטיצן אין לאָנדאָנער „ארבעטער־פרײַנט" (נאָוועמבער 28, 1890), אז זיי זײַנען „הייסע אָנהענגער פון קאָמפּראָמיס, הויפּטזאכלעך מיט זייער אייגענעם געוויסן". דאָוויד עדעלשטאט באקעמפט זייער אָפּאָרטוניזם, זייערע פשאָרעס מיט די באלעבא־טים. ער טרעט אויך ארויס קעגן דער כאלטורע און שונד, וועלכע זייער פּרעסע טראָגט אונטער די ייִדישע ארבעטער־מאסן. עס איז אים דערפאר לײַכט זיך אײַנ־צורעדן, אז דער אנארכיזם איז א רעוואָליוציאָנערע אידייע, און סאָציִאליזם מיינט אָפּאָרטוניזם. דאָס פארבלענדט אויך זײַנע אויגן ניט אײַנצוזען שפּעטער די ריכטיקע מאָטיוון פונעם צוזאמענברוך פון דער אנארכיסטישער באוועגונג צווישן די ייִדישע מאסן.

דער אנארכיזם פארלירט זײַן באָדן צווישן דער ייִדישער אימיגראנטישער מאסע, ווען זי ווערט מער דיפערענצירט. איין טייל פּראָלעטאריזירט זיך אינגאנצן און איז גרייט צו אן אָרגאניזירטן סיסטעמאטישן טאָגטעגלעכן קלאסנקאמפּ. א צווייטער טייל קערט זיך צוריק אום צו זײַן קליינבירגערלעכן שטאם און לאָזט זיך ארײַן אין יאָגעניש נאָך געלט. ביידע טיילן פארלאָזן די אנארכיסטישע רייען. די אנארכיסטישע פירער, צום גרעסטן טייל קליינבירגערלעכע אינטעליגענטן, הייבן אָן זאָרגן יעדער פאר זיך אליין. דער קראנקער עדעלשטאט, פארוואָרפן ווײַט פון די אינדוסטריִעלע צענטערס, באגרײַפט ניט, וואָס דאָרט קומט פאָר. ער זעט בלויז, אז זײַנע „אלטע קאמעראדן" יאָגן זיך נאָך „קאריערעס, טיטולן, דיפּלאָמען, ביזנעס". ער פּרובירט זיי מוסערן, נאָר ער ווייס אליין, אז זיי וועלן אים ניט הערן; אין איינעם פון זײַנע לעצ־טע בריוו, געשריבן עטלעכע וואָכן פאר זײַן טויט, ענדיקט עדעלשטאט מיט די ווערטער:

„אך, ווי שלעכט, ווען עס קומט אויס צו וועקן די וועקער, צו באוועגן די באוועגער!"...

נײַן צענטל (45) פון עדעלשטאטס בריוו ווערן פארעפנטלעכט צום ערשטן מאָל פון מאנוסקריפּט. די איבעריקע 5 בריוו זײַנען געווען פארעפנטלעכט מיט עטלעכע און פערציק יאָר צוריק. אלע מאנוסקריפּטן, אויסער צוויי, זײַנען מיר איבערגעגעבן

געוואָרן פון דאָוויד עדעלשטאטס שוועסטער סאָניע (סאָרע עדעלשטאט־טעלסאָן), צו וועמען א גרויסער טייל פון די רוסישע בריוו זײַנען געשריבן. די אנדערע צוויי, צו וויינבערגן, זײַנען פאר מיר קאָפּירט געוואָרן פון דער ביבליאָטעק פון ייִוואָ. די בריוו צו דער שוועסטער און צו די איבעריקע פאמיליע־מיטגלידער זײַנען די אָריגינאלן. די אנדערע בריוו, אין מאנוסקריפּט, זײַנען צום גרעסטן טייל עסקיזן פאר בריוו, אָפט ניט געענדיקטע.

די איבערזעצונג פון רוסיש איז געמאכט געוואָרן פון כ׳ ש. בריאנסקי. כ׳ מאקס עריק האָט די איבערזעצונג פארגליכן מיטן אָריגינאל. דער סאָוועטישער ייִדישער דיכטער מ. הארצמאן האָט פרײַ איבערגעזעצט יענע פראגמענטן פון לידער, וואָס זײַנען ארײַנגעוועבט אין די בריוו.

צוליב דער אָריענטאציע פונעם לייענער גיבן מיר דאָ די וויכטיקסטע דאטעס פון עדעלשטאטס לעבן אין די יאָרן 1888—1892 — דעם פעריאָד, וועלכן ס׳כאפט ארום אונדזער קאָרעספּאָנדענץ. צו די בריוו האָבן מיר אויך צוגעגעבן אָנמערקונגען און א נאָמען־צעטל.

ק. מארמאָר.

## וויכטיקסטע דאטעס פון עדעלשטאטס לעבן אין די יאָרן 1888—1892

1888.—עדעלשטאט ארבעט אין סינסינעטי, אלס קנאָפּלאָך־מאכער אין א שנײַדער־פאבריק. זוכט צו אָרגאניזירן זײַן פאך. פארלירט זײַן ארבעט־פלאץ. אָנהייב נאָיאבער פאָרט אָפּ זוכן ארבעט אין ניו־יאָרק.

— 11 נאָיאבער. באזוכט ארבעטער־פארזאמלונגען צום יאָרצײַט פון די שיקאגער מארטירער, וואָס זײַנען אופגעהאנגען געוואָרן דעם 11 נאָיאבער 1887 פאר זייער טעטיקײַט אין דעם גענעראל־שטרײַק פאר אן אכטשאָעניקן ארבעט־טאָג דעם 1־טן מײַ 1886.

קריגט ניט קיין פלאץ בא זײַן פאך. גייט ארום אָן ארבעט.

1889.—5 יאנואר. פארעפנטלעכט צום ערשטן מאָל אין אמעריקע זײַנס א ליד (אין רוסיש). דאָס ליד „פּראָלעטאריער״ איז געדרוקט אין דער ניו־יאָרקער סאָציאל־דעמאָקראטישער „זנאמיא״ (די פאָן). הייבט אָן פירן א טאָגבוך (אין רוסיש).

— 17 יאנואר. פארעפנטלעכט זײַן צווייט רוסיש ליד „די פיס״ (Ноги). קאָן דרוקן נאָך לידער, נאָר אים „דערעסט ארומשלעפּן זיך אין רעדאקציע״. דערצו איז ער ניט געזונט און ארבעטלאָז.

— 30 יאנואר. קומט זוכן ארבעט אין עדיסאָנס פאָנאָגראפן־פאבריק אין אָרענדזש, ניו דזשוירסי. מע הייסט עדעלשטאטן קומען א פּאָר וואָכן שפּעטער.

עדעלשטאט ארבעט אין עדיסאָנס פאבריק בלויז 4 טעג, פון 18־טן ביזן 21־טן פעוורואל. נאָכדעם שליסט זיך די פאבריק אף דרײַ וואָכן.

— 15 פעווראל. דערשײַנט דער ערשטער נומער פון דער אנארכיסטישער „ווארהײַט״ מיט עדעלשטאטס ערשטן פּרווו צו שרײַבן אין ייִדיש, זײַן ליד „צורופ [צון] דער „ווארהײַט״. שרײַבט נאָכדעם קעסיידער פאר איר יעדן נומער ביז צו איר אונטער־

גאנג, דעם 12־טן יול 1889 (פון אָט די ערשטע 20 לידער ווערן 8 געזונגען נאָך צענדליקער יאָרן שפּעטער אין אמעריקע און אין רוסלאנד).

— 24 פ ע ב ר ו א ר. קריגט ארבעט אין ניו־יאָרק בא זיין פאַך, פאַר 8 דאָלער א וואָך.

— 25 מ ײַ. עדעלשטאטס פריינט פייערן זיין געבורטסטאָג. האלטן רעדעס וועגן זיין באדייטונג „אלס פּאָעט, אלס מענטש, אלס פריינט״ א. אז. וו.

— י ו נ י. פאמיליע רופט אים צוריק קיין סינסינעטי. פאר זיין אָפּפאָרן פון ניו־יאָרק, 27־טן יוני, 1889, פאָטאָגראפירט ער זיך אפּ פאר׳ן אָפּפאָרן פון זיינע פריינט (פון יענער צייט שטאמט זיין באקאנט בילד מיט א באָרד).

אין סינסינעטי ווערט עדעלשטאט טעטיק אין דעם ראדיקאלן ארבעטער־פאריין „טרוט־סיקער״ (עמעס־זוכער). שיקט אינעם נאָמען פון אָט דעם פאריין שטיצע פארן לאָנדאָנער „ארבעטער־פריינט״ (קוויטירט אין נומער פון 17־טן יאנואר 1890).

1890 — י א נ ו א ר 30. הייבט אָן מיטארבעטן אין דער פריוואטער סאָציאליסטישער צייטונג „מאָרגנשטערן״. שרייבט זיינע לידער אונטערן נאָמען פונעם הויפּט־העלד פון אוידאס ענגלישן ראָמאן „פאסקארעל״, וועלכער קעמפט קעגן עסטרייך אין די אינטערעסן פון די איטאליענישע אונטערדריקטע מאסן.

— 17 מ א ר ט. טיילט מיט זיין פריינט יאקאָוו (ליפשיץ), וואָס רופט אים צוריק קיין ניו־יאָרק, אז ער קאָן ניט פארלאָזן סינסינעטי, ווייל ער דארף מיט זיין פארדינסט אויסהאלטן די גאנצע פאמיליע.

— 4 י ו ל י. הייבט אָן ארויסגיין די „פרייע ארבעטער־שטימע״. עדעלשטאט ווערט א שטענדיקער מיטארבעטער.

— ס ע פ ט ע מ ב ע ר. לאָזט ארויס אן אופרוף צו די יידן אין סינסינעטי צו העלפן די נייגעקומענע רוסיש־יידישע איינוואנדערער צו ווערן אין אמעריקע ערדארבעטער.

— 10 ד ע צ ע מ ב ע ר. דער רעדאקטער פון דער „פרייער ארבעטער־שטימע״ פאָדערט אויף עדעלשטאטן צו קומען אלס דעלעגאט צו דער צווייטער קאָנווענשאָן (צוזאמענפאָר) פון די 32 ארבעטער־אָרגאניזאציעס, וואָס גיבן ארויס די צייטונג.

— 25 ד ע צ ע מ ב ע ר. עדעלשטאט ווערט אויסגעוויילט פונעם צוזאמענפאָר פאר דעם אנארכיסטישן רעדאקטער פון דער פ.א.ש. (אלס סאָצ. רעד. ווערט געוויילט ד״ר יצחאָק־אייזיק הורוויטש).

1891. — 9 מ א ר ט, באשרייבט זיין רעדאקציע, אין א בריוו צו זיין שוועגערן אנא עדעלשטאט, אלס „שמוציקן קעלער... קאלט... פרעס־מאשין קלאפּט אין קאָפּ... רעדאקציע פול מיט א טומלדיקן האמוין... מוז דאָרט שרייבן אן ארטיקל, פארפאסן פּאָעזיע, אויסהערן „קריטיק פון קאפע־סאלאָן־[קיבעצארניע] כאכאָמים... שטרענגע אָנדייטונגען פון אנטוישטע שרייבער, זידלערייַ פון נאראָנים א. אז. וו.״ דארף „שרייבן, שרייבן״ מיט א צעבראָכן הארץ... מיט בלוט־כראקעניש... אָנגעוואָרן זיינע „בעסטע פריינט״, „נעקראָגן א הויפן נארישע סאָנים״.

— 13 מ א ר ט. טרעט אויף אפּ א קאָנצערט אין פילאדעלפיע מיט זיינע לידער, נאָר ליידט פון בינע־פיבער.

— 29 א פּ ר י ל. דערמוטיקט זיין איינציקע שוועסטער סאָניע צו ווערן אן אגיטאטערקע פאר דער ארבעטער־באוועגונג (דאָס איז זיין לעצטער, אָפּגעהיטער, בריוו פון ניו־יאָרק).

— יול—אוגוסט. הייבט אָן שטארק לײַדן פון שווינדזוכט.

— סעפטעמבער. ווערט אָפּגעפירט אהיים קיין סינסינעטי אין א קראנקן צושטאנד.

— 27 אָקטיאבער. דערהאלט פון זײַנע ניו־יאָרקער כאווײרים 25 דאָלער. פאָרט אָפּ אין דענווער, אין די בערג פון קאָלאָראדאָ צו זוכן היילונג פאר זײַנע קראנקע לונגען.

— 15 נאָיאבער. טעאטער־אונטערנעמונגען אין ניו־יאָרק צו שאפן הילף־מיטלען פאר עדעלשטאטן אין קאָלאָראדאָ.

— דעקאבער. עדעלשטאט שרײַבט אָן א פאָרוואָרט פאר זײַן ערשטער לידער־זאמלונג, ארויסגעגעבן פון דער „פרײַער ארבעטער־שטימע" אין יאנואר 1892. דער פאָרוואָרט בלײַבט ניט געדרוקט.

1892. יאנואר דערשינען עדעלשטאטס בוך „פאָלקס־געדיכטע", פול מיט דרוקפעלערן. ער האָט דערפון גרויס אגמעסנעפעש.

— מײַ—יונ—יול. „פרײַע ארבעטער־שטימע" גייט אונטער. אנארכיסטן־באוועגונג צעריסן און צעבראָקלט. יאָהאן מאָסט פארלירט זײַן אווטאָריטעט. ווערט שטארק באַליידיקט פון זײַנע פריִערדיקע אָנהענגער. די ייִדישע ארבעטער דערווײַטערן זיך פון אנארכיזם. בערקמאנס פרווו צו טויטן א פאבריקאנט, וואָס האָט זיך איזדעקעוועט איבער זײַנע שטרײַקנדיקע ארבעטער, ווערט אפּלאָדירט פון דער סאָציאַל־דעמאָקראטישער „ארבעטער־צײַטונג", נאָר מאָסט און זײַנע אָנהענגער פארורטיילן בערקמאנס טאט. עדעלשטאט באזינגט בערקמאנען אין א ליד „דער יונגער העלד". עדעלשטאט ווענדעט זיך אויך מיט א בריוו צו „פרײַנט און געגנאָסן" וועגן באַנײַען די „פ.א.ש."

— אווגוסט. עדעלשטאט לייגט פאָר זײַן פאמיליע צו עפענען א „פריוואט באָרדינג־הויז" (פריוואטנ פענסיאָן) אין דענווער, קעדיי צו קאָנען עקזיסטירן אָן אויסערלעכער שטיצע. ער וויל אויך, אז זײַן שוועסטער סאָניע, וואָס איז מיט אים געווען די גאנצע צײַט אין דענווער, זאָל ניט דארפן אזוי שווער ארבעטן אים אופצוהאלטן באם לעבן.

—סאָפּ סעפטעמבער. די פאמיליע הייבט זיך אָן אריבערקלײַבן קיין דענווער, דער פענסיאָן ווערט געעפנט. נאָר עדעלשטאטס געזונט ווערט ערגער. ער האָט גרויס ערגערניש פון דער דעמאָראליזאציע אין דער באוועגונג. שרײַבט זײַן „צײַט־ליד" („ארבעטער־פרײַנט", 14 אָקטיאבער, 1892), אין וועלכן ער דערקלערט, אז זײַנע „אלטע קאמעראדן" זײַנען פארנומען בלויז מיט קאריערעס, דיפּלאָמען און ביזנעס. דריקט אויך אויס זײַן פארביטערונג קעגן די ייִדישע אנארכיסטישע פירער אין א בריוו (דאטירט דעם 10־טן סעפטיאבער) צו זײַן אנארכיסטישן פרײַנט ד"ר מיכאָעל קאָן.

— 14 אָקטיאבער. שרײַבט זײַן ליד „צום קיניג־טויט", ווו ער דריקט אויס זײַן הייסן פארלאנג צו לעבן און קעמפן.

— 17 אָקטיאבער איז דאָוויד עדעלשטאט געשטאָרבן בא זײַן שוועסטער אפּ די הענט.

---

.1

[איבערגעזעצט פון רוסיש]
סינסינעטי [לעצטע וואָך פּעוורואל 1888]

[צו ד״ר הילעל זאָלאָטאריאָװ]

## פרײַנט זאָלאָטאריאָװ!

דו ווילסט, איך זאָל דיר שרײַבן וואָס מער. גוט, איך בין גרייט דיר צו שרײַבן וועגן אלץ, וואָס ס'קען דיך נאָר אינטערעסירן, נאָר קוידעמקאָל דארף איך אָפּגעבן גערעכטיקײַט די פארשטאָרבענע און מיטיילן דיר א טרויעריקע נאכריכט. מייטוסעס פאָטער איז געשטאָרבן דעם לעצטן מיטוואָך, אינעם געבורטסטאָג פונעם גרויסן זעלנער וואשינגטאָן. געשטאָרבן איז דער עלנטער נאָכדעם, ווי ער האָט זיך אָפּגעמאַטערט בא א כוידעש אין אומגעהייערע פּײַניקונגען. דער דאָזיקער קלאַפּ האָט זיך שווער אָפּגערופן אפן יונגן מייטוסן, וועלכער איז איצט אליין אויך ניט געזונט. די לעצטע נאכט פונעם אלטנס לעבן בין איך אָפּגעזעסן בא זײַן בעט, און עס איז געווען אומדערטרעגלעך שווער צו זען, ווי דער מענטש האָט זיך געשיידט מיטן לעבן פול מיט לעבנסדאָרשט, און ווי ער איז געשטאָרבן ניט געליבט, פארגעסן פון זײַנע קינדער, אָן א געזעגן־קוש, אָן א פרײַנטלעכן דריק פון א האנט.

איך האָב געקוקט אפ דעם זיך לעשנדיקן לעבן, וואָס לאָזט ניט איבער נאָך זיך עפּשער קיין איינ שפּור אינ דער גרויסער געשיכטע פון דער הייליקער מענטשלעכער טעטיקײַט אינ נאָמען פון עמעס, פרײַהײַט און גערעכטיקײַט, און געטראכט האָב איך, ווי גליקלעך איז דער, וואָס קען זאָגן:

צו מײַן קייווער, כ'וויל, דעם וועג
זאָלן אויסטרעטן פאָלק־לאפּטיעס ברייטע...

יאָ, ברודער, ניט קיינ סאך מענטשן גיט זיך אײַנ צו שטארבן מיטן באוווסטזײַן, אז דו האָסט געלעבט ניט אומזיסט, אז די זוימענ, וואָס דײַנע הענט האָבן פארזייט, וועלן ניט צעטראָטן ווערן מיט שמוציקע לאפּעס פון טריומפירנדיקע כאזיירים.

עס איז ניט שווער צו זײַן א כאָכעם,
מע דארף נאָר אויסגערעכנט דענקען —
א שטרענגער ריכטער זײַן אינ לעבן;
נאָר זײַן א מענטש אינ אונדזער צײַט,
און אויכעט שטארבן, ווי א מענטש —
אָט דאָס איז איינצלנע געגעבן.

נאָר גענוג וועגן טויטע, לאָמיר ריידן וועגן לעבעדיקע. נאָר פריִער — פרידן צו דײַן שטוב, אלטער פראָלעטאריער. מיר וואָלט זיך זייער געגלוסט דיר שרײַבן וועגן

מײַן טעטיקײַט אויך אזוי גרינג און טרײסטעוודיק, ווי דו שרײַבסט עס, נאָר גלייב מיר, אז ווען איך הייב אָן צו טראכטן וועגן מײַן טעטיקײַט — — —

2.

[איבערגעזעצט פון רוסיש]

[ניו־יאָרק, 6־טן נאָיאבער 1888]

[צו דער פאמיליע אין סינסינעטי]

## ליבע און טײַערע!

בא מיר איז דערווײַל קיין נײַס ניטאָ, נאָר קעדיי איר זאָלט ניט האָבן טײַנעס, אז כ'שרײַב ניט קיין בריוו, שיק איך אײַך דאָס דאָזיקע פּאָסט־קארטל.

איך בין שאבעס געווען אפן רוסישן באל, געפילט עפּעס אזוינס, וואָס איך האָב פון לאנג און לאנגאָנען, און עפשער זינט איך לעב, ניט געפילט. דער רוסישער כאָר האָט געזונגען רוסישע לידער אזוי, אז איך האָב זיך שיר ניט צעוויינט. ס'האָט זיך מיר דערמאנט אי „סינסינעטי", אי מײַן פּאָטערס הויז, אי מײַנע אָפּגעבריטע הענט, און טרערן, און געלעכטער, און נאָך פיל אנדערס, וואָס ס'איז ניט איבערצוגעבן... איך בין געזונט און שיק אײַך אלעמען מײַן גרוס און קושן. שרײַבט, צי איז קאנטער געקומען צו פאָרן.

א י ע ר ד א ו ו י ד.

3.

## „הורא פאר העריסאָנען" .

[איבערגעזעצט פון רוסיש]

ניו־יאָרק, 11־טן נאָיאבער 1887 [1888]

## טײַערע עלטערן, ליבע ברידער און טײַערע סאָניע

בא אונדז אין ניו־יאָרק לעבט זיך מערקווירדיק שנעל. פאר איין טאָג לעבסטו איבער אָפּט אזויפיל, וויפל דו וועסט אין דער רויִקער פרידלעכער שטאָט סינסינעטי ניט דורכפילן און ניט דורכטראכטן פאר גאנצע 5 יאָר. אין דעם אָ בריוו וואָלט איך געוואָלט זיך טיילן מיט אײַך מיט די אײַנדרוקן, וועלכע האָבן מיך פארפלייצט, ווי א זודיקער שטראָם, קימאט פון דעם ערשטן טאָג אָן זינט איך בין אהער געקומען צו פאָרן. א נײַ לעבן, נײַע קויכעס, לערע פון עמעסן, זעלבסטבילדונג און גיריקע שטרעבונג צו ליכט באמערקט זיך דאָ באזונדערס אין די יידישע קרײַזלעך. אָבער ניט וועגן דעם וועל איך איצטער רעדן, איך וועל אײַך דערציילן, וויאזוי בא אונדז, דאָס הייסט אין ניו־יאָרק, איז פאָרגעקומען דער יאָרצײַט פון די שיקאגער אנארכיסטן. דאָס איז געווען א גראנדיעזער היסטאָרישער אקט, וועלכן איך וועל קיינמאָל ניט פארגעסן אין מײַן לעבן און וועלכן ס'וועט, דוכט זיך, ניט פארגעסן אויך די נײַע וועלט־געשיכטע. וויסנדיק, אז אינעם קופּער־אינסטיטוט וועט זײַן א שטופּעניש, בין איך אהין געקומען 7 אזייגער אינאָוונט, נאָר אויך דאן איז שוין ארום אינסטיטוט געשטאנען א טויזנטיקע מאסע. און א גרופּע אונדזעריקע רוסלענדער האָט אין איין ווינקל זיך געאמפּערט אפ רוסיש וועגן עפּעס א שרײַבער און האָט אזוי געשריגן,

אז די דײַטשן און די אמעריקאנער האָבן צעעפנט די מײַלער און געוואָלט זיי מעשאלייעכ זײַן אין א דולהויז.

ענדלעכ, האָט מען דעם אינסטיטוט געעפנט, און דער האמוין האָט זיכ א לאָז געטאָן קעפּ־אפּ־קעפּ אין זאל ארײַן... אז איכ בין געקומען צו זיכ פון דער שטופּעניש, בין איכ געשטאנען אינמיטן זאל, ארײַנגעקוועטשט צווישן א צענטויזנטיקער מאסע אוילעם, וועלכע איז געקומען דערווײַזן דער וועלט, אז די אידייע פונעם אנארכיזם, אז די אידייע פון דער פאָלקס־פרײַהײַט איז ווײַט ניט טויט, אז זי לעבט אין די הערצער פון הונדערטער טויזנטער מענטשן, וואָס האָבן זיכ צונויפגעזאמלט אין אלע עקן פון דער וועלט צו פּראָטעסטירן קעגן דער אונטערדריקונג פון דער בורזשואזיע. די דאָזיקע צענטויזנטיקע מאסע, וואָס האָט זיכ צונויפגעקליבן אין ניו־יאָרק אין איין ריזיקן זאל, א באפּוצטן מיט רויטע פאָנען פון דער רעוואָליוציע, האָט געפונען פאסיקע אויסדריקער אין דער פּערזאָן פון מאָסטן און שעוויטשן, וואָס זייערע גראנדיעזע רעדעס קען איכ אײַכ דאָ ניט איבערגעבן. איכ וועל אײַכ נאָר זאָגן, אז ווען שעוויטש האָט גערעדט, האָב איכ געפילט, אז טרערן האָבן ניטווילנדיק געטריפט פון מײַנע אויגן, און ווען די מוזיק האָט דערנאָכ געשפּילט די מארסעליעזע און די גיגאנטישע מאסע האָט ארויסגעלאָזט געשרייען פון ניט־געפעלשטן ענטוזיאזם, האָב איכ געפילט, אז דער סאָציאליזם איז ניט קיין טרוים, ניט קיין איליוזיע, אז דאָס איז די רעאלע צוקונפט פונעם פאָלק, און אז ניט ווײַט איז די צײַט, ווען די דאָזיקע צענטויזנטיקע מאסע וועט אויסוואקסן ביז הונדערטער טויזנטער מענטשן, וואָס קעמפן באוווסטזיניק פאר זייערע בארויבטע מענטשלעכע רעכט. מאָסט איז באגעגנט געוואָרן דורכן אוילעם מיט דונערדיקע אפּלאָדיסמענטן, וואָס האָבן געדויערט א מינוט צען, און דערנאָכ האָט ער געצווונגען זײַנע צוהערער צו לערנען פיל נוצלעכס און פאר פילע אן אבסאָליוט נײַעם באגריף וועגן אונדזער וועלט. מערקווירדיק איז דאָס, וואָס אונדזערע רוסלענדער פארנעמען אומעטום דאָס ערשטע אָרט מיט זייער איבערגעגעבנקײַט צו די גרויסע שטרעבונגען פון דער מענטשהײַט. רוסלענדער איז געווען אָן א שיר. — — —

.4

איבערגעזעצט פון רוסיש]

## „טאָגבוך“[1]

דעם 5־טן יאנוואר 1889 יאָר בין איכ דאָס ערשטע מאָל ארויס אין דער וועלט מיט מײַן ליד „פּראָלעטאריער“. פיל ערלעכע פּראָלעטאריער האָבן זיכ מיטפילנדיק אָפּגערופן אפ די דאָזיקע אויסגעווייטעקטע קלאנגען און האָבן מיר שטארק געדריקט די האנט. אינאָוונט בין איכ געווען אפן באל לעקאָוועד דער דערשײַנונג פון דער צײַטונג „זנאמיא“. איין יונגערמאן איז געזעסן לעבן א שווארצויגיק מיידל און האָט איר הייס דעקלאמירט דעם „פּראָלעטאריער“. איכ האָב אים געהערט און כ'האָב געפילט א שטילע, זיסע פרייד. מיר האָט זיכ געדוכט, אז איכ האָב אויכ „עפּעס“ אויפגעטאָן פאר מײַן

1) מיר גיבן דאָ ערעלשטאטס „טאָגבוך“, ווײַל זײַן אינהאלט גיט צו וויכטיקע פּראָטימ צו זײַנע בריוו פון יענער צײַט — ק. מ.

ברודער, וואָס איז פארמאטערט אינעמ קאמפ אונ אינ דער אייביקער גרויער זאָרג פארנ שטיקל ברויט... נאָר גענוג, צי האָב איכ ניט קיינ טאָעס...

דעמ זיבעצנטנ יאנוואר איז אָפגעדרוקט געוואָרנ די ליד „די פיס”. זי האָט געמאכט א גרעסערנ ראש איידער דער „פראָלעטאריער”. די טעמע איז אנ אָריגינעלע, אָבער די רעדאקציע האָט, כ'ווייס ניט פארוואָס, פארקירצט מײַנע „פיס” אפ גאנצע 11 סטראָפעס, אונ מיר ווײַזט זיכ אויס, אז דעמ ליד האָט עס פיל געשאדט, האגאמ אייניקע דרינגענ פונקט פארקערט.

*דעמ פינפ אונ צוואנציקסטנ יאנואר.* כ'האָב נאָכ ביז איצט, כוץ דעמ „פראָלעטאריער” אונ די „פיס”, גאָרניט געדרוקט. איכ האָב געוואָלט אָפדרוקנ דאָס ליד „פראָגרעס”, ס'האָט זיכ אָבער ארויסגעשטעלט, אז דער פערז איז א שווערער, אונ איבערארבעטנ דאָס ליד קענ איכ ניט, וויבאלד עס האָט זיכ אזוי אויסגעגאָסנ. אָמיינ. כ'וואָלט געקאָנט אָפדרוקנ עפעס אנדערש, אָבער ס'האָט דערעסנ ארומצושלעפנ זיכ אינ רעדאקציע... דערצו נאָכ בינ איכ עפעס ניט געזונט, אונ קיינ ארבעט קענ איכ בעשומויפנ ניט קריגנ... אונ עקזיסטירנ דארפ מענ.

*דעמ נײַנ אונ צוואנציקסטנ יאנואר.* סיוזשעטנ האָט זיכ אָנגעקליבנ אינ קאָפ אסאכ, אונ די ארבעט גייט זייער לאנגזאמ... צומ בײַשפיל, „דער גאסנ-קלעזמער”. א ווינטערדיקער קאלטער גרויער טאָג. אונטערנ פענצטער פונ איינעמ אנ אַנשטענדיקנ הויכנ הויז שטייט א קאטערינשטשיק. א בלאסער, אויסגעמאטערטער, אײַנגעהילט אינ קלאָגעדיקע שמאטעס, איז ער שטארק דורכגעפרוירנ געוואָרנ, אונ מיט א ציטערדיקער האנט, וואָס איז שוינ בלוי פונ דער קעלט, דרייט ער די קאטערינקע. נאָר די קאטערינקע — אנ אָרעמע אונ א נעבעכדיקע, אינעמ באלעבאָס געראָטנ — לאָזט ארויס אָנשטאָט א מעלאָדיע עפעס א גסיסע-כריפ... פונקט ווי עמעצער וואָלט זיכ געוואָרפנ אינ אגאָניע-קראמפנ פארנ טויט. דער פרעכער ווינט שמײַסט אָפט דעמ אָרעמענ קאטערינשטשיק מיט אײַז-קעלט אונ פארטויבט אינגאנצנ די שוואכע קרעכצנ פונ זײַנ צעשעדיקטער פרײַנדנ... אונ אָט איז פאר אײַכ א שטומ, אָבער א טיפ-טראגיש בילד... איר זעט פאר זיכ א נעבעכדיקע מענטשלעכע באשעפעניש, צוגעדעקט מיט קויטיקע שמאטעס, בלוי פונעמ אײַזיקנ אָטעמ פונעמ פראָסט... אומויסדריקלעכע פײַנ האָט אימ פארקרימט דאָס געזיכט. ס'איז פול מיט טעמפער פארצווייפלונג, מיט וואנזיניקע קלאָלעס דעמ גוירל. די דאָזיקע פיגור איז פארגליווערט געוואָרנ אפנ גרויענ פאָנ פונעמ גרויזאמענ ווינטער... נאָר איינ שווארצ-בלויע האנט דרייט מעכאניש דאָס הענטל פונ דער קאטערינקע. איר שטייט איבערראשט פונ אָט דעמ טויטנ בילד... די קאטערינקע איז שוינ אינגאנצנ פארגליווערט געוואָרנ אינ איר אגאָניע. נאָר אײַכ דוכט זיכ, אז איר הערט א פארשטיקטע כליפענדיקע מעלאָדיע פונ א לעווײַע-ליד, וואָס איז פול מיט הארצרײַסנדנ אומעט, פול מיט אכזאָריעסדיקנ ווײמוט; אײַכ דוכט זיכ, אז פונ די בלוטלאָזע ליפנ אונ פונ די אויסגעלאָשענע אויגנ אונ פונ אונטער יעדער פאלד פונ אָט דעמ וואנדערנדיקנ קלעזמערס האלב-צעריסענעמ מאנטל רײַסנ זיכ ארויס קלאנגענ איינער נאָכנ צווייטנ, קלאנגענ, אינ וועלכע ס'הערט זיכ א גאנצע דראמע פונ דערנידעריקונגענ אונ ליידנ פונ אלע טאָג אונ אלע שאָ... דער ווינט ווערט צעיושעט. דער סקריפ פונ דורכפאָרנדיקע האלב-פארפרוירענע פורנ ווערט אלצ שארפער אונ עקלדיקער.

ענדלעך, האָט זיך אינדערהויך געעפנט א פענצטער — א קליין קינדערש הענטל האָט זיך ארויסגעשטעקט אפ א ווײַלע פונעם פענצטער, און א קופּערנער גראָשן האָט זיך אָפּגעקלאַפּט אָן דער פאַרפרוירענער ליים. די מעכאַנישע פיגור האָט זיך גענומען רירן, אָנגעבויגן זיך צו דער ערד, און לאַנג האָט ער מיט די פאַרפרוירענע פינגער געגנישטערט איבער דער ליים, וואָס איז ערטערווײַז פאַרשאָטן מיט שניי, און ענדלעך האָט זיך אים אײַנגעגעבן נאָך עטלעכע אָנשטרענגונגען אופהייבן מיט א שטיקל שניי די קלאָגעדיקע נעדאָווע, נעמען זײַן דורכגעפרוירענע ברויטגעבערן און פאַרשווינדן אינעם פּראָסטיקן געפּל אינעם געיעג נאָך נײַע גראָשנס...

איך געדענק, אז ווען כ׳האָב זיך אומגעקערט אין מײַן אזויגערופענער ווינונג און אוועקגעזעצט זיך צום ביכל, האָט אין מײַנע אויערן געקלונגען די גסיסע־כריפּע־ניש פון דער נעבעכדיקער קאַטערינקע. און ס׳האָט מיר לאַנג געשווינדלט אין די אויגן די געשטאַלט פונעם וואַנדערנדיקן קאַטערינשטשיק, וואָס אָט שטייט ער ווי א מעכאַנישע ליאַלקע אינעם פּראָסטיקן געפּל, און אָט האָט ער זיך אָנגעבויגן, נישטערנדיק מיט די בלויגעוואָרענע פינגער איבער דער אײַזיקער ליים, באַמיִענדיק זיך אופצוהייבן דעם אראָפּגעוואָרפענעם גראָשן. אָט האָט ער אים שוין אופגעהויבן, נאָר די ציטערנדיקע פינגער ווילן אים ניט פּאָלגן, און דער גראָשן פאַלט אין שניי...

א שווער, פּײַנלעך בילד. נאָר די האַנט ציטערט צו שטאַרק פון אינעווייניקסטער צערודערונג, אז זי זאָל ריכטיק פירן מיטן פּענדזל, די אויגן פאַרנעפּלט א טרער. ווי קען מען דאָ טראַכטן וועגן גלאַטיקער פאָרם און קלינגעוודיקן גראַם, אז ס׳דערטראָגט זיך צו מיר דאָס טראַגישע לעווײַע־ליד אָן ווערטער, אָן קלאַנגען, נאָר פול מיט עלנט און טרערן.

**דעם דרײַסיקטן יאַנוואַר.** כ׳בין געקומען צו פאָרן קיין „אָראַנדזש״, טאָמער וועל איך קענען קריגן אַרבעט בא עדיסאָנען באַם פאָנאָגראַף. מע האָט געהייסן וואַרטן ביז מאָנטיק. אָפּגעשטעלט האָב איך זיך אפ קוואַטיר בא א ייִדישן שויכעט, א קלוגיטשקן צווייפענעמדיקן מאַמזער. אליין איז ער דאַר, ווי א שפּענדל, די ווײַב — א גראַבאַלדיע, אָט־אָט כאַפּט זי די אַפּאָפּלעקסיע.

מיר האָט דערעסן צו זיצן אינעם דושנעס צימערל. איך בין ארויס אפן גאַס. ס׳איז געווען א שיינער וואַרעמער טאָג. דער צעגאַנגענער שניי האָט ערטערווײַז געבליאַסקעט אונטער דער פריילעכער זון, ציכטיקע קרישטאָלענע ריטשקעס, וואָס האָבן זיך דורכגעריסן דורך די דינע אײַז־שטיקער, האָבן פריילעך געזשומעט, ריזלענדיק איבער די ווײַסע שטיינער. דאָ און דאָרט האָבן געגרינט שלאַנקעביימער, און אין איינעם א ניט גרויסן פּאַרק האָב איך באַמערקט א קופּערנעם מאָנומענט, וואָס איז אופגעשטעלט געוואָרן לעקאָוועד עפּעס א מוטיקן קריגסמאַן פון דער רעוואָ־ליוציע, זײַן נאָמען האָב איך ניט געקענט פאַנאַנדערקלײַבן.

דער לויטערער וואַרעמער טאָג האָט געווירקט אפ מײַן אויסגעמאַטערטער ברוסט, ווי היילנדיקער באַלזאַם. איך האָב פרײַער אָפּגעאָטעמט, און אונטער דער לירישער שטימונג אָנגעוואָרפן א פראַגמענט:

כ׳האָב פאַרליבט זיך אין דער ליליע,
זי איז שנייִיק, ווײַס און מילד,
און איך קוש זי, און איך האַלדז זי
און איך גלעט איר הייליק בילד.

כ׳קום באנאכט צו דער אלייע,
פארטײַעט גיי איך צו איר צו,
עס דרימלט אײַנ מײַנ בלייכע ליליע
אינ שטילער אונ אינ זיסער רו.

מיט לעוואָנע־שײַנ באשפריצט שוינ
איז איר קערפערל איר צארטס,
אונ זי אָטעמט, ווי דער פרילינג,
ווי דער פרילינג אונ מײַנ הארצ.

דער גערויש פונ קוואל פונ בלויענ
האָט זי שוינ פארוויגט פונ לאנג,
ווי דאָס ליד פונ צויבער־פויגל,
וועלכער ציטערט פונ געזאנג.

## 5.

[איבערגעזעצט פונ רוסיש]

אָראנדזש, ניו־דזשוירסי, דעמ 18־טנ פעווראל [1889]

[צו דער שוועסטער]

### ליבע סאָניע!

זאָל דיך ניט וווּנדערנ מײַנ שווײַגנ, איך האָב זיך, מײַנ טײַערע, דורך א מאָדנעמ גורל אריבערגעפעקלט פונ ניו־יאָרק אינ אפעלסינענ־שטאָט „אָראנזש״. דאָס דאָזיקע שטעטל איז א שאָ פאָרנ פונ ניו־יאָרק. איך בינ געקומענ צו פאָרנ אינ דעמ דאָזיקנ „אפעלסינ״ לויט דער רעקאָמענדאציע פונ איינעמ א דזשענטעלמענ אונ אָנגעקומענ אפ דער פאבריק פונ עדיסאָנענ — דעמ דערפינדער פונ טעלעפאָנ אונ פאָנאָגראף (רייד־מאשינ). אָנגעקומענ בינ איך אלס מעכאניק, האגאמ כוצ מעכאנישנ שווײַגנ ווייס איך גאָרנישט ניט. צוויי טעג האָב איך שוינ דאָרט אָפּגעארבעט, אונ דערווײַל האָט מענ נאָכ ניט ארויסגעטריבנ פאר דער מעכאניק. וואָס ס׳וועט זײַנ ווײַטער איז א סאָד... אויב מײַנ מעכאניק וועט זיך אײַנגעבנ, דאנ, דאנ... נאָר דו ווייסט שוינ, סאָניע, וואָס דאנ וועט זײַנ... די שטאָט אפעלסינ איז זייער א שיינע, דאָרט געפינענ זיך די זו־מער־וווינונגענ פונ אלע פעטע קאפיטאליסטנ, אָבער איצט איז דאָ לאנגווײַליק, ווי אינ א דאָרף. איך ווינ בא זייער אינטערעסאנטע הערנ אונ דאמענ, וועגנ וועלכע איך וועל דערציילנ אנ אנדערש מאָל. פאראנ בא מיר איינ גוטע פסורע. אינ ניו־יאָרק איז ארויס א יידישע צײַטונג פונ די אנארכיסטנ „ווארהײַט״. דער ערשטער נומער איז זייער א געלונגענער. די צײַטונג האָט געקאָסט פיל מי. אסאך שלאָפלאָזע נעכט, אסאך געזונט אונ געלט האָבנ דאָ אוועקגעלייגט די אזויגערופענע „פיאָנערע דער פרײַ־הײַט״ ביז ס׳האָט זיי געלונגענ ארויסצוגעבנ די דאָזיקע צײַטונג, אָבער דערפאר, רעכנ איך, וועט זי, אלס ערלעכע עמעסע ארבעטער־צײַטונג, האָבנ דערפאָלג.

אינ צײַטונג וועסטו געפינענ איינ ליד פונ א נײַעמ יידישנ דיכטער, מיט וועלכנ דו ביסט, אפּאָנעמ, באקאנט. טײַערע סאָניע, שרײַב מיר אָנ, איך בעט דיך, וועגנ זלאטענ דעמ גאנצנ עמעס, דו ווייסט, אז ביטערער עמעס איז בעסער פונ ניט־

ביטערנ ליגנ. שרייַב מיר וואָס אָפּטער. ווי פילסטו זיכ — ביסט אָפּגעצערט אָדער שענער געוואָרנ? וואָס לייענסטו? לייענ „זשערמינאַל“ אפּ ענגליש. דאָס איז א דערציילונג פונ זאָלאַ, אונ זייער א גוט בוכ. איכ האָב געהאַט בעדייע אָנצושרייַבנ גאַנצע בערג, נאָר הייַנט בינ איכ מיד פונ דער „מעכאַניק“, אונ די האַנט וויל שוינ מער ניט פירנ מיט דער פּענ.

גיב פונ מיר איבער, איכ בעט דיכ, אונדזער גאַנצער הויפּט־סוויטע קושנ אונ גערוסנ. פאַרוואָס שרייַבט מיר עמיל גאָרנישט, וויאַזוי ער לערנט זיכ, צי האָט ער אופגעהערט פּוסטעפּאַסטעווענ. געוויס האָט ער זיכ אויסגעבעסערט, ער איז דאָכ עלטער געוואָרנ אפּ 4 כאַדאָשימ—אינ אונדזער צייַט באַטייַט עס זייער פיל. ווי האַלסטו, יערמאַק טימאָפייעוויטש?

ווי איז דאָס געזונט פונ אונדזערע אַלטע לייַט? וואָס טוט די מאַמינקע אונ דער טאַטינקע? ווי גייט עס ביכלאַל אינ דער קאָמונע? וואָס מאַכט לייב? ווי איז סיידע, זי איז נאָכ אַלצ אַזאַ גראַציע, אָדער זי איז קאָקעטיש געוואָרנ? מיט איינ וואָרט, סאָניע, שרייַב מיר אָנ אַלצ, אונ איכ וועל זיכ באַמיִענ זונטיק אייַכ אָנצושרייַבנ א זונטיקדיקנ בריוו, אויב נאָר ס'וועלנ מיכ ניט אַטאַקירנ די ניו־יאָרקער לייַט, ווייַל זונטיק וועל איכ פאָרנ פאַר לאַנגווייַל קיינ ניו־יאָרק זיכ זענ מיט מייַנע פּיאָנערנ.

אַלזאָ, איכ קוש אונ דריק דייַנ שטאַרק הענטעלע.

דייַנ פּאָעט, מעכאַניק, אַרטיסט אונ פאָנאָגראַפיסט אונ דער רועכ ווייסט וואָס פאַר אַנ „איסט“.

ד א ו י ד.

6.

[איבערגעזעצט פונ רוסיש]

[לעצטע וואָכ אינ פעווראַל 1889]

[צו דער פאַמיליע]

## ליבע אונ טייַערע מייַנע!

איכ האָב אייַכ געשריבנ, אַז איכ אַרבעט אינ „אַפּעלסינ“ (אָראַנדזש, ניו־דזשוירסי). איכ האָב געאַרבעט באַ עדיסאָנענ סאַכאַקל איינ וואָכ. אינ וואַשינגטאָנס געבורטסטאָג האָט די גאַנצע פאַבריק אָפּגעשטעלט די אַרבעט אפּ דרייַ וואָכנ. דאָנערשטיק האָב איכ באַקומענ מייַנ געהאַלט, וואָס באַטרעפט אַכט דאָלער, אונ באַצאָלט די אַפּעלסינער לייַט פאַרנ פּאַנסיאָנ (באַ זיי זייַנענ די פרייַזנ, ווי איר זעט, אַפּעלסינענדיקע) אונ דערנאָכ האָב איכ מיט א דרייַערל דאָלאַרנ זיכ אַוועקגעלאָזט קיינ צאַרגראַד — ניו־יאָרק. צום אַלעמ ערשטנ בינ איכ, פאַרשטייט זיכ, אַרייַנגעלאָפנ אינ רעדאַקציע „וואַרהייַט“, דאָרט האָט מענ ערשט געהאַט געבראַכט פונ דער ז'רוק־מאַשינ א הייסינקע „וואַרהייַט“ מיט מייַנע „געדאַנקענ אפּ דער פאַבריק“. איכ האָב זיי גענומענ באַטראַכטנ, לייענענ, שמעקנ, אונ האָב געפונענ, אַז אייניקע ערטער אינ מייַנע „געדאַנקענ“ זייַנענ פּונקט ווי דער באַדכאָנישער גראַמ, אונ אַנדערע סטראָפעס זייַנענ גאַנצ נישקאָשע, באַזונדערס פאַר דער זשאַרגאָנישער ליטעראַטור. אייַכ האָט אַוואַדע ניט ווייניק פאַרכידעשט מייַנ יידישע מוזע. איבעריקס, שרעקט זיכ נישט, מיר וועלנ ניט פאַרשעמט ווערנ, מייַנ ווייַטערדיק ליד „אינ קאַמפּ“ וועט זייַנ פיל בעסער, אונ דאָס היגע יידנסום וועט מיר זאָגנ א דאַנק פאַר מייַנע ערלעכע אונ פרייַע לידער. צי האָט געלייענט דער טאַטינקע מייַנע לידער? איכ בינ ביז טרערנ גערירט, וואָס

ער וועט איצטער קענען אליין לייענען די פּאָעזיע פון זײַן פּאָעט, און איך אליין בין מער אויך אײַנגעליבט אין דער ייִדישער שפּראַך און געפין, אַז זי איז זייער מוזיקאַליש און פּלאַסטיש אָפּ אויכצודריקן דעם פאָלקס ליידן און זײַנע האָפענונגען אָפּן זיך פון עמעס און ברידערלעכקײַט.

וויִאַזוי שאַצט ביכלאַל אָפּ די סינסינעטער לײַט די „וואַרהײַט"?

באַמיט זיך צו פאַרשפּרייטן זי ווי ווײַט מעגלעך מערער. נו, דאָס איז אַלץ פּאָ־עזיע. איצט וועלן מיר צוטרעטן צו דער פּראָזע. איך אַרבעט איצט אין ניו־יאָרק און פאַרדינען וועל איך, אויב גאָט וועט געבן אַריכעס־יאָמים, א דאָלער 8 א וואָך. אָנגעהויבן האָב איך זונטיק (שאַבעס אַרבעט מען דאָ ניט), און דערווײַל גייט אַלץ קעשורע. דאָס וואָלט איך אייגנטלעך באַדאַרפט געווען שרײַבן פריִער פאַר אַלץ, נאָר די פּאָעטן שרײַבן וועגן איניאָנים שטענדיק נאָך אַלעמען.

אַזויאַרום, אַרבעט איך ווידער און שרײַב ייִדישע לידער. און ווי אָטעמט עס זיך בא אײַך? שרײַבט אָן, איך בעט אײַך. אַז איר וועט באַקומען די ווײַטערדיקע צײַ־טונג, זאָלט איר, און באַזונדערס דו, ליבע סאָניע, אויסלערנען אָפּ אויסווייניק מײַן ליד „אין קאַמפּ", און זינגען קען מען עס אָפּן מאָטיוו פון דעם ליד, וואָס דער אַל־טער זאַלאָטאַריאָוו פלעגט בא אונדז זינגען אין קלוב — „איך זיץ מיר בא מײַן אַר־בעט". אַראָן ווייסט דעם מאָטיוו. איז אָט, אַז איר וועט זיך אין מיר דערמאָנען, אָדער ווען ס'וועט אײַך זײַן לאַנגווײַליק, זאָלט איר זינגען מײַן ליד. איר וועט אליין מונטערער ווערן, און מיר וועט דאָ פריילעכער זײַן, ווען איך וועל וויסן, אַז איר זינגט דאָרט אַמאָל און דערמאָנט זיך אָן מיר...

עך, ס'א שרעק, די האַנט איז מיד, ערנוואָרט, כ'קען מער ניט שרײַבן, א צווייט מאָל וועל איך אָנשרײַבן מער. איך קוש די מאַמינקע, דעם טאַטינקע און אײַך אַלע־מען, אַלעמען ביז איינעם.

א י י ע ר ייִ ד י ש ע ר ב א ר כ ן ד א ו ו י ד.

איך בעט אײַך שרײַבן אָפּטער אָפּ זאָלאָטאַריאָווס אַדרעס.

·7

[איבערגעזעצט פון רוסיש]

[העלפּט מאַרט 1889]

[צו דער פאַמיליע]

ל י ב ע א ו נ ט ײַ ע ר ע מ ײַ נ ע!

איך האָב באַקומען פון ראָסינסקין א בריוו, אין וועלכן ער האָט מיר ענדלעך אָפּ מײַנע ביטעס אָנגעזאָגט די שרעקלעכע נאַכריכט, וועגן וועלכער איך האָב, האַ־גאַם נעפלדיק, זיך אָנגעשטויסן פון אײַערע בריוו. נאָר מיר האָט זיך פונדעסטוועגן ניט געוואָלט גלייבן.

איצט בלײַבט נאָר שאָלעם מאַכן מיט אָט דעם גאַזלאָנישן קלאַפּ פון אונדזער אָפּט ביז כײַישקײַט אכזאָריעסדיקן גורל.

מײַנע טרערן זײַנען אומנוצלעך אָפּ אַרויסצורופן זי צום לעבן, זיי גיסן זיך פאַר די לעבעדיקע, פאַר די קליינע קינדער און פאַר זייער פּאָטער.

פארצײַט, וואָס איך צעעפן אײַך עפּשער ווידער די ווונד, וועלכע איז שוין אבי־סעלע פארהיילט געוואָרן אין אײַערע הערצער, איך ווייס, וואָס ס'קאָסט אײַך אָט דער אָפּ אייביק פארפאלענער פארלוסט, און איך וואָלט געבעטן אראָפּשען מיר אָנשרײַבן געניויער וועגן דער פארשטאָרבענער.

ווײַטער, וואָס מאכן גרישע, לייב, סיידע? איך קען זיך ניט דערמאנען אין זיי אָן טרערן, איך האָב דאָ ניט מיט וועמען צו טיילן מײַן ווייטעק, און איר וועט אפ ביר ניט בייז זײַן, וואָס איך שרײַב אײַך אָט די טרויעריקע שורעס.

איך סטארע זיך, ווי ווײַט מעגלעך, מוטיק איבערטראָגן אָט דעם אומגליק, נאָר איך קען ניט טראכטן אָן ביטערקײַט וועגן מײַן גורל, וועלכער איז אזוי קאָנסעקווענט אין זײַן באַרבארישקײַט.

איך האָף, אז די קינדער וועלן געפינען אין אײַך אלעמען זייער מוטער, און דאָס באַרויִקט מיך אביסל פאר זייער צוקונפט.

אויב גרישע קען, וואָלט איך געבעטן, אז ער זאָל מיר אליין אָנשרײַבן.

בא מיר איז דערווײַל קיין נײַס ניטאָ. איך ארבעט ניט גרינג, נאָר איך בין געזונט און איך צאָל אויס צובּיסלעך מײַנע כויוועס. דער רועך ווייסט, ווען האָב איך דאָס באוויזן אזוי פארשולדיקן זיך. איבעריקס, וועל איך אינגיכן זיך צעצאָלן.

דאָס איז שוין די צווייטע וואָך, וואָס איך ארבעט. נאָך דער ארבעט לייען איך און שרײַב בריוו און ייִדישע לידער פאר דער „ווארהײַט". אמאָל גיי איך אָפּ פארזאמלונגען.

איך בין זייער צופרידן, וואָס דו, סאָניע, האָסט זיך פאָטאָגראפירט. איך האָב נאָך פריִער געהערט דיך בעטן וועגן דעם, נאָר איך האָב ניט געוואָלט. כ'האָב געטראכט, כ'וועל פארדינען און ארויסשיקן געלט און דערנאָך וועל איך בעטן זיך אראָפּנעמען.

איצטער בין איך נאָך באַנקראָט, נאָר אינגיכן וועל איך, דוכט מיר, רײַך ווערן, וועל איך אויסבעסערן מײַן טואלעט און אויך וועגן דײַנעם א טראכט טאָן. מע דארף נאָר, אז קיינע „סטאָפּיידזשעס" אָדער „סעקנ" זאָלן ניט קומען צו הילף.

פון דײַנע בריוו, סאָניע, האָב איך דערהאלטן נאָר איינעם צו זאָלאָטאריאָוון מיט א דאָלער, אָבער אין „אפּעלסין" איז דײַן בריוו, פארשטייט זיך, פארפאלן געגאנגען, און איך ווייס ניט, וועגן וואָסער פראגע דו רעדסט. אויב מײַנע האשאָרעס זײַנען ריכטיק, איז עס, ווארשײַנלעך — פארוואָס איך בין אוועקגעפאָרן פון ליפּשיץ. די סיבע איז די, וואָס אין ניו־יארק הערשט א סויטקײַט ערגער ווי בא אײַך, און נאָך אנדערע סיבעס, וועגן וועלכע איך וועל זיך א צווייטן מאָל דורכשמועסן.

שרײַבט מיר טייקעף ענטפער. און ווען דאָס קארטל וועט זײַן פארטיק, שיקט באלד צו. איך וואָלט אויך א באלן געווען צו האָבן אײַערע אן אלגעמיינע פאָטאָגראפיע, בא אײַך איז פאראן עטלעכע. ווי האלט עס מיט אײַך, צי זײַנט איר אלע געזונט? שרײַבט אלע.

אײַער דאוויד.

.8

[איבערגעזעצט פון רוסיש]
ניו־יאָרק, דעם 23־טן מארט 1889

[צו דער שוועסטער]

# ליבע סאָניע!

איך האָב דערהאַלטן דײַן קאַרטע. דערזען זי, האָב איך דערפילט דאָס זעלבע, וואָס ס'דערפילט א מענטש, ווען ער האָט לאַנג געבלאָנדזשעט אין א פרעמדן מידבער און ענדלעך באַגעגנט ער זײַן גוטן איינציקן פרײַנט. ער פאַרגעסט אַלע איבערגעלעבטע צאָרעס, און זײַן גאַנצער וועזן איז איבערגעפולט מיט א פרייד ניט אויסצודריקן. איך האָב דיך ווידעראַמאָל דערזען, און מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז יאָרן זײַנען שוין דורכגעגאַנגען זינט מיר האָבן זיך געזען. און אינדערעמעסן איז דורכגעגאַנגען ערשט 5 כאַדאָשים זינט איך בין אַוועקגעפאָרן פון סינסינעטי. איך ווייס, אַז אין מײַן אָפּוועזנהייט איז אײַך אויך אויסגעקומען איבערצולעבן ניט ווייניק שווערס; אָבער איצטער, דוכט מיר, וועלן מיר מיטן אָנקום פון עם שיינעם פרילינג אַביסל אופלעבן און פרײַער אָפּאָטעמען. איך אַרבעט בײַ ייִדן, בין איך די שאַבאָסים פרײַ, און זונטיק אַרבעט איך. איך וווין בײַ זאַלאָטאַריאָוון, איך מיט הילעלן (דער יונגער זאַלאָטאַריאָוו) האָבן א קליין צימערל, די באַפּוצונג פון מײַן צימערל באַשטייט סאַכאַקל פון היינעס פּאָרטרעט, צו וועלכן ס'וועט איצט צוקומען אויך דײַן טײַערע פאַר מיר געשטאַלט.

אַגעוו, מײַן פּאָרטרעט פון היינען האָט א קליינע געשיכטע. מיר האָט אים געשענקט איינע א ליבהאָבערן פון פּאָעזיע און פּאָעטן מיט א טנײַ, אַז איך זאָל איר עפּעס אָנשרײַבן אין אַלבאָם, האָב איך איר אָט וואָס אָנגעשריבן:

כ'האָב א רעמל געקויפט פאַרן פּאָרטרעט,
כ'לאָז די אויגן ניט אַראָפּ, און גלײַך
ווי ס'טוט א קוק נאָר א פּאָעט אף א פּאָעט,
דערמאָנט ער זיך געוויס אָן אײַך.

נאָר דו, סאָניע, מיין ניט, אַז איך בין (באַהיט גאָט) אײַנגעליבט אין אָט דער ליבהאָבערן פון פּאָעטן און פּאָעזיע. זי איז, אָן צווייפל, זייער א בעקאָוועדיקע דאַמע, און איך שעץ זי, ווי אַן אַנטוויקלטע פרוי, נאָר אײַנליבן זיך אין ניו־יאָרק איז טראָץ אַלע מײַנע ווונטשן קען איך ניט; מיר דוכט, אַז איך בין שוין צו אַלט פאַר דער ראָליע פון אַן אײַנגעליבטן.

איבעריקנס, בין איך איצטער, אייגנטלעך, טיף אײַנגעליבט אין מײַן מוזע, זי רוימט מיר אײַן אָפּטמאָל אין אויער אירע ליבע מעלאָדיעס. ס'איז פּאָשעט קיין צײַט ניטאָ צו פאַרשרײַבן אירע לידער און קאַפּריזן. די טעג בין איך, טראַכטנדיק וועגן סינסינעטי, וועגן אײַך אַלעמען, אַנשלאָפן געוואָרן, און אָט וואָס מיר האָט זיך געכאַלעמט. דעם דאָזיקן כאָלעם ווידמע איך דיר, סאָניע.

## „דער כאָלעם“

מיר האָט זיך געכאָלעמט, ווי כ'פלי שוין
אַזויווי אַן אָדלער אַהיים,
אַז אָט, און איך זיץ בײַ מײַן טיש —
איך בין שוין ניט איינער אַליין.

עס גיסט מיר טיי אָן מײַן שוועסטער,
און איך נעם מיט ליבע ארום
מײַן מוטער, מײַן פרײַנט מײַן בעסטן,
מײַן פאָטער, וואָס קוקט אף מיר שטום.

„מײַן קינד, דו ביסט בלייך — אין הויפּטשטאָט
האָסטו פון קיין רו ניט געטראַכט".

„ס'איז גאָרניט, דערפאַר האָב איך דאָרטן
געשריבן לידער אסאך".

און ווײַל כ'האָב באגעגנט מיט ס'ינע
דעם טיראַן, און מיט ליבע דעם מענטש,
האָבן אדל־לײַט גרויסע פון ציין
מײַן טײַערע מוזע געבענטשט.

„איך האָב זיי געזונגען פון פרײַהייט,
זיי האָבן מײַן ליבע דערקענט".
„מײַן קינד, האָסט זיך אָבער געמאַטערט,
האָסט געליטן נויט אין דער פרעמד".

מײַנע פרײַנט, כ'בין געוווינט שוין צו נויטן,
נאָר אויב ס'איז מײַן מוזע געליבט,
געליבט פונעם פאָלק, וואָס לײַדט נאָך,
איז עס מײַן איינציקער גליק.

און איך האלדז מײַן שוועסטער, מײַן מוטער,
איך פארזיס מיט קושן די טיי,
נאָר איך עפן די אויגן... איך ציטער...
איך געזעגן זיך פלוצים מיט זיי.

איך ליג אין דעם קליינינקן שטיבל —
ס'איז פײַכט און ס'איז אָטעמען שווער.
איך בין אין ניו־יאָרק,—דאָס איז זיכער,
איך בין וואך — איך כאָלעם ניט מער.

נו, סאָניע, ווי געפעלט דיר עפּעס מײַן כאָלעם? דאָס איז אן עמעסער ניו־יאָרקער כאָלעם. איך אנטשולדיק זיך, אגעוו, כ'האָב דורכגעלאָזט א סטראָפע, וואָס גייט גלײַך נאָך דער ערשטער:

א שווער בײַכיקער שטייט אפן טיש דאָרט
דער סאמאָוואר, ער גלאנצט און זידט,
אזוי אויך דער גליקלעכער דיכטער,
ווען עס רוישט אין זײַן הארצן דאָס ליד.

פאר אנדערע וועט עפשער די פארגלייכונג זיך אויסווײַזן ניט געלונגען שוין דערפאר, וואָס פאָעטן האָבן זעלטן גראָבע בײַכער, דאן וועט מיר אויסקומען זיך

פאַרענטפערן, אַז איך מיין די פּאָעטן פון דער צוקונפט, ווען ס'וועט ניט זײַן, רעכן איך, אַזויפיל שטרענגע צענזאָרס, ווי איצטער, און דעריבער וועט ניט אויסקומען צו ווערן אַזוי מאָגער און דאַר, ווי דאָס קומט איצטער פאָר. פאַראַן בײַ מיר אויך אַנדערע אינטערעסאַנטע לידער, נאָר שרײַבן אַלץ מיטאַמאָל איז ניט גוט. אין עם לעצטן נומער „וואַרהײַט" האָב איך אָנגעשריבן מײַן „צאַוואָע", נאָר דו, סאָניע, מיין ניט, איך בעט דיך, אַז איך בין אָפּן שוועל פון עם אייביקן לעבן, ס'האָט מיך פּאָשעט פאַרכאַפּט דאָס בילד, און די פּאָעטן געפינען אין די טרויעריקסטע בילדער שיינקײַט, און זינגען, און מאַכן דאָס טרויעריקע פריילעך, און אַמאָל אויך פאַרקערט. די „צאַוואָע" מײַנע איז אַסאַך אַזוי געפעלן געוואָרן, אַז בײַ זיי איז אויסגעוואַקסן אַן אַפּעטיט צו אַזאַ פײַערלעכער לעווײַע. איך האָב אײַך ניט לאַנג אַוועקגעשיקט אַ בריוו, אין וועלכן איך האָב געשריבן, אַז איך האָב באַקומען דאָס פּעקל, און איר האָט אים מיסטאָם שוין באַקומען. איצטער ווידער אַ דאַנק, סאָניע, פאַר דער קאַרטע, איך בין דיר, מײַן טײַערע, איצטער שוין אַזויפיל שולדיק, אַז גאָט זאָל נאָר געבן קויכעס זיך צעצאָלן. דאָס בוך וועגן דער רעוואָליוציע וועל איך זיך סטאַרען אַרויסשיקן. און איצטער גיב איבער גרוסן אַלע אונדזערע אייגענע און באַקאַנטע. און שרײַב מיר וועגן אַלע קלייניקײַטן פון דײַן לעבן, מיך אינטערעסירט אַלץ, און זע, זאָלסט ניט בענקען.

דײַן דאַוויד.

.9

[איבערגעזעצט פון רוסיש]

ניו-יאָרק, דעם 28־טן מײַ 1889.

[צו דער שוועסטער]

מײַן טײַערע סאָניע!

איך קען דיר ניט איבערגעבן דעם פריידיקן, דערקוויקנדיקן געפיל, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט מײַן גאַנצן וועזן, ווען איך האָב באַקומען דײַן בריוו. ער האָט געאָטעמט מיט דער זעלבער זיסער דופט, ווי די רויז, וואָס איז אין אים געלעגן. יאָ, דו ביסט פּונקט יענע גוטע, ווילע סאָניע, וואָס איך שטעל זיך שטענדיק פאָר, און איך טראַכט אָפּט, אַז איר זענט פיל בעסער און ווילער פון מיר, איך גיי צופיל אַוועק אין מײַן אינערלעכער וועלט פון געדאַנקען און טרוימען, אַז איך זאָל זײַן אַזוי אויפמערקזאַם צו דער אַרומיקער וועלט.

אין דעם בריוו דאַרף איך דיר גענוי באַשרײַבן, וויאַזוי איך האָב געפײַערט מײַן געבורטסטאָג אין ניו־יאָרק. דאָס איז זייער אינטערעסאַנט. כ'וועל אָנהייבן פון עם אָנהייב: געפײַערט האָב איך שאַבעס, דעם 25־טן מײַ, אין עם טאָג, וואָס איך בין פרײַ פון דער אַרבעט. איז אָט, שאַבעס גאַנצפרי, אַזייגער 8, ווען איך בין נאָך געלעגן מיט מייטוסן אין בעט, האָט עמעצער אָנגעקלאַפּט אין מײַן צימער. און אָט האָב איך, אײַנהילנדיק זיך אין דער קאָלדרע, געעפנט די טיר און ווידער געלייגט זיך אין בעט, איז אַרײַן צו אונדז מײַן גוטע באַקאַנטע מיס נעטער — מיר רופן זי „די קליינע גוטע נעטער". דאָס איז אַ קליינטשקע שיינינקע ברונעטן, אַביסל אַן עקסצענטרישע, נאָר זייער אַן ערלעכע און אַ גוטע. זי איז געקומען מיט אַ ריזיקן

בוקעט פון לעבעדיקע רויזן צו גראַטולירן מיך מיט מײַן געבורטסטאָג און האָט געוואָלט אומבאַדינגט זײַן די ערשטע. אין עטלעכע מינוט אַרום איז זי, פאַרשטייט זיך, אַוועקגעגאַנגען, און איך האָב זיך גענומען שמעקן די רויזן און קוויקן זיך מיט אָט דער אויסגעצייכנטער מאַטאָנע, און דו ווייסט, סאָניע, איך האָב זיך געפרייט, ווי אַ קינד, ניט דערפאַר, וואָס איך האָב אַזוי ליב בלומען, נאָר פּאָשעט דערפאַר, וואָס איך האָב געפילט, ווי טיף עס שעצט מיך אָט דאָס אָרעם מיידל. זי איז ספּעציעל אויפגעשטאַנען פרי, אויסגעגעבן, קען זײַן, אירע לעצטע סענטן, כדי מיך צו דערפרייען. און וואָס בין איך, נאָך אַלעמען, פאַר אַ פויגל אַזאַ, אַ קאַפּצן, אַן עלנטער, און מער גאָרניט. אָבער איך בין גליקלעך, סאָניע, וואָס איך האָב פאַרדינט ליבע און אַכטונג בײַ די ערלעכע מענטשן, מיט וועלכע איך בין זיך דאָ צונויפגעגאַנגען. אַזייגער 12 בײַטאָג זײַנען מיר, עטלעכע מענטשן, אַוועק שפּאַצירן, און אָט איז אונדז אַרײַן אַ געדאַנק אַוועקצופאָרן אויפן קליינעם אינדזל, וווּ עס שטייט דער פרײַהייט־טורעם. דאָס איז ניט ווײַט פון קעסטעל־גאַרדען, און ס׳קאָסט מיט דער שיף 25 סענט. פאַר 15 מינוט זײַנען מיר אָנגעקומען צום קליינעם אינדזעלע, וווּ ס׳האָט זיך באַוויזן פאַר אונדזערע אויגן די גיגאַנטישע סטאַטוע, וואָס איבעראַשט מיט איר גרויסקײַט. די דאָזיקע סטאַטוע איז אַזאַ ריזיקע, אַז אין איר אינגעווייד קען מען אַרײַנגיין, ווי אין אַ זאַל, אַרויפקלעטערנדיק אויף שמאָלע טרעפּ. אויף איר קאָפּ ליגט אַ קאָלאָסאַלע קרוין, פון וועלכער מע קען אַרויסקוקן, ווי פון אַ פענצטער, און זען דעם יאַם מיט די שפּיצן פון ניו־יאָרק. דאָרט איז פאַראַן פיל הויכע גראָז אַרום דער סטאַטוע, און מיר האָבן דאָרט גערוט ביז אַזייגער 4 אינאָוונט. אַזייגער 8 האָבן זיך בײַ מיר צונויפגעזאַמלט אַלע מײַנע נאָענטע פרײַנט. די באַלעבאָסטע פון אונדזער דירע האָט אונדז אויף דעם אָוונט אָפּגעגעבן איר זאַל, געשטעלט דעם סאַמאָוואַר, און מיר האָבן געקויפט קייקס צו דער טיי, געקויפט מאַראַנצן מיט אַנאַנאַסן, און דער באַל איז אָרגאַניזירט געוואָרן. עס זײַנען געווען, פאַרשטייט זיך, די זאָלאָטאַריאָווס — דער אַלטער און די אַלטע מיטן זון. כוצדעם, אויך אומבאַקאַנטע סאָציאַליסטן און סאָציאַליסטקעס און גלאַט מיידלעך פון אונדזער קרײַז, פאַרערערנס פון מײַן פּאָעטישן טאַלאַנט. מ׳האָט געטרונקען טיי, פאַרביסן, געזונגען לידער, און אַזייגער 11 בײַנאַכט, ווען אַלע באַקאַנטע און פרײַנט זײַנען שוין געווען צונויפגעזאַמלט און אויפן טיש זײַנען געלעגן עטלעכע בוקעטן, וואָס מ׳האָט מיר געשענקט, האָט מען זיך דאַן דערמאַנט, אַז אָן ביר וועט זיך דער איניען ניט באַגיין. איך האָב געזאָגט, אַז דערצו בין איך קיין מעכוטן ניט, ווײַל איך טרינק ניט קיין ביר. אָבער מײַנע פרײַנט האָבן געבאַלעבאַטעוועט אָן מיר, צונויפגעלייגט זיך און געקויפט אַ גרויס פעסל ביר. נאָך דעם ביר זײַנען אַלע פריילעך געוואָרן און גענומען לייענען לידער. גערעדט האָבן אַלע וועגן מײַן באַדײַטונג אַלס פּאָעט, אַלס מענטש, אַלס פרײַנד א. אַז. וו. קאָמפּלימענטן האָבן זיך געשאָטן אַסאַך, איינקע האָבן אויך זייער אָפן־הערציק מיר אויסגעדריקט זייער סימפּאַטיע. אַזוי האָבן מיר געהוליעט ביז 2 אַזייגער בײַנאַכט, און מיר וואָלטן ניט אַוועקגעגאַנגען, ווען דאָס זאָל ניט געווען זײַן בײַ פאַמיליע־מענטשן, וועלכע מע האָט געדאַרפט סאָפּקאָלסאָפּ געבן אַ מעגלעכקײַט אָפּצורוען. מיט איין וואָרט, דער אָוונט איז דורכגעגאַנגען זייער געלונגען, און איך וועל אים, דוכט מיר, קיינמאָל ניט פאַרגעסן. אַ שאָד נאָר, וואָס אײַך, מײַנע טײַערע, האָב איך ניט געהאַט

אָפּ דער דאָזיקער ערשטער פּייַערונג אין מייַן לעבן. נאָר איך האָפּ, אַז אין דער צוקונפט וועלן מיר זייַן צוזאַמען. איצט אַ פּאָר ווערטער וועגן דער נעסיַע. כ׳וואָלט זייער צופרידן געווען אַראָפּצופאָרן צו אייַך און זייַן צוזאַמען מיט אייַך. נאָר איך דאַרף נאָך זייַן דאָ אַ געוויסע צייַט. מייטוס וועט אייַנגיכן צו אייַך קומען צו פאָרן, ניט שפּעטער, ווי אין אַ וואָכן צוויי אַרום, און ער וועט אייַך דערקלערן מייַן באַשלוס. יעדנפאַלס, רעכן איך, אַז איך וועל זייַן אין סינסינעטי. אַ פאָטאָגראַפיש קאַרטל וועל איך אייַך אויך אייַנגיכן אַרויסשיקן, אויך דאָ פאָדערן בא מיר אַלע, אַז איך זאָל זיך אַראָפּנעמען, איז אָט, וועל איך שוין אַראָפּנעמען מייַן צורקע. דערוויַל, סאָניע, שרייַב מיר. גריס אַלע אונדזעריקע, קוש די קינדער

דייַן דאַוויד.

מייטוס גריסט. צום גיכן ווידערזען.

.10

[איבערגעזעצט פון רוסיש]

[העלפּט יונ 1889]

[צו דער שוועסטער]

## ליבע און טייַערע סאָניע.

איך האָב יענע וואָך ניט געשריבן, ווייַל איך האָב געוווסט, אַז מייטוס וועט בא אייַך זייַן און וועט אייַך איבערגעבן אַלץ, וואָס מע קען אייַך זאָגן וועגן מייַן לעבן אין ניו־יאָרק.

הייַנט האָב איך באַקומען אַ בריוו אויך פון מייטוסן, אין וועלכן ער שרייַבט צווישן אַנדערן, אַז איר האָט פאַרלאַנגט, איך זאָל קומען.

אַז איך הייב אָן טראַכטן וועגן מייַן נעסיַע, קומען בא מיר אויף צוויי פאַרשיידענע דילעמעס.

איך וויל אייַך אַלעמען זען, לעבן מיט אייַך און טיילן מיט אייַך אַלץ, וואָס ס׳פאַלט אויס אויף אונדזער גורל.

און דערנאָך דערמאָנט זיך ווידער אונדזער פאַרשלאָפענע שטאָט, וואָס אָטעמט קוים, מיט איר מאָנאָטאָנישקייַט, און מיר דוכט זיך, אַז איך וועל ווידער ניט קענען לאַנג זיך האַלטן אין איר שטיקנדיקער ספערע.

אָבער נאָך לאַנגע טראַכטענישן האָב איך פאָרט באַשלאָסן קומען צו פאָרן, אויב ניט אויף שטענדיק, איז אויף אַ שטיקל צייַט.

איך וועל געוויס קענען קריגן אַזעלכע ס׳ניט איז אַרבעט און העלפן אין אַ געוויסער מאָס אויך אייַך.

קומען אייַך צו הילף פונדאַנען איז ביז איצטער, יעדנפאַלס, אומעגלעך געווען, איך בין שולדיק אַ מאַסע כויוועס, וואָס איך האָב אָנגעבאָרגט פאַר די פיר אַרבעט־לאָזע כאָדאָשים, אַלע פאָדערן און אַלעמען דאַרף מען באַצאָלן.

אוועקפאָרן פונדאַנען רעכן איך אין די ערשטע דאַטעס יול, און פריער... האָב איך קיין געלט ניט.

מיר וועט אויסקומען אָפּצושטעלן די כויוועס־צאָלונג, און אויף אַזאַ מין אויפן צונויפזאַמלען אַביסל געלט אויף דער נעסיַע.

איך האָב זיך היינט אראָפּגענומען, ווייל אַלע מיינע באַקאַנטע האָבן מיך דאָ
לעבן ניט געלאָזט, אז איך זאָל זיי אָן שום טערעץ איבערלאָזן מיין פאָטאָגראַפיע.
אז ס׳וועט זיין פאַרטיק, וועל איך ארויסשיקן, אזוי אז איר זאָלט מיך דערקענען
אפן וואָקזאַל, וואָרעם אניט קענט איר נאָך זאָגן, אז דאָס בין ניט איך...
איך ווייס ניט, צי האָט אייך מייטוס ריכטיק איבערגעגעבן וועגן מיין לעבן.
ס׳קען זייער זיין, אז ער האָט עפּעס וואָס צוגעפּוצט און עפּעס אנדערש ניט דערפּוצט.
איך קען מיין לעבן כאַראַקטעריזירן מיט פּרוגס ווערטער:

„פרייד א טראָפּן, לייד א קאָס,
דאָס איז אונדזער לעבנס־מאָס".

האגאַם מע דאַרף פאַר די טראָפּנס אויך זאָגן אַדאַנק.
ווי לעבן דאָרט עפּעס אונדזערע סינסינעטער לייט? גאָט האָט געהאָלפן זיך זען
נאָך אַמאָל.
וואָס מאַכט די ביבליאָטעק? גיט צו וויסן, אז דער פּליסיקער באַזוכער קומט
ווידער, נאָר מיט א נייער באָרד און מיטן נאָמען פון א יידישן פּאָעט.
דאָס זיינען די צוויי זאַכן, וואָס איך וועל ברענגען צו פירן פון ניו־יאָרק. וואָס
ס׳איז שייך צו די איבעריקע דערגרייכונגען און די איבעריקע אייגנשאַפטן, צום
ביישפּיל, פינאַנציעלע, זיינען זיי געבליבן קאָנסערוואַטיווע אויך ביז איצט.
צי האָט דיר מייטוס געבראַכט צו פירן א שירעם? צי האָט ער אים ניט איינ־
געשלונגען אונטערוועגס אָנשטאָט קייקס, ווייל לויט זיינע ווערטער האָט ער אין
וועג שרעקלעך געהונגערט.
דעם שירעם האָב איך געקויפט עקספּראָמט. ער, דאָס הייסט ניט דער שירעם,
נאָר מייטוס, איז פּלוצעמדיק אָנגעלאָפן און פּלוצעמדיק אנטלאָפן, ער איז געגליכן
צו צעזאָרן: געקומען, דערזען און... אנטלאָפן. האגאַם איך האָב עס פריער געוווסט,
ניו־יאָרק איז ניט פאַר אים.
וואָס איז נעגייע מיך, פאַר איך אָפּ קאָניקולן אהיים אָדער בעסער אָפּ א זו־
מער־ווינונג.
זומער ווינען ניט די גרויסע לייט אין די גרויסע שטעט. אלזאָ, צום ווידערזען.
גריס אַלעמען און אַלעמען.

דיין דאוויד.

.11

[איבערגעזעצט פון רוסיש]

ניו־יאָרק, דעם 22-טן יול [יונ] 1889.

[צו דער פאַמיליע]

ליבע און טייערע!

איך האָב פריער גערעכנט אוועקפאָרן פונדאַנען דעם ערשטן יול, און ביז דאַן
פאַרדינען עטלעכע דאָלער, נאָר ס׳האָט זיך ארויסגעשטעלט, אז די אַרבעט גייט
איצטער זייער געפּייגערט און איך קען פאַרדינען ניט מער ווי אפּ דערנערונג, אזוי
אז איך האָב באַשלאָסן אוועקפאָרן דעם 27 יול [יונ] דאָנערשטיק. געלט האָב איך
פּונקט אפּ דער נעסיע. איך האָב גערעכנט ברענגען צו פירן א פּאָר דאָלער, און
כ׳וואָלט עס געקענט טאָן, ווען די אַרבעט זאָל גיין אָן אַן אויפהער. און וואַרטן אפּ

גינסטיקע צײַטנ האָב איכ איצטער ניט קײנ כײשעק, אונ ביכלאל איז מיר דער גאנצער „שאפ״ מײַנער נימעס געוואָרנ ביז צום כאלעשנ. אזוי, אז איכ וועל בא אײַכ זײַנ, ווארשײַנלעכ, שאבעס, איכ וועל קומענ אפ דעמ זעלבנ וואָקזאל, וואָס מײַ־טוס. וועט איר באגעגענענ — איז גוט, אונ טאָמער ניט, וועל איכ אלײנ געפינענ דעמ וועג, איכ בינ דאָכ אביסל באקאנט מיט אײַערע פאלעסטינעס. ס'טוט מיר באנק, וואָס ס'קומט אויס צו פאָרנ אזא קאפצנ. איכ האָב געטרוימט וועגנ אנ אנדער מינ קומענ. נאָר וואָס קענ מענ העלפנ, אפּאָנעמ האָט עס, אז די צײַט פונ אונדזער רײַכ־קײַט איז נאָכ ניט געקומענ. אויב איכ וועל קומענ צו פאָרנ שפּעטער מיט א טאָג, זאָלט איר זיכ ניט באומרויִקנ, איכ פאָר ניט מיט אנ עקסטרא־צוג, נאָר איכ וועל נאָכ שווימענ אפ א בארקע אָדער ווידער אפ א שיפ, נאָר איצטער איז עס אָנגע־נעמ אפ די בלויע כוואליעס פונעמ אָקעאנ. אלזאָ, צום גיכנ ווידערזענ.

אײַער דאוויד.

מײַנע פאָטאָגראפיעס וועל איכ ברענגענ צו פירנ מיט זיכ. צו וואָס מאטריִעכ זײַנ די פאָסט־אָפּטײלונג?

.12

[איבערגעזעצט פונ רוסיש]

סינסינעטי, דעמ 27־טנ מארט [1890]

[צו יאקאָוו ליפשיצנ]

פרײַנט מײַנער יאקאָוו!

נעכטנ ערשט האָב איכ באקומענ דײַנ טרויקע — דײַנ בריוו, אונ הײַנט האָב איכ צום אלעמ ערשטנ זיכ פארקליגט אינ דער עפנטלעכער ביבליאָטעק (מײַנ אײנציקע באהעלטעניש פונ דעמ ראש אונ געפילדער פונעמ וואָכעדיקנ לעבנ) אונ אָט שרײַב איכ דיר אנ ענטפער אפ דײַנ טרויקע, וואָס איז צו מיר געקומענ צו פליִענ פונ די ניו־יאָרקער שנײיִקע ליבערס. יאָ, ברודערקע, איכ האָב זיכ פארזינדיקט, שוינ לאנג האָב איכ דיר נישט געשריבנ, אונ גאָט ווײסט, וויפל צײַט ס'וואָלט נאָכ אריבער ביז מײַנ שרײַבנ, ווענ דײַנ שנעלע טרויקע זאָל מיכ ניט געווענ אופוועקנ מיט אירע הארציקע גלעקלעכ־קלאנגענ אונ זאָל מיכ, דעמ אומדאנקבארנ קנעכט, ניט געווענ דערמאנענ נאָכאמאָל, אז דאָרט, אפ די ברעגעס פונעמ עקס־אינדישנ אינדזל, האָב איכ פרײַנט, וועלכע געדענקענ מיכ אונ לײענענ אפילע מײַנע אויסגעוויטעקטע ראַיוינעס אונ לידער, וואָס זײַנענ געבוירנ געוואָרנ באמ מאָנאָטישנ געקלאפ אונ געדויש פונ די מאשינענ־רעדער — אָדער אונטער די אומדערבארעמדיקע קלעפ פונ דער דעספּאָטישער בײַטש.

עכ, יאקאָוו,

„מיר איז דאָס הארצ מיט פארדראָס זיכ צו שטאָפּנ,
אינ אימ איז פיל עמעס, אינ פוייר נאָר א טראָפּנ״.

דו רופסט מיכ קײנ ניו־יאָרק, אָבער דו פארגעסט, ברודער, אז דאָס איז פאר מיר איצטער א זאכ, וואָס קענ ניט געמאָלט זײַנ. איכ בינ דער אײנציקער פארדינער פונ מײַנ גאנצער מישפּאָכע, אונ אוועקפאָרנ באטײַט אוועקרויבנ בא זײ די לעצטע מיטלענ פאר זײער עקזיסטענצ, וואָס איז, עמעס, גאנצ ביטער, אָבער דערצו קענ איכ שוינ ניט העלפנ. — — —

13

Cincinnati, may 1, 90.

[צום רעדאקטער פון לאָנדאָנער ארבעטער-פרײַ.ט].

ווערטער רעדאקטער!

איך שיק אײַך א רוסישעס געדיכט, וועלכ איך האָב געווידמעט זשאָרזש קענאנען, דעם בארימטנ אמעריקאנער רײַזנדער איבער סיביר. איך דארפ אײַך ניט דערציילנ וועגנ די גרויסע דינסטע, וואָס דיזער מאנ האָט געלײַסטעט די רוסישע רעוואָליוציאָנערנ און הייליקע מארטירער פאר ווארהײַט און פרײַהײַט. דיזע דינסטע זײַנעג פארשריבנ מיט בלוט אינ הארצנ פונ יעדנ דענקענדנ רוסישנ מענטשנ. זײַנע ווארע און הארצרײַסנדע ערציילונגענ איבער די ליידנ פונ דעם קעמפנדנ רוסלאנד האָבנ געמאכט וויינענ א האלבע מענטשנ-וועלט און האָבנ ארויסגערופנ א דאָנערנדנ פראָטעסט קעגנ די הימלשרײַענדע אומגערעכטיקײַט און בלוטיקנ בארבארײַ פונ די רוסישע רעגירונג. ניט לאנג צוריק וואר ער אינ צינצינאטי. איך האָב מיט אים גערעדט אינ אונדזוער רוסישער שפראכע, וועלכע ער פארשטייט זייער גוט. ער האָט מיר פארשפראָכנ זײַנ גאנצנ לעבנ אָפּצוגעבנ פאר זײַנ אָנגעפאנגענע הייליקע ארבעט — דאָס ארונטערײַסנ די מאסקע פונ דער רוסישער רעגירונגס-בארבארײַ. מײַנ געדיכט איז ניט קיינ לאָבונגס-געזאנג, זאָנדערנ אנ אויסדרוק פונ מײַנע געפילנ, וועלכע, ווי איך דענק, יעדער אינטעליגענטער רוסע פילט מיט מיר צו דיזנ גוטנ מענטשנ און קעמפער פאר די רוסישע פרײַהײַט.

אָבגלײַכ אײַער צײַטונג איז ניט קיינ ספּעציעל רוסישע, שיק איך אײַך דיזעס רוסישע געדיכט, ווײַל איך האָב איצט ניט קיינ אנדערע פרײַ-רעוואָליוציאָנערע צײַטונג, ווו איך זאָל איינפארשטאנדנ זײַנ עס צו דרוקנ. איך האָפּ, איר וועט עס געבנ פּלאַצ אינ אײַער „ארבעטער-פרײַנט", וועלכער ווערט געלעזנ פונ אלע אינטעליגענטע רוסישע יידנ אינ ענגלאנד און אמעריקע. ד. עדעלשטאט.

.14

Cincinnati, July 18-h 1890.

[עסקיז פונ א בריוו צו דער „פרײַער ארבעטער-שטימע"]

די הארצרײַסנדע לאגע פונ די ניו-יאָרקער שטרײַקנדיקע קלאָק-מאכער [דאמענ-שנײַדער] האָט אונדז ארויסגערופנ ווענדנ זיכ צו די יידישע ארבעטער פונ סינסינאטי, זיי זאָלנ העלפנ זייערע ברידער אינ קאמפּ מיט זייערע אויסבײַטער. די רעזולטאטנ זײַנענ, דאָס מיר האָבנ יעצט צוואנציק דאָלער פונ די ניו-יאָרקער שטרײַקנדע קלאָק-מאכער. דאָס געלט איז אײַנגעטיילט ווי פאָלגט: 8 דאָלער געזאמלט פונ דער סאָסײַעטע [פאריינ] — — —

.15

[סינסינעטי, אווגוסט 90-1]

[צו דער רעדאקציע „ס.א.ש."]

אזוי ווי אינ דעם 6 נומער „דער פרײַער ארב. שטימע" ווערט געזאָגט, אז די „פרײַע ארבעטער-שטימע" איז פולשטענדיק פרײַ פונ יעדע מיינונג און איז פולקום איבערצײַגט אינ דער ריכטיקײַט פונ אירע פרינציפּנ — די פרינציפּנ פונ רעוואָליוציאָנערנ

סאָציאַליזם, און אזויווי אין דער פּראָגראַמע „דער פרײַער ארבעטער־שטימע" ערקלערן זיך די ארויסגעבער פאר סאָציאַליסטן־רעוואָליוציאָנערן, ווייל איך איצט פרעגן א וויכטיקע פראגע, נעמלעך: אויב די ארויסגעבער פון „דער פרײַער ארבעטער־שטימע" זײַנען די 32 ייִדישע ארבעטער־אָרגאניזאציאָנען פון אמעריקע, וויאזוי האָבן זיך די ארויסגעבער געקענט ערקלערן אלס סאָציאַליסטן־רעוואָליוציאָנערן אין דעם, ווען צווישן די 32 אָרגאניזאציאָנען געפינען זיך אויך אנארכיסטן, סאָציאַל־דעמאָקראטן און אנדערע איסטן? וויאזוי האָט זיך איבערהויפּט געקענט דיזע צײַטונג ערקלערן אלס א „איסט", ווען זי איז דער אָרגאן פון פארשיידענע איסטן, פון פארשיידענע שיכטן און ריכטונגען דער הײַנטיקער ארבעטער־באוועגונג, און ווארום סאָציאַל־רעוואָליוציאָנער, און ניט אנארכיסטיש אָדער סאָציאַל־דעמאָקראטיש? האָבן די ארויסגעבער גענומען אין אכט די מאיאָריטעט פון דיזע 32 אָרגאניזאציאָנען? ווי מיר איז באקאנט, איז קיין שום וואל ניט פאָרגעגאנגען צווישן די אָרגאניזאציאָנען אום צו באשטימען די מאיאָריטעט און מינאָריטעט. אלזאָ, ווי קומט עס פאָרט, אז די „פרײַע ארבעטער־שטימע" האָט זיך ערקלערט אלס א סאָציאַליסטישער, רעוואָליוציאָנערער אָרגאן? און וואָס האָט די ארויסגעבער איבערהויפּט געצוווּנגען צורעכענען זיך צו דער אָדער דיזער פארטיי, ווען זי האָט געקענט זיך ערקלערן אלס דער אָרגאן פון פארשיידענע סאָציאַליסטישע ריכטונגען אין דעם זי וועט געבן פאר יעדן א פרײַען פלאץ אויסשפּרעכן זייערע מיינונגען?

ווען איבערהויפּט האָבן פארשטאנען די אווטאָרן פון דער פּראָגראַם אונטערן וואָרט „מיר". אויב איך וועל אָננעמען, אז דאָס ווארן די אויסדערווײלטע רעדאקטאָרן, איז אויך דאמאָלס א פראגע, ווײַל עס וואר באשלאָסן, דאָס אויך די רעדאקטערע זאָלן זײַן די פאָרשטייער פון אנארכיסטן און סאָציאַל־דעמאָקראטן, אָדער סאָציאַליסטן־רעוואָליוציאָנערן — אלזאָ, וויאזוי איז דאָס אויסגעקומען, „אז מיר ערקלערן זיך אלס סאָציאַליסטן־רעוואָליוציאָנערן", איז עס דערפאר, ווײַל סאָציאַליסטן רעוואָליוציאָנערן זײַנען יעצט ארײַן אין מאָדע? און אנארכיזם איז צו ראדיקאל פאר דעם ייִדישן ארבעטער. אויב אזוי, ווארום ניט סאָציאַל־דעמאָקראט, וואָס איז ווייניקער געפערלעך ווי סאָציאַל־רעוואָליוציאָנעריש? און וויאזוי האָט זיך איבערהויפּט געקענט דער פארוואלטונגס ראט באגיין אין דיזן וויכטיקן שריט נאָך זײַן אייגענעם קאפּריז נאָך, נישט אָנפרעגנדיק בא דיווירקלעכע ארויסגעבער „דער פרײַער ארבעטער־שטימע", בא די 32 ייִדישע אָרגאניזאציעס, וועלכע האָבן געארבעט אום צו ברענגען די צײַטונג אין לעבן?

.16

[עקיז פון אן אופרוף צו די ייִדן פון סינסינעטי, לעצטער דריטל פון סעפּטיאבער 1890]

### צו דעם יודנטום פון סינסינעטי!

די שרעקלעכע פארפאָלגונגען פון די רוסישע ייִדן בא דער גרויזאמער רוסישער רעגירונג האָבן ערייכט די לעצטע שטופע פון ווילדהײַט, יודנהאס, טיראנייע און אונמענטשלעכקײַט. דאָס הארץ באגיסט זיך מיט בלוט, ווען מיר דענקען, ווי דרײַ מיליאָנען ייִדן ווערן אונטערדריקט, געטראָטן מיט די פיס, בארויבט פון אלע מענטשלעכע

רעכטע נאָר דערפאר, ווײַל זיי טראָגן דעם נאָמען ייִד. די רוסישע רעגירונג האָט יעצט אוועקגענומען בא דעם ייִדן די לעצטע מעגלעכקײַט צו פירן א מענטשלעכן עקזיסטענץ. דער רוסישער ייִד איז יעצט אונטערוואָרפן דעם ווילדן ווילן פון יעדן באזאָפענעם רוסישן פּאָליסמען [פּאָליציסט], פארפאָלגט און בארויבט, האָט דער ייִד קיין שום מעגלעכקײַט צו זוכן גערעכטיקײַט אין דעם רוסישן געריכט. יעדע שאנדע, וואָס מע טוט אָן א ייִדן, איז יעצט רעכטפארטיק פאר דעם רוסישן געזעץ. בא דעם קלענסטן פּראָטעסט אָדער ווידערשטאנד ווערט ער ערקלערט אלס פארברעכער, פאר־האפטעט, געשמיסן און געשענדעט, ווי דאָס קאָן נאָר פּאסירן בא אזא בארבארישע אונמענטשלעכע בלוטיקע רעגירונג, ווי מיר האָבן יעצט אין רוסלאנד. די רוסישע ייִדן מוזן אנטלויפן פון זייער פינצטערע היימאט און זוכן א היים, א פאָטערלאנד אין פרעמדע לענדער.

טויזנטערע פון אונדזערע אומגליקלעכע ברידער און שוועסטער וועלן איינגיכן מוזן אָנווענדן זייער וועג נאָך אמעריקע. ברידער! יעצט איז אונדזערע הייליקע פליכט צו זאָרגן, דאָס די טויזנטערע פארפאָלגטע רוסישע ייִדן זאָלן נישט פאלן צו לאסט זייער נײַעם פאָטערלאנד. מיר מוזן יעצט זאָרגן, דאָס קומענדיק אהער, זאָלן זיי די ערשטע צײַט ניט לײַדן קיין נויט און אויך שאפן מיטלען, אז זיי זאָלן האָבן די מעגלעכקײַט דורך לאנדארבעט (און אנדערע פּראָדוקטיווע ארבעט) צו פארדינען אָרנטלעך זייער ברויט און פירן אן אָנשטענדיקן לעבן. ברידער, יעצט איז די צײַט, ווען מיר מוזן זיך אלע פאראייניקן, אלע אין איין שטארקע אָרגאניזאציאָן, וועלכע זאָל האָבן די הייליקע אופגאבע צו העלפן אונדזערע פארפאָלגטע ברידער און ראַטעװען זיי פון דער שרעקלעכער לאגע, אין וועלכער זיי לעבן יעצט זאָ פיל אונטער דער טיראנײַ פון דעם רוסישן יודנהאס.

צו דיזן צוועק וועט שטאטפינדן א גרויסע מאסן־פארזאמלונג דעם 21־טן סעפּ־טעמבער אין — — — ווו דער בארימטער דאָקטער ווייס און אנדערע בארימטע ענגלישע, דײַטשישע און זשארגאָנישע ריידנער וועלן ערקלערן דעם וועג און די מיטלען, וויאזוי צו העלפן די פארפאָלגטע רוסישע ייִדן. עס איז די פליכט פון יעדן איינעם בײַצוּוואָנען דיזע פארזאמלונגען און אָפּצורופן זיך אף דעם הארצרײַסנדן געשריי פון די מיליאָנען אונטערדריקטע, בארויבטע און פארפאָלגטע רוסישע ייִדן.

ברידער, פארגעסט ניט אײַער פליכט!

.17

[סינסינעטי, אָקטיאבער 1890]

[עסקיז פון א בריוו צו ד״ר מיכאָעל קאָן]

### גוטער פרײַנט מיכאיל!

אויס פּאָליטישען! ווידער א מענטש! שנעל, זייער שנעל, ניט וואר? ווען איך באטראכט איצט די גאנצע טראגיקאָמעדיע, פארשטיי איך ניט זעלבסט, וויאזוי איך האָב געקענט נעמען אף זיך אזא שמוציקע ראָליע! וויאזוי איך האָב געקענט אף איין מינוט גלייבן, אז איך וועל קענען אויסהאלטן רויִק די אלע נידערטרעכטיקײַטן פון אָט דעם פארגרעבטן, פארפינצטערטן אייזלטום, וואָס טראָגט אף זיך דעם נאָמען „אָרטאָדאָקסיע”. מײַן געדולד האָט געפּלאצט אפן לעצטן פארזאמלונג בא דעם עלעקשין

[וואל] פון א פרעזידענט. באשרײַבן אײַך דיזע לעכערלעכע, נידערטרעכטיקע ערנידעריגנדע סצענע איז פאר מיר יעצט אומעגלעך — — —

.18

Cincinnati. Nowember 4, 1890.

[עסקיז פון א בריוו צו ד״ר י. א. מעריסאָן]

טײַערער פרײַנט מאָריסאָן!

פילײַכט קענט איר העלפן עפּעס, אז דער מענעדזשער [פארוואלטער] פון דער פ. א. ש. זאָל זײַן מער פארנינפטיק, מער זאָרגן פאר דער זאכע, דער צײַטונג?

זעט, צום בײַשפּיל, דער סינסינאטער אגענט הימעלפארב האָט א פּאָר מאָל ארויס-געשיקט געלט פאר דער צײַטונג און האָט קיין שום ענטפער ניט באקומען. איצט האָט ער ווידער געלט, אָבער ער וויל ניט שיקן אפ דעם גרונט, דאָס ער ווייסט ניט, אויב מע האָט זײַנע ערשטע געלט באקומען. און איבערהויפּט דיזע נאכלעסי-קײַט פון דעם מענעדזשער מאכט יעדן אָפּהענטיק און מע פארלאָזט די טעטיקײַט אין פארברייטערן די צײַטונג, די מאטעריעלע — — —

.19

[איבערגעזעצט פון רוסיש]

ניו־יאָרק, דעם 22־טן יאנוואר 1891.

[צו דער שוועסטער]

מײַן ליבע סאָניע!

דו דארפסט מיך פארצײַען, אויב איך ענטפער ניט טייקעף אפ א בריוו. אייביק האַלט איך אין איין שרײַבן, איז שווער צו פארגעדענקען, צי האָב איך געענטפערט אפ א בריוו אָדער ניט. איך האָב שוין אוועקגעשיקט עטלעכע בריוו אפ אײַער אדרעס. אי ניט־געשעפטלעכע, אי געשעפטלעכע.

דו ווילסט וויסן וועגן דער צײַטונג. איך וועל דיר זאָגן, אז די געשעפטן פאר-בעסערן זיך. אלע אָרגאניזאציעס, אפ וועלכע מע האָט ארופגעלייגט „טעקס", האָבן געגעבן זייער האסקאָמע צו צאָלן וועכנטלעך. גענוי וועל איך אָנשרײַבן וועגן דעם נאָכדעם ווי כ'וועל איבערלייענען זאסלאַווסקיס בריוו צו דער פארוואלטונג. פאר-זאמלונגען פונעם פארוואלטונג־ראט קומען פאָר יעדן מאָנטיק, אזוי אז פריִער פון מיטוואָך וועט איר קיין ענטפער ניט באקומען; די 2 דאָלער האָב איך באקומען פאר דער צײַטונג וועגן און איך וועל ארויסשיקן די באשטעטיקונגען צוזאמען מיטן ענטפער אפ אײַער בריוו. מײַן פערזענלעך לעבן — דאָס איז די רעדאקציאָנעלע אר-בעט, אמאָל זע איך זיך מיט באקאנטע.

איך עס אין א רעסטאָראן אין א רוסישער געזעלשאפט; בא רײַך ווערן פונעם רעדאקציאָנעלן געהאלט עס ניט, נאָר איך בין צופרידן אבי מע קען ווי ס'ניט איז אויסקומען. געווען אפ א באל בא די פּיִאָנערן, ס'האָט מיך געלאנגווײַליקט אין דער געזעלשאפט. איר וועט איבערלייענען דאָס ליד, וועט איר פארשטיין.

בא זאָלאָטאריאָוון איז פארפאלן געוואָרן א מאנטל אפן באל, אָט א שלימאזל.

וואָס איז געשען מיט לוי? אפּ וואָס איז ער קראַנק? איך וויים וועגן דעם גאָרניט. שרײַב גענויער. ווי פילט איר זיך? ווי איז דאָס געזונט פון דער מאַמען, פונעם טאַטן, און ווי איז מיט דיר אַליין?

זאָלסט ניט בענקען — זעסט, ווי איך וואַקס — אַ גאַנצער רעדאַקטער, הייסט עס, געוואָרן.

האָב איך דען געטראַכט וועגן אַזאַ מין קאָוועד, זיצנדיק אין וואַגאָן?

וואַרט אויס, מיר וועלן נאָך אַנדערש אַ לעבן טאָן, שטאַרק זיך נאָר און שטאַרק אַלעמען.

גערים אַלע אונדזעריקע. זאָל מיר מײַטוס אָנשרײַבן. פאַרוואָס שרײַבט ער מיר ניט? ווי איז סיידי? די קינדער קוש פאַר מיר און גערים דער אַלטיטשקער.

דײַן דאַוויד.

שיק מיר אַרויס, איך בעט דיך, איינע פון מײַנע פאָטאָגראַפיעס.

.20

[איבערגעזעצט פון רוסיש].

ניו־יאָרק, דעם 21־טן פעוורראַל 1891.

[צו דער שוועסטער]

## ליבע סאָניע!

ווען דו זאָלסט וויסן, מײַן טײַערע, וויפל דײַן ברודער האָרעוועט, וויפל זאָרגן און טירכעס ער האָט, וואָלסטו עפּשער ניט באַרויגעזו געווען אויף מיר, וואָס מײַנע בריוו זײַנען געשעפּטלעכע און וואָס איך שרײַב ניט אָפט. די צײַטונג איז ניט קיין ווערטעלע, דאָ גייט ניט אַזוי אײַנעם שרײַבן, ווי אין דעם, וואָס אויף אַלץ דאַרף מען אַכטונג געבן. און אַז מע גיט ניט אַכטונג, קומען פאָר שרעקלעכע נאַכלעסיקײַטן, ווײַל אין רעדאַקציע איז ניטאָ קיין איין מענטש, אויף וועלכן מע זאָל זיך קענען פאַרלאָזן. מיר אַליין טוט אָפט וויי, וואָס איך דאַרף אַלץ, אַלץ, וואָס ס'איז מיר טײַער און ליב, פאַרגעסן צוליב דער זאַך, נאָר אַנדערש איז אוממעגלעך: אָדער כ'האָב אינגאַנצן ניט געדאַרפט זיך אונטערנעמען, און אַז איך האָב זיך אונטערגענומען, דאַרף איך ערלעך אויספילן מײַן אַרבעט. מיך וווּנדערט נאָך מער, וואָס, צום בײַשפיל, אַניע האָט פאַר דער גאַנצער צײַט ניט געשריבן אַפילע קיין שורע, און וועגן סיידי שרײַבט איר מיר אויך גאָרנישט, דאָס מאַכט מיך מעשוגע. מיינט ניט, אַז איך פאַרגעס אײַך דאָ צוליב לעבנס־פריידן, דאָ בײַ מיר איז אויך ווייניק פרייַלעכס פאַראַן. אַרום מיר לײַדן מענטשן אָדער זיי פאַרנעמען זיך מיט באַנאַלקײַטן, און קיין איין נאָענטן מענטשן האָב איך ניט — — —

.21

[איבערגעזעצט פון רוסיש]

ניו־יאָרק, דעם 28־טן פעוורראַל 1891.

[צו דער שוועסטער]

## מײַן ליבע סאָניע!

איך קען גאָרניט האָבן קעגן דיר, אויב דיר ווילט זיך, אַז איך זאָל דיר אָפט שרײַבן. פאַרקערט, דאָס פרייט מיך זייער, איך פיל זיך גליקלעך, ווייסנדיק, ווי דו האָסט מיך ליב. אָבער, טײַערע מײַנע, דאָס לעבן איז בײַ איצטיקער צײַט אומעטום

אזוי איַינגעאָרדנט, אז פילן זיך גליקלעך קען דער מענטש ניט אפילע דאן, ווען ער וואָלט, דוכט זיך, באדארפט זיך פילן גליקלעך.

אָט נעם מיך — איך האָב דאָך נאָר דאָס געזוכט — א מעגלעכקייַט צו ארבעטן פאר דער אידייע און פרייַ ארויסזאָגן מייַנע געדאנקען און שטרעבונגען. נאָר פיל איך זיך דען באפרידיקט? ניין, מייַן טייַערע, פאראן טויזנטער זאַכן, וועגן וועלכע ס׳איז לאנגווייַליק און ס׳לוינט ניט צו ריידן, וועלכע צווינגען טרויעריק צו פאַר־טראַכטן זיך. פארשטייט זיך, קעגן אנדערע בין איך גליקלעך, אָבער דאָס באטייַט נאָך ניט, מייַן ליבינקע, שאָלעם מאכן אין הארצן און זייַן צופרידן. שרייַב מיר, סאָניע, און גלייב, אז איך וועל זייַן גוט און פריש, אפ וויפל דאָס איז פאר מיר מעגלעך. איך בין זייער צופרידן, וואָס בא אייַך איז פאראן א ווילער יונגערמאן, ער וועט אייַך העלפן ארבעטן, איך וועל זיך באמיִען ארויסשיקן בראָשורן און טאָן אלץ, וואָס ס׳איז נאָר מעגלעך. קוש פאר מיר סיידינן, שיקט מיר צו איר פאָ־טאָגראפיש קארטל און גריס דעם טאטן, דער מאמען, אראָנען, אניען און אבראשען. איך קוש זיי אלעמען. ווי גייען די געשעפטן בא אבראשען? גריס מייטוסן, זאס־לאווסקין און אנדערע.

.22

[איבערגעזעצט פון רוסיש]
ניו־יאָרק, דעם 5־טן מארט 1891.

[צו דער שוועסטער]

ליבע סאָניע!

א דאנק פארן בריוו, ער האָט מיך דערמוטיקט, און אויסער דעם איז בא אונדז אין ניו־יאָרק אזא פארפלוכטער וועטער, אז ס׳איז שווער זיך ניט צו לאנגווייַליקן. איך קען דיר מיטיילן עטוואָס אָנגענעמס: אין דעם נומער צייַטונג איז פאראן קאַצס א דערציילונג „דער קאמף פאר עקזיסטענץ", אונטערגעשריבן „באלמאכשאָווע". קאַץ האָט געווידמעט דעם דאָזיקן ארטיקל א. נעטער און אויך דיר, נאָר פריִער האָט ער אָנ־געשריבן נאָך א. נ. און ווען ער האָט צוגעשיקט א בריוו, אז איך זאָל דייַן נאָמען אויך ווידמען, איז שוין געווען שפעט.

יעדנפאלס, זאָל דער פאקט זייַן אן אָנגענעמע דערשייַנונג. קאַץ איז א גוטער מענטש, און ס׳איז זייער אָנגענעם, ווען גוטע מענטשן טראַכטן וועגן אונדז.

אינעם קומענדיקן נומער וועל איך אָפדרוקן א ליד און איך וועל עס דיר וויד־מען, ווייַל איך ליב קיינעם ניט אזויווי דיך.

אניען בין איך זייער דאנקבאר, וואָס זי האָט מיר ענדלעך אָנגעשריבן; באזונ־דערס סיידיס העריזאָגליפן האָב איך געלייענט מיט פארגעניגן.

שיקט צו איר פאָטאָגראפיע.

איך האָב אייַך ארויסגעשיקט יידישע בראָשורן און כ׳וועל ארויסשיקן אינ־גיכן נאָך.

איך וועל אינגיכן אָנשרייבן אניען א באזונדערן בריוו. ווי האלט עס מיט אייך אלעמען אין געזונט? שרייבט.

לאָמיר כאָטש שמועסן דורך בריוו.

אייער דאוויד.

וואָס מאכט אבראשע? צי איז ער פעט געוואָרן אָדער ער בלייבט זיך נאָך אלץ פון דאָרשט צו פארברייטערן די אינדוסטריע?

.23

[איבערגעזעצט פון רוסיש]

ניו-יאָרק, מארט 15, 1891.

[צו אניא און אבראשא ערעלשטאט]

טייערע אניא און אבראשא!

געריכנט שוין אָפלייגן דעם בריוו צו אייך, ווייל ארבעט איז דאָ א מאסע, דער פאָלגנדיקער נומער איז א קאָמונארער, נאָר אין רעדאקציע איז אוא ראש, אז ס'איז אומעגלעך עפעס צו פארפאסן, דעם בריוו וועל איך שוין ווי ס'ניט איז אָנשרייבן. ווי אייך איז באקאנט, בין איך די לעצטע צייט עפעס אומעטיק געוואָרן. פארוואָס? אלאך ווייסט. איך ענטפער דערויף אין מיין לעצטן ארטיקל, לייענט איבער, ווייט אזוי גוט. אייך איז מאָדנע, וואָס הייסט א רעדאקטער, א פּאָעט און לאנגווײלט זיך. אָבער אין טאָג ארײַן איז עס גאנץ נאָרמאל, אז יידישע פּאָעטן און רעדאקטאָרן זאָלן זיך לאנגווײלן. איך וועל עס אייך ווען עס איז דעטאלער געבן צו פארשטיין, אויב עס איז אייך ניט קלאָר. איצטער לאָמיר א שמועס טאָן וועגן אייך. איר זיינט בעעמעס בראווע לייט! פּלוצים אופגעוואכט און גענומען זיך אפ אלע זעגלען מאכן פליטע. בראוואָ! איך פלעג שטענדיק זאָגן, אז אונדזערע סינסינעטער קאָנען לאנג ניט שלאָפן, האגאם ניט שלאָפן לאנג איז פאר זיי אויך שווער. ארבעט, שמידט דאָס אייזן, קאָלזמאן עס איז הייס, אז ניט — קענען זיי נאָך ווידער כאפן א דרימל. ווי גייט עס אייך, וואָס מאכט די קליינע אלטיטשקע? גריסט איר. און סיידין קושט פאר מיר. גיט אויך איבער א גרוס דעם הער בלאָך, כאָטש איך קאָן אים ניט פערזענלעך, נאָר פונדעסטוועגן ווינטש איך אים קויכעס און כיישעק צו רוקן זיך פאָרויס אפן רויכיק-קוילנדיקן סינסינעטער באָדן. אלזאָ, שרייבט און פארבלייבט געזונט.

אייער דאוויד.

.24

[איבערגעזעצט פון רוסיש]

ניו-יאָרק, דעם 9-טן מארט 1891.

[צו אנא ערעלשטאט]

ליבער פריינט אנא!

איך האָב פון אייך לאנג ניט געהאט קיין בריוו, און איך ווייס ניט, ווי עס לעבט זיך אייך.

בא מיר איז אין ניו-יאָרק וויניק נייע פריינט, און דעריבער איז מיר שווער צו פארגעסן די אלטע.

איך וואָלט געוואָלט וויסן, ווי עס לעבט זיך און פילט זיך אייך.

וואָס איז שײַעך צו מיר, איז רעדאַקטערעווע איך. איך ווייס ניט, צי איר האָט א באַגריף, וואָס איז אַזוינס ייִדישע רעדאַקטאָרן. א ייִדישער רעדאַקטער — דאָס איז א מענטש, וואָס דאַרף שרײַבן, שרײַבן, שרײַבן, שרײַבן... צי ביסטו געזונט, צי ניין, צי פּילסטו א כיישעק צום שרײַבן, אָדער ניט, מיט א קאַפּווייטעק, אָדער ניט, מיט א צעבראָכנ האַרצ... מיט בלוט־כראַקעניש... סײַוויסײַ שרײַב.

הער אויס די קריטיק פונ קאַפּע־הויז־ כאַכאָמים, שטרענגע אָנדײַטונגענ פונ אַנטוישטע שרײַבער, זידלערײַ פונ נאַראָנים א. אז. וו.

דערצו נעמט אינ אַכט, אַז די רעדאַקציע איז א שמוציקער קעלער, וואָס איז אייביק פול מיט א טומלדיקנ האַמוינ, אַז דאָרט איז קאַלט, אַז דער פּרעס קלאַפּט אײַכ אינ קאָפּ אַרײַנ, און ניט געקוקט אַפּ דעם אַלעם, מוזט איר שרײַבנ אַנ אַרטיקל, פּאַרפּאַסנ פּאָעזיע.

שטעלט זיכ דאָס אַלעס פּאָר, און איר וועט פאַרשטיינ די מעכײַעדיקײַט פונ ייִדישער רעדאַקטערײַ.

פאַר דער צײַט פונ מײַנ רעדאַקטערײַ האָב איך אָנגעווירן מײַנע בעסטע פרײַנט, געקראָגנ א הויפנ נאַרישע סאָנים, און איך בינ איינזאַמ און אומעטיק ווי שטענדיק.

ווײַזט אויס, אַזוי באַשערט, אַז איך זאָל אייביק זיך קלאָגנ אַפּ מײַנ מאַזל. — — —

.25

[איבערגעזעצט פונ רוסיש]

ניו־יאָרק, דעמ 26־טנ מאַרט [1891]

[צו דער פאַמיליע]

ליבע און טײַערע!

וויאַזוי האָט איר פאַרבראַכט דעמ פּורעמ? צי זײַנט איר געווענ אַלע צוזאַמענ? צי האָט איר געגעסנ צוזאַמענ דעמ אומשטערבלעכנ „האָמענטאַש"? אינ דער נאַכט פונ „פּורעמ" האָב איך מיט מײַנ פאַנטאַזיע זיכ איבערגעטראָגנ צו אײַכ און כ'האָב זיכ געמאָלט פאַרשיידענע יאָנטעוודיקע בילדער. ס'האָט זיכ מיר געכאָלעמט, אַז איך זע ליכטיקע, ציכטיקע צימערנ העל־באַלויכטענע. די טישנ זײַנענ באַדעקט מיט שניי־ווײַסע טישטעכער, פאַרבראַווינטע „קישעלעכ" באַצירנ דעמ טיש, און באַמ טיש זיצט איר אַלע, די געפּײַניקטע פונ יאָרהונדערטער, נאָר אינ אָט די רעגעס די יאָנטעוודיקע האָט איר פאַרגעסנ די וואָכעדיקע זאָרגנ און איר פירט א פריילעכנ שמועס. איר דערמאָנט זיכ אויכ אינ מיר, דעמ נײַגעבוירענעמ רעדאַקטער, מי־סטאַמע זאָרגט איר זיכ, וואָס ווער ווייסט, צי איכ, אַשטייגער, עס אַזוינע יאָנטעוודיקע מײַכאָלימ. איכ זע צווישנ אײַכ די שיינינקע סיידי, איך זע און איך קוש זי און איך פיל דעמ צוריר פונ איר ליבנ קינדערשנ פּענעמל.

יעדער געשטאַלט באַזונדער שנײַדט זיכ מיר אײַנ אינ זיקאָרנ. די מאַמע, דער טאַטע, סאָניע, אַראָנ, אַבראַשע, יערמישע, אַניאַ און איר אַלטיטשקע מוטער, און מייטוס לעבנ אײַכ אַלעמענ. איך זע אַזוי באַשײַמפּערלעך, פּונקט ווי איך וואָלט נאָר געמעגט אָנהייבנ ריידנ און איר וועט מיר ענטפערנ... אָט דאָס באַטײַט זײַנ א פּאָ־עט, פאַרמאָגנ א היציקע פאַנטאַזיע. מיינט ניט, אַז איך האָב גאָר קיינ „פּורעמ" ניט געהאַט, איך האָב אויכ פאַרזוכט די זיסקײַט פונעמ „האָמענטאַש", וואָס ס'איז

אָנגעפילט מיט ביטערנ מאָנ. געווענ בינ איך בא אניוטענ. אונ אָט איז זי אוועק אינ העסטער סטריט אונ געקויפט א האָמענטאַש. מיר האָבנ געגעסנ, געגעסנ אונ א העלפט נאָכ ארויסגעוואָרפנ, נאָר אינ מויל איז געבליבנ א שוידערלעכע ביטערקייט, וואָס דערמאַנט אינ דער ביטערקייט פונעמ פאָלק־ייִסראָעל אונטער „האָמענס״ יאָכ. נאָר ס'מאַכט ניט אויס, מיר האָבנ זיכ אָנגעלאַכט, דערמאַנט זיכ אינ איר באַרימ־טער פּרעזשעניצע מיט אש אונ פארבראַכט דעמ „פּורעמ״. ווי לעבט זיכ אייַכ דאָרטנ? שרייַבט אָפטער אונ גענויער. איכ שרייַב אונ שרייַב... שיקט מיר צו סיידיס פאָטאָגראַפיש קארטל. כ'וואָלט א באַלנ געווענ האָבנ אויכ סאָניעס קארטל, אויב ס'איז מעגלעכ. איכ קוש אייַכ אלעמענ אונ איכ גערים מייטוסנ אונ אלע איבעריקע.

איַיער דאוויד.

.26

[איבערגעזעצט פונ רוסיש]

ניו־יאָרק, דעמ 31־טנ מארט 1891.

[צו דער פאַמיליע]

מייַנע ליבע אונ טייַערע!

איר ווארט אפ געוויס אפ מייַנ בריוו, נאָר איר פארצייַט מיכ, וואָס איכ בינ ניט אקוראַט אינ מייַנ קאָרעספּאָנדענצ. איכ האָב א מאַסע רעדאַקציאָנעלע ארבעט, אונ כוצדעמ קומט אויס צו באַזוכנ מיטינגענ אונ זאַכלעכע פארזאַמלונגענ, וואָס נעמענ בא מיר צו אסאַכ צייַט. איר האָט מיסטאמ שוינ געהערט וועגנ דעמ, אז זאַלאָטאַריאָוו האָט שוינ געענדיקט אפ דאָקטער. זייַנ פאָטער אונ מוטער זייַנענ אפּנ זיבעטנ הימל. אונ בעעמעס טאַקע האָט דער אלטער גענוג זיכ אָנגעהאָרעוועט ביז ער האָט דערלעבט צו אזא פרייד. שאַבעס צונאַכט איז בא זיי געווענ א ליאַמע לעקאָוועד דעמ נייַעמ דאָקטער, געווענ א מאַסע געסט, די מערהייַט אלטע יעליסאַ־וועטגראַדער בירגער, פונ די אונדזעריקע — סאַכאַקל דרייַ אָדער פיר פארשוינ. געווענ א מענגע מייַכאָלימ אונ געריכטנ, ווייַנ אונ ביר. מיר זייַנענ אוועק אזייגער פיר פארטאָג אהיימ. אָבער כ'האָב שיר ניט פארגעסנ אייַכ זאָגנ, אז דער בעסטער סיורפּריז אפ אָט דעמ יאָנטעוו איז געווענ דאָס אומגעריכטע דערשייַנענ פונ אונ־דזער קאַצנ. ער האָט זיכ אזויוי פונ הימל גלייַכ אראָפּגעוואַלגערט אהינצו. ער איז איצטער אינ ניו־יאָרק, אָבער, דאַכט זיכ, נאָר אפ א צייַט, ער וועט ווידער אוועק־פאָרנ קיינ באָסטאָנ. ער איז דער זעלבער גוטער אונ וויכער, נאָר ניט אזוי פעט ווי ער איז געווענ פארנ אוועקפאָרנ פונ אונדז. צו אימ קומט אינגיכנ צו פאָרנ די פרוי, ס'קענ זייער זייַנ, אז אפ פייסעכ וועל איכ אויכ פאָרנ קיינ באָסטאָנ צו דעק־לאַמירנ אפ זייער קאָנצערט. — — —

.27

[איבערגעזעצט פונ רוסיש]

ניו־יאָרק, אפּרעל 8־טנ 1891.

[צו דער שוועסטער]

מייַנ טייַערע סאָניע!

פונ מייטוסעס אונ בלאָכס בריוו זע איכ, אז דו ביסט קראַנק. דאָס באַאומרויִקט מיכ שרעקלעכ. שרייַב אָנ, איכ בעט דיכ, וואָס איז מיט דיר, .צי ניט קיינ גריפּ?

דאָ לייַדנ פיל אפ דער דאָויקער קראנקייַט. יעדנפאלס, באמי זיכ געזונט צו ווערנ, קעדיי דו זאָלסט קענענ טאנצנ אפנ באל. אייַערע סינסינעטער פראָווינציאַלנ קענענ ניט פארשטיינ, ווי האָט עס א מענטש קיינ צייַט ניט עקסטרע צו שיקנ בראָשורנ אָדער אופזוכנ עפּעס א פארלוירענעם קאָרעוו? עכ, גוטע פאטריאַרכאלע נעשאָמעס, הונדערט יאָר זאָלט איר לעבנ אינ אייַער הייליקנ ניט־פארשטיינ! בעעמעס איז בא מיר, שטרענג גערעדט, ניטאָ קיינ לעבנ אויסער דער רעדאקציע: פונ באקאנטע האָב איכ זיכ אָפּגעפרעמדט, ווייַל איכ האָב א מאסע ארבעט, אונ דעריקער — דער באַוווסטזייַנ, אז פאר אלצ טראָגסטו די פאראנטוואָרטלעכקייַט. איז אָט, ווילסטו, אז דער קאָפּ זאָל שטענדיק זייַנ בא דער ארבעט! איכ בינ ניט אזויפיל פארנומענ מיט שרייַבנ, וויפל מיט אכטונג געבנ, אז דאָס אָנגעשריבענע אונ צוגעשיקטע זאָל זייַנ אויסגעסאָרטירט, אויסגעפאריכט, ניט פארקריפּלט דורכ די זעצערס אונ קאָרעקטאָרנ. הייַנט ווו זייַנענ די פארטייישע זאָרגנ? דעמ האָט מענ אָנגערירט, יענעמ האָט מענ באליידיקט, דאָרט איז מענ באגאנגענ א נעוואָלע. נאָכ אלעמענ שפיר נאָכ, אונ ווייס וואָס געבנ אנ אָרט אונ וואָס ארויסוואַרפנ... צי פיל איכ אלצ אויס ריכטיק, דאָס איז אנ אנדער פראגע, אָבער דערווייַל מוזטו אלצ אויספילנ, ווי דו פארשטייסט. זי פארמאָגט אויכ א ליכטיקע זייַט, די דאָזיקע ארבעטער־מעדאל, נאָר גלייבט מיר — ס'איז קיינ צייַט ניטאָ מיט איר צו פארנעמענ זיכ, אונ דערצו נאָכ פארשיט זי דער שטויב פונעמ פראקטישנ לעבנ! איכ בינ צופרידנ, ברידערלעכ, וואָס איר האָט אופגעלעבט אינ סינסינעטי — ארבעט איז א נאָבעלע זאכ! איכ בעט אייַכ אָבער, זידלט מיכ ניט, אויב איכ וועל עפּעס וואָס ניט אזוי שנעל אויספילנ. רעדאקטאָרנ ווערט דאָכ אויכ דערלויבט צו זייַנ פארנומענ ביזנ האלדז! ס'קלעקט מיר אפילע ניט קיינ צייַט פאר דער מוזעס ווענג. שוינ לאנג האָב איכ זיכ איר ניט אָפּגעגעבנ, אונ ווער האָט זי אזוי געליבט, ווי איכ, ווער פלעג, ווי איכ, אָפּזיצנ מיט איר נאָכ דעמ שווערנ ארבעט־טאָג ביז 1 אזייגער אינ דער נאכט. איבעריקס, גייט צו פרילינג אונ אלצ וועט אופלעבנ, אונ איכ אונ מייַנ מוזע אונ איר, אונ דו, סאָניע, דער רועכ זאָל עס נעמענ. ס'איז דאָכ קיינ ארבעט ניט אייביק צו מארינירנ זיכ אונ קאנצעליארעווענ! פארוואָס שרייַבסטו מיר, אראָנ, גאָרנישט, כאָטש עטוואָס קריטישעס? דו ביסט דאָכ דערופּ א מייַסטער. בא אייַכ איז דאָכ דאָרטנ ניט דורכויס מיטינגענ אונ פּראָפּאגאנדע, עס איז דאָכ פאראנ אויכ א הינטערקוליסנ־לעבנ. שאנעווע ניט, ברודער, לייג אלצ ארויס אפנ טיש: די רעדאקטאָרנ שאנעוועט קיינער ניט, ווייַל זיי שאנעווענ אויכ קיינעמ ניט: טאָמער עפּעס ניט אזוי — זייַנענ זיי עס מעשאלייעכ גלייַכ אינ קאָרב, אפ אייביקער קאטאָרגע! וואָס מאכנ אלע? וואָס מאכנ דער טאטע אונ די מאמע? פארוואָס האָט יערמישע נאָכ קיינ איינ מאָל ניט אָנגעשריבנ? ער פארנעמט זיכ מיט מוזיק, צי ער פארקויפט בלויז מוזיק? זאָלנ אלע אָנשרייַבנ. סיידיס בילד האָב איכ דערהאלטנ אונ געקושט אונ איכ קוש, א ליב מיידעלע! באזונדערס אפנ ערשטנ בילד! צי שרייַבט אייַכ גרישע? ווי לעבט זיכ אימ? וואָס מאכנ אינ געזונט מיכלע אונ דאָס קינד?

איכ וואַרט אפ א באלדיקנ ענטפער. סאָניע, שרייַב, איכ באומרויִק זיכ שרעקלעכ ווענג דייַנ געזונט.

איכ קוש אלעמענ אונ גריס מייטוסנ אונ פלאָרענ. אייַער דאוויד.

28

[איבערגעזעצט פון רוסיש]

ניו־יאָרק, דעם 29־טן אפּרעל 1891.

[צו דער שוועסטער]

## ליבע סאָניע!

הייַנט האָב איך באַקומען דייַן בריוו, און אַזויווי איך האָב, צום גליק, אַביסל פרייַע צייַט, וועל איך דיר ענטפערן. ערשטנס, פרייט מיך זייער, וואָס דו האָסט זיך גענומען לערנען מיטן ציל צו קענען ווערן אַן אַפּאָסטאָל פון עמעס און פרייַהייט צווישן דעם אַרבעטער־קלאַס. איך צווייפל ניט, אַז אויב דו וועסט נאָר ניט פאַרלירן דעם מוט און די ענערגיע, וועסטו מיט דערפאָלג דערגרייכן דעם דאָזיקן נאָבעלן ציל. דעריקער איז ניט געייַלט, קענטענישן גיבן זיך ניט מאָמענטאַל — מע דאַרף אַרבעטן און אויסוואַרטן. האָבנדיק אַ פייַנעם זאַפּאַס קענטעניש, וועסטו, רעכן איך, ווערן אַ גוטער אַגיטאַטער, אין וואָס מיר נייטיקן זיך איצטער אַזוי שטאַרק. איצטער וועל איך ענטפערן אויף דייַנע פראַגעס. ערשטנס, ווער האָט אָנגעשריבן די „מוזיק” און „אַ רעדאַקטערס כאַלעם”.—אַוואַדע האָט אי דאָס, אי יענץ אָנגעשריבן דייַן „דרדיק”. און אויב דאָס געפעלט דיר, בין איך זייער צופרידן. וועגן מייַן געזונט קען איך דיר זאָגן, אַז איך בין פּונקט ווי געווען. די פּאָעטישע בלאַסקייַט צעשיידט זיך ניט מיט מיר, דאָס איז, אַפּאָנעם, דער סימבאָל פון דיכטער.

איך וווין מער אין רעדאַקציע איידער אין מייַן צימער, וואָס נעמט אין זיך אַרייַן, פּונקט ווי אַלע ניו־יאָרקער צימערן, אַ בעט, אַ בענקל אָדער צוויי, און דערצו צוויי פּאָר מענטשלעכע פיגורן, אויב זיי זייַנען ניט שטאַרק דיק. אין אַלגעמיין איז דאָס לעבן פול מיט זאָרג און מי, פּאַרטייִשע און ליטעראַרישע. דאָס לעבן פון אַ רעוואָליוציאָנער אין אונדזער צייַט קען ניט זייַן זיס. יעדער טריט פאָרויס פאָדערט קאַמף און מי. דעריבער איז אויך מייַן לעבן אַ האָרעפּאַשנער, אָפט אַפילע אַ שווערער, נאָר איך האָב איינמאָל באַזיניקט, אַז דער קרייץ פון אַ אידייען־טרעגער איז אַ שווערער קרייץ, און איך טראָג אים אָן...

זאָל איך דיר דערציילן וועגן מייַן לעבן? זאָל איך איבערכאַזערן ווידער דאָס, וואָס ס׳איז אַזוי אַלט און אייַנציייַטיק אייביק נאָך ניי פאַר יעדער לעבעדיק האַרץ? האָפן אויף אַפּלאָדיסמענטן אָדער אויף אַ דאַנק פון די, פאַר וועלכע מיר אַרבעטן? מיר קענען ניט דערוואַרטן קיין באַלדיקע פּרוכט פון אונדזער מי. אונדזער מי איז צו קאָמפּליצירט, אַז זי זאָל קענען טייקעף געבן רעזולטאַטן. מיר דאַרפן אַפילע זייַן גרייט אויסצוהערן שפּאָט־ווערטער פון די, וואָס פאַרשטייען אונדז גאַנץ גוט, נאָר וואָס צוליב זייערע געפילן און דריבנעם עגאָיִזם געפינען זיי פאַר לוינעוודיק אונדז צו באַשמוצן.

דער רעוואָליוציאָנער אַרבעט ניט דערפאַר, וואָס ער האָפט אויף דער סימפּאַטיע פון דער מאַסע; ער אַרבעט צוליב דעם, קעדיי צו עפענען דער מאַסע די אויגן פאַר דער שייַן, קעדיי, אַזוי צו זאָגן, אַריבערפּעקלען די מאַסע פון דער פינצטערניש צו דער ליכט, ווען ס׳זאָל אַפילע אויסקומען דאָס אָפּטון אויף די אייגענע אַקסלען און באַקומען דערפאַר אַ פּאַטש אין באַק. נאָר די יונגע, אַזוי צו זאָגן,

„גרינע“, כאָציאַליסטן הייבן זיך אוּיף בא דער קלענסטער אנטציקונג ביזן הימל און פאַלן טיף אינעם פּראַקטישן זומפּ באַם מינדסטן דורכפאַל. דער דערפאַרענער, אויסגעפּרוּווטער טוער אפן פעלד פון דער פאָלקס־פרײַהײַט ארבעט קעסיידער, וויפל עס סטײַען אים די קויכעס, ניט ליינגדיק קיין אכט אף פאַרשיידענע פּאַס־קודנע פליגן, וואָס זעצן זיך אים אף דער נאָז און ווילן אים שטערן, אָדער ער צעקוועטשט זיי, אָדער ער כאַפּט זיי לעבעדיקערהייט און טרײַבט זיי דורך פון זײַן נאָז.

נו, גענוג דערוויַיל די דאָזיקע פילאָסאָפיע. קאַץ איז איצט ווידער אין באָסטאָן. זאַלאַטאַריאָוו האָט שוין אײַנגעאָרדנט א דאָקטערשן קאַבינעט און דאָקטערט. באָדאַ־נעס גריסט דיך, זי איז זייער צופרידן, וואָס דו לערנסט זיך און אגיטירסט. צעקוש אַלעמען פאַר מיר, סיידין אומבאַדינגט.

כ׳גריס און ווינטש אַלעס בעסט.

.29

Cincinnati, October 27—91.

[צו כאַווערים אין ניו־יאָרק

טײַערע פרײַנדע און גענאָסן!

הייטע איז דער טאָג פון מײַן אָפּרײַזן נאָך דענווער, קאָלאָראַדאָ. עס איז מיר געבליבן נאָך עטלעכע שטונדן צו פאַרבלײַבן אין דעם הויז פון מײַן פאַמיליע. און אָט, דענקענדיק וועגן מײַן שווערער רײַזע, קומען מיר אפן זינען די לעצטע טרויע־ריקע ערייגניסן פון מײַן לעבן און ליידן. עס שוועבן פאַר מיר די געזיכטער פון מײַנע לאַנג באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע פרײַנט, און איך קען זיך ניט אײַנהאַלטן אום ניט צו זאָגן אן אָפּשיידס־וואָרט, וועלכעס רײַסט זיך איצט ארויס פון מײַן קראַנקער ברוסט. צו וואָס זאָל איך פאַרבאָרגן מײַן שוואַכע, סענטימענטאַלע, פילײַכט קינדער־שע נאַטור פון אײַך, מײַנע פרײַנט?

יאָ, אין דיזע מינוטן פיל איך הייסע טרערן אין מײַנע אויגן. איך וואָלט גע־וואָלט אײַך אַלעמען ארומנעמען און צודריקן שטאַרק צו מײַן ברוסט. די טרערן, וועלכע איך פיל איצט, זײַנען, אָבער זיסע, ערלײַכטנדע טרערן. זיי זײַנען ארויסגערופן בא די ערינערונגען פון ווארעמען ברידערלעכן אָנטייל, וועלכן איר, מײַנע פרײַנט, האָט גענומען און נעמט יעצט אין מײַן קריטישער לאַגע. איך ווייס גוט דעם ניו־יאָרקער לעבן, איך ווייס דעם ביטערן קאַמפּ פאַר דאָס דאַזײַן, וועלכן יעדער פון אײַך מוז דורכמאַכן; איך ווייס, וואָס פאַר אומגעהייערע אָפּפער יעדער פון אײַך ברענגט פאַר דער אידייע, וועלכע ער פאַרטיידיקט, און ווען כוץ אַלע דיזע קעמפע און אָפּפער איז נאָך געבליבן א שטיקעלע פּלאַץ אין אײַער הארצן און געהירן פאַר אײַער ליידנדן פרײַנט, ווען צווישן טויזנטע זאָרגן און שמערצן פון אײַער אַל־טעגלעכן פּראָלעטאַריער לעבן האָט איר נאָך געקענט ניט פאַרגעסן אָן מיר און טאָן מער ווי איר קענט, אום צו געבן מיר די מעגלעכקײַט צו ערהאָלן זיך פון מײַן שווערער קראַנקײַט, דאַן זאָג איך, אז דאָס איז מער, פיל מער, ווי איך האָב ווען עס איז געקענט ערווארטן, און אין מיר וועקט זיך אוּיף אפדאָסנײַ מײַן שטאָלצער מוט און איך פיל, אז די האַנט, די ווארעמע האַנט, וועלכע העלפט מיר אין מײַן

איצטיקער לאגע, איז א ווארע ברידערלעכע האנט — א האנט, וועלכע איז ניט פאר־גיפטעט מיט דעם ביטערן גיפט פון היינטיקער ווילטעטיקייט. איך וויל אויך האָפן, אז העלפנדיק מיר, האָט איר אין זינען מער די זאך, וועלכער איך האָב טריי געדינט, ווי מיינע אייגענע פערזאָן, וועלכע איז ניט ערגער און ניט בעסער ווי יעדער איינער פון די ליידנדע פראָלעטאריער דער וועלט.

איך ווייס אויך, אז עס וועלן זיך געפינען פערזאָנען, וועלכע זוכן אימער די געלעגנהייט צו ווארפן אין יענעם מיט שמוץ און זיי וועלן אָנצייגן אף מיר, ווי אף א פערזאָן, וועלכער מאכט א לעבן פון דער באוועגונג און יעצט א לוסטרייזע נאָך דער שיינער קאָלאָראדאָ. איך האָב שוין געהאט די טרויעריקע געלעגנהייט צו הערן פון אזעלכע ברוים, אָבער איך טרייסט זיך דערמיט, דאָס די יעניקע פון אייך, וועל־כע האָבן געקענט מיך פערזענלעך, זיינען לעבעדיקע פראָטעסטן קעגן אלע פאר־לוימדונגען. דאָס איז אלעס, פריינדע, וואָס איך קען אייך זאָגן יעצט. איך האָף זיך איינגיכן צו ערהאָלן און קומען צוריק צו מיינע קרעפטן, דאן וועל איך ווידער מיט נייער קראפט און מוט זיך נעמען צו אונדזער היליקער ארבעט, וועלכע איז דער אייגציקער לעבנס־גליק אין היינטיקער טרערן־וועלט.

איך דריק ברידערלעך אייערע הענט און מיין בעסטער ווונטש איז, ווי אימער, איך זאָל טריי ארבעטן פאר אונדזער אידעאל און פאר אונדזער אומשטערבלעכן אָר־גאן די „פרייע ארב. שטימע".

ד. עדעלשטאט.

פ. ס. איך האָב נאָרוואָס ערהאלטן פון שיקאגאָ א בריוו מיט א טיקעט [בילעט]; איך זאָל קומען אהין אף זייער פארזאמלונג דעם 1־טן נאָוועמבער. צו מיין גרעסטן באדויערן קאָן איך דאָס ניט טאָן, זיי ערווארטן א רעדנער פון ניו־יאָרק.

די 25 דאָלאר ערהאלטן.

[געווען פארעפנטלעכט אין דער „פרייער ארבעטער־שטימע" נומ. 71, נאָיאבער 6, 1891, מיט פאָלגנ־דער באמערקונג: „דיזער בריוו איז ניט געשריבן צום דרוקן; אף דעם פארלאנג אָבער פון אונדזער פאָעטס פריינט פארעפנטלעכן מיר אים".—ק.מ.]

.30

[דענווער, נאָיאבער 1891]

[עסקיז פון א בריוו צו דער „פ.א.ש."]

אין מיין לעצטן געדיכט וועגן דעם 11־טן נאָוועמבער, ווו איך האָב אייך אויסגע־דריקט מיין באדויערן, דאָס איך וועל מוזן זעלבסט פארברענגען דעם טאָג, האָב איך געמאכט א אירטום, וויל טאקע דעם זעלבן טאָג איז צו מיר געקומען אן ארבעטער מיט א נייס, אז אויך אין דענווער וועט שטאטפינדן א 11 נאָוועמבער־פייער. דיזער פאקט האָט מיך זייער און זייער דערפרייט. אלזאָ, אויך אין דענווער איז ניט טויט דער פרייער גייסט! אויך צווישן זיינע געבירגע האָט דער שטורעמווינט דערטראָגן דעם געשריי פון די אונטערדריקטע און די שטימע פון די היליקע אפאָסטאָלן פון פרייהייט. דעם 15־טן נאָוועמבער בין איך מיט מיין שוועסטער און נאָך א פאָר געגאָסן אוועק אין קאָליזעום האָל. בא דעם אריינגאנג אין האָל האָבן מיר שוין דערזען א גרויס בילד פון אונדזערע שיקאגער פאָרקעמפער. דער האלע וואר פראכט־

פול דעקאָרירט מיט רויטע פאָנען און בלומען. פון 500 ביז 6 הונדערט מאן האָבן בייגעוואָנט. די רעדנער ווארן — אויסשליסלעך ענגלישע. איינער פון זיי האָט געענדיקט זיין רעדע מיט די פייערדיקע ווערטער פון לינג: „ווען איר וועט אונדז קאַנאָדירן, וועלן מיר אייך באָמבארדירן". און דער רעדנער וואר באגריסט מיט דונערנדע אפלאָדיסמענטן. א יונגע אמעריקאנ[ערן] האָט געזונגען פארסאָנס לעצטע ליד „די שיינע ענני לאורע". א יונגער אמעריקאנער דיכטער — טשיס ווייט האָט דעקלאמירט זיינע פארפאסטע דיכטונגען, וועלכע זיינען געווידמעט די שיקאגער מארטירער. דאָס געדיכט איז פראכטפאָל, אייניקע סטראָפן וועל איך ווי עס איז איבערגעבן אין זשאַרגאָן. פאָלגנדעס זאָגט דער דיכטער וועגן פארסאָנס לעצטע שטונדן אין קערקער:

„ער האָט געהערט פון זיין פינצטערער טפיסע,
ווי מע בויט זיין גאלגען. עס קלינגט דער האק—
דאָך א פרייהייטס-ליד א זיסע
האָט ער געזונגען שטיל און געשמאק,

און זיינע דריי פארוויילטע ברידער,
ווי דאָס פרייע עכאָ פון פעלר,
האָבן געענטפערט מיט פרייע לידער
דעם אונערשראָקענעם העלד!"

יאָ, ברידער, דער וואָס עס דענקט, דאָס צווישן די אמעריקאנער שלאָפט אינגאנצן דער רעוואָלוציאָנערער גייסט, באגייסט אן אירטום. עס גיבט אפ דער וועלט קיין לאנד, קיין פאָלק און קיין לעבעדיקע שפראך, אין וועלכער די אנארכיע, די זונענשטראלנדע געטין פון פרייהייט און גלייכהייט, זאָל ניט דורכדרינגען מיט איר ליכט און ניט באגייסטערן צו א מעכטיקן קאמף פאר איר אידעאל.

וועגן דענווער אין אלגעמיין וועל איך שרייבן אין אן אנדער קאָרעספאָנדענץ, ווען נאָר מיין געזונט וועט עס ערלויבן.

.31

[איבערגעזעצט פון רוסיש]

דענווער, דעם 17־טן דעקאבער 1891;

[צו י. קאָפעליאָוו

ליבער פריינט קאָפעליאָוו!

איך שיק אייך א בריוו, וואָס איך בעט פאָרלייענען אפ דער קאָנווענציע. אזוי־ווי בא אייך וועט זיין א פונקט „פרייע ארבעטער־שטימע", איז נאָר דאן, רעכן איך, וועט זיין פאסיק פאָרלייענען דעם דאָזיקן בריוו. איך מיין, אז מיינע פאָדערונגען זיינען געווענ גערעכטע און לאָגישע, אז זיי זאָלן פארדינען די אויפמערקזאמקייט פון דער קאָנווענציע און זאָלן דורכגעפירט ווערן. ווי רעכנט איר, די קאָנווענציע וועט עפעס אופטון? איך בין זיך מודיע, אז איך גלייב קנאפ אין דער נוצלעכקייט פון די קאָנווענציעס, נאָר עפשער וועט דאָס זיין אן אויסנאם צום גוטן. וואָס הערט זיך נייס אין ניו־יאָרק? ווי גייט עס בא אונדזערע אגיטאטערס? צי האָבן זיי עפעס דערפאָלג? די צייט בעסערט זיך אויס, גיב אלאך, אז אלץ זאָל גיין צום בעסערן. בא מיר איז קיינע נייס. וואָס הערט זיך מיט דער פאָרעדע, איר האָט איבערגעשריבן? טאָ שיקט צו אהער. עפעס שרייבט זיך בא מיר ניט. כ'וועל טאקע דאָ ענדיקן.

אייער דאוויד.

גריסט ניוטען. וואָס מאכט זי אין געזונט?

.32

[דענווער, דעקאבער 1891]

[עסקיז פון א בריוו]

## גענאָסן און דעלעגאטן פון קאָנווענציאָן!

ווי אײַך איז פילײַכט באקאנט, וואר אפ דער לעצטער קאָנווענציאָן 25 דעצעמבער, 90, געפאסט געוואָרן א רעזאָלוציאָן, וועלכע האָט געלויטעט: דאָס „די פרײַע אר־בעטער שטימע" בלײַבט אומפארטייִש. און צוויי רעדאקטערע — איינער א סאָציאַ־ליסט און דער צווייטער אן אנארכיסט—זײַנען געווען אויסגעוויילט. ווי איר ווייסט, איז דיזער באשלוס וועגן זײַן אומפראקטיקײַט האָט ניט געקענט דורכגעפירט ווערן, און אין א קורצער צײַט איז דער סאָציאַליסטישער רעדאקטער ארויסגעטראָטן פון דער צײַטונג. די צײַטונג האָט דאן אָנגענומען איר ווארע ריכטונג. די אנארכיסטישע— קאָמוניסטישע. דאָך דאָס וואָרט אומפארטייִש איז געבליבן שטעקן אפ דער פראָג־ראמע פון אונדזער אָרגאן, און אזויווי אומפארטייִלעכקײַט פארטײַטשט יעדער נאָך זײַן געשמאק, האָט דיזע אומגליקלעכע פראזע געפירט און פירט נאָך איצט אונדזער אָרגאן אין פארשיידענע מיספארשטענדע און ווארפט א שאָטן אפ דער פאָנע, וועלכער מיר האָבן ביז איצט טרײַ געדינט. מיר זײַנען אנארכיסטן קאָמוניסטן און דארום איז אונדזער — — —

.33

Denver December 25-h, 92.

[צו ה. ווײַנבערגן]

## גענאָסע און פרײַנט ווײַנבערג!

אײַער בריוו ערהאלטן און עס פרייט אונדז זייער, דאָס זי זינד ענדלעך אין איר היים מיט אײַער פרוי און קינדער.

בא אונדז גייט עס ווי אימער, קיינע נײַס. מײַן געזונט איז נאָך אלץ ניט אמ־בעסטן, איך הוסט און פיל זיך שוואך. וויאזוי פילן זיי זיך יעצט? אין ניו־יאָרק איז יעצט זייער א לעבעדיקע צײַט. ווי גערן וואָלט איך זײַן יעצט אפ דער קאָנ־ווענציאָן צווישן די גענאָסן; אָבער מען קען זיך ניט העלפן, און ביז א צײַט מוז מען נאָך בלײַבן אין דער טויטער דענווער. ויאזוי גייט עס אין פילאדעלפיע? זײַנען די גענאָסן מוטיק גענוג אין דער אגיטאציאָן? פארשטארקערן זיך די רייען פון די אנארכיסטן? איך וואָלט אלעס געוואָלט וויסן, וואָס אנבאלאנגט דער פילאדעלפיער באוועגונג, און ווען דאָס איז פיר אינען ניט שווער, שרײַבן זיי מיר אלעס דײַט־לעך ארויס.

מיר האָבן ערהאלטן פאר אײַך א לעטער פון שטאלערן. ענטשולדיקט, וואָס איך האָב דעם בריוו געעפנט. איך האָב דאָס געטאָן פון גרויסער נײַגעריקײַט צו וויסן, וואָס עס הערט זיך אין דער שיקאגער באוועגונג. איך שיק אײַך יעצט דעם בריוו. אין דענווער זײַנען יעצט גרויסע פרעסט. איך מוז זיצן א גאנצן טאָג אין רום, און דאָס ווירקט אפ מײַן געזונטהײַט ניט גוט. שרײַבט, וואָס פאר א ווע[ט]ער איר האָט יעצט אין פילאדעלפיע, און צי פילט איר א פארענדערונג אין איר געזונטהײַט.

מער האָב איך פאַרלויפיק ניט וואָס צו שרײַבן. אלע אײַערע גרוסן האָב איך איבער־געגעבן. איצט גריסט פון מיר אלע פרײַנט און געגאָסן, ווי אויך אײַער פרוי.

אײַער ערעלשטאַט.

פּ. ס. געגאָסע בלומענטאל שיק איך א הערצלעכן גרוס, איך האָף אים איינגיכן צו שרײַבן. מײַן שוועסטער גריסט אײַך אלעמען פרײַנטלעך. שרײַבט אלע נײַס פון דער איסט און איבערהויפּט וועגן דער קאָנוועגציאָן.

ד. ערעלשטאַט.

הער פאלין, זײַן פּאַרטנער, און פרײַנט קאָפּמאַן גריסן אײַך פרײַנטלעך.

.34

Denver, February 20-h 92.

[צו ה. ווײַנבערגן]

בעסטער פרײַנט ווײַנבערג!

אײַער בריוו האָב איך געסטערן ערהאַלטן. עס האָט מיר געבראַכט פיל פאַר־גענינגן צו הערן, דאָס זי זינד וואָל און דאָס זי מאַכן פאָרשריטע אין דער פּראָ־פּאַגאַנדע פאַר אונזער גרויסער זאַכע. איך האָב אײַנען ביז יעצט ניט געשריבן, ווײַל איך האָב געפילט זייער שלים אין מײַן געזונטהײַט, דאָך יעצט פיל איך ווידער עטוואָס בעסער און האָף זיך אין דעם פרילינג און זומער צו ערהאָלן פון מײַן קראַנקײַט. וואָס אָנבאַטרעפט מײַן מאַטעריעלער לאַגע, איז זי אויך ניט אַמבעסטן, דאָך ניט זאָ שלעכט, ווי זי זיך פאָרשטעלן. איך האָב ברויט און פלייש, און דאָס גלייבע איך איז ניט זאָ גראַדע שלעכט, ווי בײַ יענע טויזנטע, וועלכע האָבן קיין ברויט און קיין פלייש. וואָס מיך פּײַניקט—איז מײַן לעבן אָן טעטיקײַט, אָן פרײַנט, ווײַט פון דער לעבענדיקער וועלט.

איך ערוואַרטע מיט אומגעדולד די שטונדע, ווען איך זאָל ווידער זײַן אימשטאַנדע לעבן און אַרבעטן פאַר דער איינציקער זאַכע, וועלכע איז נאָך געבליבן הייליק אין דיזער שמוציקער, העסלעכער געזעלשאַפט. שרײַבט מיר אָפט, פרײַנט, אלעס גענויע וועגן דער פילאַדעלפיער באַוועגונג. איך האָף, אז אונזערע געגאָסן וועלן ווידער אויפוואַכן און זיך נעמען מונטער צו דער אַרבעט. ווי גייט עס בײַ אײַך מיט דער פּ. א. ש? אלזאָ, דאָס איז אלעס, וואָס איך קאָן אײַך יעצט שרײַבן.

אײַער פרײַנט ד. ערעלשטאַט.

גריסט פון מיר הערצלעך קאָמראַד [כאַוער] פרענער. וואָס מאַכט זײַן שוועסטער? אויך די איבעריקע געגאָסן גריס איך פרײַנטלעך.

מײַן שוועסטער גריסט אײַנען, ווי אויך איר פרוי און קינדער גריסן מיר הערצ־לעך. מײַן נײַער אַדרעס איז — 939 מאַרקעט.

P. S. פילײַכט האָבן זי געפונען וועלכע בילדער אין אײַערע ביכער? מײַן שוועסטער דענקט, דאָס זי האָט באַהאַלטן אייניקע בילדער אין אײַערע ביכער און האָט זיי פאַרגעסן אַרויסנעמען. ווען זי האָבן דיזע בילדער געפונען, וועלן זי זײַן זאָ גוט זיי צוריקשיקן. פילײַכט האָבן זי נאָך אײַערע ביכער גאָרניט נאָכגעזוכט, דאַן טוען זי יעצט דאָס.

ד. ערעלשטאַט.

## ‎.35

[איבערגעזעצט פֿון רוסיש]

דענווער, דעם 9־טן מאַרט 1892 י.

[צו דער פֿאַמיליע]

### ליבע און טײַערע!

אַזױװי בײַ אײַך איז געװען אונדזער שװײַגנדיקער פֿילאָסאָף ליפֿשיץ, האָט ער אײַך מיסטאָמע איבערגעגעבן אי אונדזער אָרט לעבן, אי אַלערלײ װיאַזױ און װאָס, װאָס־זשע זאָל איך אײַך שרײַבן.

איך מיט סאָניען זעצן פֿאָר צו צײלן די טעג און כאָדאָשים, װען מיר װעלן שױן פֿאָרן געזונטע אַף צוריק. מיר מאָלן זיך בילדער פֿון דער צוקונפֿטיקער פֿרײד און אַזױ װײַטער.

דער װינטער איז דאָ פּלוצים קאַליע געװאָרן, נאָר װי ס׳ניט איז װעלן מיר שױן דעם כוידעש איבערלעבן, און נאָכדעם װעט שױן אַװעקגײן בעסער און ליכ־טיקער און לוסטער װעט זײַן.

געקומען צו אונדז צו פֿאָרן נאָך אַ כאַװער לױט דער קראַנקײַט, ה. סלאַבוצקי, אױך פֿון יעליסאַװעטגראַד.

אַביסל געראָטן אין לוקאָװסקין, דאָס הײסט מיטן פּאָנעם און מיט די מאַנירן, נאָר דער איז קליגער און שרײַבט ניט קײן הונדערטבױגנדיקע פֿילאָסאָפֿיעס.

אַזױװי פּורעם איז שױן אַף דער נאָז, האָבן מיר שױן גערעדט װעגן האָמענ־טאַשן און געהאַט אַ דיספּוט: „מאַצעס אָדער כאָמעץ" מיט אײגיקע "Картопачими".

דאָס איז אַלץ, װאָס איך האָב געפֿונען צו שרײַבן, װען איך האָב, נאָך ניט קײן װינציקער האָרעװאַניע, געטראַכט, װאָס צו שרײַבן.

„אײַער דאַװיד.

## ‎.36

Denver, May 16-h, 92

[צו ראַבינסאָנען]

### טײַערער פֿרײַנט!

עס װעט אײַך פֿילײַכט װוּנדערן, װאָס איך האָב אַזאַ לאַנגע צײַט אײַך ניט געשריבן און גראָדע יעצט זיך ערינערט אַן דיזער פֿליכט פֿון מײַן זײַט. איך זאָג פֿליכט, װײַל צו נימאַנדן בין איך, דאַכט זיך, אַזױפֿיל ניט פֿאַרפֿליכטעט, װי צו אײַך, װען איך ערינער זיך אָן דער צײַט פֿון מײַן טרױעריקער פּוס־קראַנקײַט אין ניו־יאָרק. אימער, װען איך דענק פֿון יענער צײַט, קומען מיר טרערן אין די אױגן. איך האָב געהאַט און האָב נאָך יעצט פֿיל פֿרײַנט, דאָך קײנער פֿון זײ האָט זיך אַזױ ניט אָפּגעאָפּפֿערט פֿאַר מײַן געזונט, פֿאַר מײַן װױלזײַן, װי איר, איבערהױפּט רײטצעל. זי שטײט אימער פֿאַר מײַנע אױגן, װי אַ װאָרער ענגעל פֿון מיטלײד און װאָרע מענטשלעכקײַט. איך װײס ניט אױב איך װעל זײַן אַמאָל אימשטאַנד איר מיט עטװאָס באַצאָלן פֿאַר אירע אײדעלע, נאָבעלע טאַטן קעגן מיר. איך מאַך אײַך ניט קײן קאָמפּלימענטן, איך בין איבערהױפּט ניט פֿײיק פֿאַר זײ, איך זאָג דאָס, װײַל עס איז אומעגלעך פֿאַרגעסן פֿאַר אַן עלנטן קראַנקן מענטשן, װי איך בין דעמלס געװען — — —

.37

[איבערגעזעצט פון רוסיש]

[דענווער, יונ 1892]

[צו דער פאמיליע]

ליבע און טײַערע!

אײַער פעקל, באזונדערס דער מאמעס פּאָרטרעט, איז פאר אונדז געווען אַן אויסערגעוויינלעכער עפּיזאָד.

מיר האָבן אביסל אופגעלעבט, און די האָפענונג אפּ א גיכן צוריקקומען אהיים האָט ווידער זיך אָנגעהויבן שלאָגן שטארקער אין אונדזערע הערצער.

איך ווייס ניט, פארוואָס, נאָר איך האָב אין ערגעץ זיך ניט געפילט אזוי פרעמד, ווי אָט אין דעם דענווער.

די אינטערעסן פון אונדזערע באקאנטע זײַנען דאָ אזוי אומגעהייער ווײַט פון אונדזערע, אז ס'קומט אויס אָפּטמאָל שאָענווײַז אויסצוהערן נארישקײַטן, וואָס דו האָסט צו זיי קיין שום אינטערעס ניט.

אָבער וואָסער ס'ניט איז מענטש איז אלץ בעסער איידער גאָרנישט. איז אָט, פארפירנדיק מיר באקאנטשאפטן מיטן ערשטן בעסטן, וואָס באגעגנט זיך, אבי צו ראַטעווען זיך פון לאנגווײַל און כאנדרא.

געכטן בין איך מיט נאָך צווייען געגאנגען כאפּן פיש. קלאָר, אז איך האָב אנטשפרעכיק צו מײַן בארוף קיין איינס ניט געכאפּט. מײַנער א באקאנטער אמעריקאַנער, וואָס האָט אָנגעכאפּט אָן א שיר, האָט מיר צוגעשיקט פאר העפלעכקײַט וועגן א פּאָר פיש און האָט מיך געטרייסט.

בא אונדז רעגנט ווידער. וויאזוי איז בא אײַך דער וועטער?

אין סינסינעטי זײַנען דערהארגעט געוואָרן פערציק מאן אפן בריק. דאָס האָט אונדז איבערגעשראָקן ביז מיר האָבן ניט איבערגעלייענט די פּראָטים אין די צײַטונגען.

וועל, איך נעם ארום אײַך אלעמען.

אײַער דאוויד.

.38

[איבערגעזעצט פון רוסיש]

[דענווער, יונ—יול 1892]

[צו מייטוסן]

טײַערער פרײַנט מייטוס!

לייענענדיק דײַן לעצטן בריוו, איז מיר ארופ אפן זינען, אז איצטער וואָלט גוט געווען דורכקוקן די געשיכטע פון אונדזער פרײַנטשאפט, און דאָס וואָלט מיר, דוכט זיך, געהאָלפן צעווייען די מיספארשטייענישן, וועלכע באומרויקן איצטער אזוי שטארק אונדז ביידן. די דאָזיקע געשיכטע איז זייער א באלערעוודיקע, און איך געדענק זי גוט. ווען מיר האָבן זיך דאָס ערשטע מאָל באגעגנט, בין איך ניט געווען קיין לײַדנדיקער, ווי איצטער, נאָר איך בין געווען א געזונטער אומאָפּהענגיקער באָכער, וואָס פארדינט געלט, א ציכטיק-געקליידעטער בראווער יונג. דיך האָבן צו מיר געצויגן ניט מײַנע ליידן, נאָר מײַן אזויגערופענער „אידעאליזם". דו ביסט אין יענער

צײַט נאָך געווען אונטער דער ווירקונג פון דער יעליסאוועטגראַדער ברודערשאַפט, וועלכע איז האגאם ניט געווען קיין פֿולקאָמענהײַט, דאָך געזוכט אינעם מענטשן דאָס מענטשלעכע.

צווישן אנדערע פרײַנט, ווי ראָסינסקי, פּיישן, זאָלאָטאַריאָוו, וועלכע האָבן גע־פלוידערט פּאַרשיידענע נאַרישקײַטן און אָפּט געפירט שמוציקע געשפּרעכן און גע־שעפּטלעך, האָב איך זיך בעליסאָפּעק אויסגעטיילט מיט מײַן ציכטיקער באַשיידנקײַט, און פאַר דיר, אַן אָנגעשפּיגעוועטן מיטן אידעאַליזם פון דער גײַסטיקער ברודערשאַפט, בין איך געווען דער פאַסיקסטער פרײַנט. איך, פון מײַן זײַט, האָב דיך, אָן שום פּרעטענזיעס צו באַײַנפלוסן, ליב געקראָגן, אַלס אַן ערלעכן און אַ גוטן כעוורעמאַן, און מיר האָבן זיך דערנעענטערט. מײַן פּאָעטיש פײַער האָט אַף דיר, בעליסאָפּעק, געהאַט אַ ווירקונג, ווײַל בײַ דיר האָט שוין פריִער אויך געקלאַפּט אַן עסטעטישער אָדער, דו ביסט געוואָרן אַלץ מער און מער ווייכער און הומאַניש‏ער, דו האָסט ליב געקראָגן די פּאָעזיע און האָסט אפילע אָנגעהויבן צו שרײַבן לידער, אייניקע גאָר־נישט קיין שלעכטע. אָבער דו ביסט פּאָרט געווען ניט איך, און דו האָסט געהאַט דײַנע אינדיווידועלע באַזונדערקײַטן. דו האָסט ניט געקאָנט זײַן אַזוי פלאַטאָניש, ווי איך, ד. ה. דו ביסט געווען מער רעאַל און אַף דיר האָט געהאַט אַ ווירקונג ניט נאָר די פּאָעזיע, נאָר אויך די גרויע פּראָזע, וואָס רינגלט דיך אַרום. דו האָסט ניט גע־קענט אַזוי אַוועקטראָגן זיך אין די הימלען, ווי איך, דו האָסט געפּאָדערט גליק אַף דער ערד, און ניט געפינענדיק אים, פלעגסטו אַרײַנפאַלן אין מעלאַנכאָליע און פּעסימיזם... דערמאַן זיך, ווי מיר האָבן ליב געהאַט — — —

.39

[איבערגעזעצט פון רוסיש]

דענווער, דעם 8־טן יול 1892 י.

[צו דער פאַמיליע]

## ליבע און טײַערע!

איך האָב, אייגנטלעך, געוואָלט איצט ענטפערן אַף אַראָנס בריוו, נאָר די פּראַ־געס, וואָס ס'קומט אויס איצטער צו באַהאַנדלען, זײַנען נעגייע אונדז אַלעמען, און דעריבער ווענדע איך זיך צו אײַך אַלעמען, פיללײַדנדיקע מאַרטירער. לאָמיר צו־טרעטן גלײַך צום איניען. בײַ אונדז איז פריִער אופגעקומען אַ פּלאַן, אַז מיר זאָלן פאָרן אין אָקטיאַבער אהיים. נאָר דאָס איז געווען, אַזוי צו זאָגן, — בלויז עסקיזן פון אַ פּלאַן, איצטער אָבער, אַז מיר האָבן גענומען טיפער זיך אַרײַנטראַכטן אין דעם, שטעלט זיך די פראַגע, וווהין פאָרן. פאָרן קיין „סינסינעטי״? נאָר פון וועלכער זײַט דו זאָלסט ניט אַ קוק טאָן אַף סינסינעטי, שטעלט מיט זיך ניט פאָר די דאָזיקע טורמע קיין עפּעס רעכטס. אירע קלימאַטישע טנאָים — פאַסקודסטווע, אַ רויך, וואָס צע־פרעסט די לונגען, די געזעלשאַפט אירע איז ווידער, זײַט מיר מויכל, פאַסקודסטווע.

מיט פינף יאָר צוריק, ווען איך בין געווען געזונט און גליקלעך, האָב איך דאָרטן געהאַט פרײַנט, נאָר איצט זײַנען אַזעלכע ניטאָ. וואָס ס'איז שײַעך צו די מאַטע־ריעלע באַדינגונגען, איז מאַכן מיר אויך ניט קיין גרויסע גליקן. אַבראַשע קען אַלץ ניט פאָטער ווערן פון זײַן קעלער. אַראָן אַרבעט נאָך אַלץ בײַ די באַנקראָטן, און

קיין בעסערס זעט זיך ניט פאָרויס. עמיל האָט זיך נאָך אויך ניט דערשלאָגן צו עפּעס. נעמענדיק דאָס אלץ אין אכט, טראכט איך, אז אונדז וואָלט ניט געשאט איבערצובייטן סאָפקאָלסאָפּ אונדזער ווינאָרט. נאָר וווהין פאָרט מען? אפ דער פּראַגע האָב אי איך אי סאָניע ניט וויניק זיך געבראָכן דעם קאָפּ. „סינסינעטי" איז פּאקסודסטווע. ניו־יאָרק איז איצטער אויך פּאסקודסטווע. אבראשע שרייבט, אז ער טראכט זיך דורכפאָרן קיין שיקאגאָ אונ א קוק טאָן, צי וועלן מיר ניט קענען דאָרט זיך איינאָרדענען. נאָר מיר דוכט, אז בא איצטיקער צייט, ערעוו דער אַל־וועלטלעכער אויסשטעלונג אין שיקאגאָ, איז אלץ אזוי טייער אונ אלע ערטער קאָסטן גאָלד. צי וועט מען עפּעס פּארדינען צי ניין, נאָר דערוויַיל שינדט מען פאר אלץ ריזיקע פּרייזן, אונ ווער ווייסט, צי אבראשען וועט זיך איינגעבן דאָרטן ניש־קאָשע זיך איינאָרדענען אָן קאפּיטאל. בא אונדז בלייבט נאָר איין פּלאן, נאָר איידער איר וועט אים אָפּוואַרפן אָדער באשטימען, טוט גוט א טראכט אין נאָמען פון אלץ, וואָס הייליק איז. איר זאָלט וויסן, אז אלץ, וואָס איך שרייב אייך, איז עמעס, איך וועל ניט איבערטרייבן — — —

·40

Denver, July 20-h 92.

[עסקיז פון א בריוו צו זיינע כאוויירים]

### פריינט אונ גענאָסן!

געָנ. מאָריסאָן שרייבט מיר, דאָס אונדזער פּא"ש איז נאָך ניט פארלאָרן, עס געפינען זיך נאָך אין אונדזער מיטטע מענטשן מיט געזונטן פארשטאנד, וועלכע וועלן אָנווענדן אלע קרעפטן אום אונדזער אָרגאן ווידער ברענגען צום לעבן. די־זער פאקט האָט מיך אביסל אופגעמונטערט אונ איך דענק פיר נויטווענדיק אדרעסירן צו אייך איצט א פּאָר ערנסטע ווערטער.

איך דארף אייך ניט דערציילן, וואָס פאר א מעכטיקער וואפע א צייטונג איז אין דער פארברייטונג פון א אידייע. איבערהויפּט פון אזא אידייע, וועלכע ווערט אפ יעדן שריט אונ טריט פארליימדעט אונ פאָרגעשטעלט אין די אויגן פון דער מאסע אלס א אידייע פון מאָרד, רויבעריי, צעטיילעכץ א. אז. וו. ניט נאָר אליין די פּראָפּאגאנדע צווינגט אונדז באזיצן אן אייגענע פרייע פּרעסע, אויך דער פיינט, דער קעגנער, דער ליבעראלער שורקע — — —

·41

[איבערגעזעצט פון רוסיש]

[דענווער, יול — אווגוסט, 1892]

[צו א ניו־יאָרקער כאווער]

איר זאָגט, אז אייך איז, אגעוו, מערליפּאָ בעסער געפעלן איידער מאָסט, נו, אלץ, וואָס נייַ — איז גוט. דערצו איז ער אן איטאליענער, א זון פון דער פּאָעטישער איטאליע. איך אליין וואָלט זיך עפשער אויך אין אים איינגעליבט, נאָר דעם עמעס זאָגן, אפ וויפל איך קען אורטיילן לויט דער „סאָלידאריטי", איז ווי קומט ער צו

מאָסכנ. די „כאָליִדאריטי״ לייַדט, לויט מייַנ מיינונג, דערפונ, וואָס ס׳פעלט איר רעוואָ־ליוציאָנערע זאַלצ. זי איז, אזוי צו זאָגנ, מער דזשענטעלמענ איידער רעוואָליוציאָנער, און דאָס, וואָס מיר דארפנ, איז, לויט די ווערטער פונ איינעם, אייַך א זייער גוט באקאנטער דיכטער:

קלאפּ דעם פּייַנט, קלאַפּ, מיט וואָס דו קענסט,
קלאַפּ, וויַאזוי דו קענסט, נאָר קלאַפּ.

איבעריקס, זייַנענ די מענטשנ בא אייַך אינ ניו־יאָרק איצטער מער געניגט צו רויִקער פילאָסאָפיע איידער צו אומרויִקער טעטיקייַט. איצט וועל איך אביסל שמו־עסנ וועגנ זיך.

די הארבע פראגע, וווהינ פאָרנ און צוליב וואָס פאָרנ, האָט מיך באשעפטיקט זייער ערנסט פאר דער לעצטער צייַט. ווענ איך זאָל זיך פילנ גענוג פעסט אפ אי־בערצוטראָגנ וואָס פאר א לעבנ ס׳זאָל ניט זייַנ, וואָלט איך אוואדע טייקעפּ זיך צו־געשטעלט קיינ ניו־יאָרק, און שטעלט אייַך פאָר, אז איך, א באשיידנ מענטשעלע, צווייפל אפ קיינ האָר ניט, אז אי די „פרייַע ארבעטער־שטימע״ וואָלט ווידער אופ־געשטאנענ טכיִעס־האמייסים און געלעבט און, וואָס נאָך מער, אי קאָפּעליאָוו וואָלט לויט דער אלטער טראדיציע געארבעט און געזידלט זיך און געהאָלפנ דער זאך, אי דער פארשלאָפענער קאצ וואָלט אופגעוואכט, אי די דאָקטוירימ מיט די אדוואָ־קאטנ וואָלטנ זיך ווידער גענומענ פאר דער אלטער פאָנ. יאָ, דאָס אלצ וואָלט גע־שענ, איך בינ פולשטענדיק זיכער... די צאָרע איז נאָר, וואָס איך וויס וויל, אז דאָס ניו־יאָרקער לעבנ מיט זייַנע שלאָפלאָזע נעכט און מיט דער שווערער אינטע־לעקטועלער ארבעט איז איצטער ניט פאר מייַנע קויכעס, און דאָס, וואָס איך האָב אויסגעשפּילט פארנ לעצטנ יאָר, וועל איך צוריק פארשפּילנ אומנוצלעך, ד. ה. אָנ־שטאָט א טוער וועל איך בלייַבנ א אינוואליד; מיט איינ וואָרט, איך פיל זיך נאָך ניט גרייט צומ שלאכט און רעכנ נאָך אויסוואַרטנ דאָ. אויב קומענ צו פאָרנ צו אייַך, איז ניט אפ שלאָפנ, נאָר אפ ארבעטנ, און דאָס פאָדערט אביסל נאָך אויס־ווארטנ. — — —

.42

[איבערגעזעצט פונ רוסיש]
[דענווער, יול — אווגוסט 1892]

[צו דער פאמיליע]

מיר קענענ נאָך פיל אופטונ, דעריקער איז ניט זייַנ גלייַכגילטיק צו אינטערעסנ פונ דער ערשטער וויכטיקייַט. אניא שרייַבט מיר, אז אָט, סאָניע, דו ביסט א העלד און אלעמענ האָסטו פארצויבערט. זי פארגעסט אָבער, אז די דאָזיקע העלדישקייַט קאָסט זייער טייַער און אז צוליב איר קענ מענ אומזיסט־אומנישט אויסברענגענ די אייגענע קויכעס. איך גלייב איצטער נאָר אינ איינ העלדישקייַט, דאָס איז דאָס קענענ אָפּהיטנ וואָס מער קויכעס צומ לעבנ און צומ קאמפ פאר אייגענעמ גליק, העלדישקייַט, וואָס פירט צו פריצייַטיקער צעלייגונג, אלטקייַט און צעבראָכנקייַט איז ניט קיינ העלדישקייַט, נאָר נארישקייַט, און דאָס גלויבנ אינ זעלבסטקרייצונג פאסט נאָר פאר געצנדינער, ניט געזונטפארשטאנדיקע מענטשנ. איך וויל בעסער זענ סאָניענ

אלס געזונטע און פרישע געווײנלעכע פרוי, איידער אלס שוואכע און ניט גענוג געזונטע העלדן.

פון אלעם געזאָגטן קום איך צום אויספיר, אז האגאמ ס׳איז זייער געווונטשן, אז די מאמע און אראָנ זאָלן קומען צו פאָרן, ווײַל מיר זײַנען דאָ אײנזאם, דאָך זע איך ניט, אז דערמיט זאָל סאָניעס לאגע פארגרינגערט ווערן. איך לאָז איבער פאר אײַך ווידעראמאָל א טראכט צו טאָן וועגן דעם.

וואָס ס׳איז שײַעך דערצו, וואָס איך דארף דאָ בלײַבן נאָך אפ א פאָר יאָר, איז די זאך אין דעם, וואָס די היגע דאָקטוירים ראטן קיינעם ניט צו פאָרן אפ צוריק. ווען איך זאָל דאָ זײַן נאָך צוויי יאָר, וועלן די דאָקטוירים פונדעסטוועגן זאָגן, אז איך קען, הייסט עס, זיך דורכפאָרן, אויב איך וויל, קיין קאליפאָרניע, נאָר אז דאָס בעסטע איז צו זײַן דאָ. געוויס, פארגלײַכנדיק מיט סינסינעטי, ווייס איך, אז דאָ איז בעסער, און דעריבער וועט אויסקומען, א סוואָרע, צו מאטערן זיך דאָ נאָך א יאָר. דער ווינטער איז דאַ ניט קיין באזונדערס אָנגענעמער. דאַ האָסטו אי שרעקלעכע קעלטן אי אָפטע ענדערונגען פון קעלט צו ווארעם, פון שניי צו רעגן, נאָר וואָס קען מען העלפן. איך וואָלט א באלן געוועז ווייניקסטנס, אז דעם ווינ־טער זאָלן מיר דאָ ניט זײַן אזוי אײנזאם, ווי פאריאָרן. פארוואָס שרײַבט איר ניט, ווי האָט אבראשע געדונגען א קלייט און וויאזוי גייען בא אים די געשעפטן; און אויב איר רעכנט זיך איבערקלײַבן אין צענטער, באטײַט דאָס ניו־יאָרק, אָדער שי־קאגאָ, איז ווען און וויאזוי. איך האָף, אז אינעם צווייטן בריוו וועט איר זײַן גע־נויער.

בא אונדז איז דאָ א שטארקע היצ, און דער אפעטיט מײַנער איז זייער שוואך, איך וואָלט געגעסן עפעס אזוינס, וואָס ס׳עקזיסטירט מיסטאמ ניט. שרײַבט, וואָס מאכט איר אליינ אינ אזא היצ. וואָס מאכנ סיידי און ליאָנ? איך קוש זיי.

אײַער דאוויד.

43.

[איבערגעזעצט פון רוסיש]

דענוועער, דעם 26-טן אויגוסט 1892

[צו דער פאמיליע]

ליבע און טײַערע!

אײַער בריוו האָבן מיר דערהאלטן. נאָך פארשיידענע טראכטענישן זײַנען מיר געקומען צום אויספיר, אז דער איינציקער באקוועמער פלאן איז, אז די מאמע און אראָן זאָלן קומען צו פאָרן. אלס מיטל צו עקזיסטירן, האלטן מיר, אז מיר וועלן עפענען א רעסטאָראן, מיר וועלן ווי ס׳ניט איז קענען דורכלעבן זיך. און עפשער וועלן מיר נאָך אײַנאָרדענען אן אָנשטענדיק לעבן. קלאָר, אז צוליב דער אײַנאָר־דענונג דארף מען האָבן געלט. איז אָט, וועט מען קאָנען די 50 דאָלער, וואָס אב־ראשע וויל געבן, ארײַנלייגן אינעם רעסטאָראן. פארשטייט זיך, אז דאָס וועט זײַן ווייניק, אָבער איך רעכן, אז מיר וועלן זיך דאָ שוין ווי ס׳ניט איז אויסדרייען. מיר וואָלטן א באלן געוועז אײַנאָרדענען אן עמעסן רעסטאָראן, ד. ה. דינגען א גרויסע קלייט און פארוואנדלען זי אין א גאָרקיך, און דערצו נאָך האָבן אי א טיי־הויז,

אי א קאפע־הויז. איר דארפט ברענגען צו פירן א סאמאָוואר, דאָס וועט זײַן א מינ־ סאָרט פרימאנקע. מ'עט דארפן אויך, ס'זאָלן זײַן אלע ייִדישע צײַטונגען, קעדיי מענטשן זאָלן קענען ארײַנגיין אויסטרינקען א גלאָז טיי אָדער קאווע און א לייענ־ טאָן דערבײַ א צײַטונג. אפ אזא מינ אויפן, רעכן איך, וואָלטן מיר געקענט צוציִען א היפשע צאָל באזוכער. אפ וויפל דאָס וועט זיך אײַנגעבן, ווייס איך ניט, איר וועט קומען — וועלן מיר זיך דורכשמועסן. מע זאָגט, אז א קלייט וועט קאָסטן זייער טײַער און אז באקוועמער איז צו דינגען א פּריוואט־הויז און אײַנאָרדנען א „פּרייוועט באָר־ דינג האוז" [פּריוואטער פּענסיאָן]. נאָר דאָס אלץ וועלן מיר שוין שפּעטער זען. וואָס מיך באומרויִקט, איז דאָס, וואָס סאָניען און דער מאמען וועט אויסקומען שווער צו ארבעטן און וואָס פאר סאָניען איז דאָ נישטאָ קיין געזעלשאפט, נאָר איך האָב א האָפענונג, אז די געשעפטן פונעם רעסטאָראן וועלן גיין גוט, און דאן וועט מען קענען דינגען א דינסט, אז זי זאָל העלפן.

כוצדעם, איז אויב אבראשע בלײַבט אין „סינסינעטי", באטײַט עס נאָך ניט, אז מיר בלײַבן דאָ אפ אייביק, און ווען מיר וועלן רײַך ווערן פונעם רעסטאָראן אָדער שטארק פאראָרעמט ווערן, וועלן מיר פונדאנען מאכן די פּלייטע.

איך וואָלט אוודע געוואָלט בעסער פאר אלץ, אז סאָניע זאָל אוועקפאָרן אהיים, נאָר זי זאָגט, אז איך מיט אראָנען וועלן דאָ ניט קענען עקזיסטירן און אז פון דער דענווערער דערנערונג אליין קענען מיר קראנק ווערן. מע מוז פאָלגן. כוצדעם, זאָל די מאמע זײַן דאָ, קיינער קען ניט צוטראכטן קיין בעסערס איידער א מאמע פאר איר קינד, זײַענדיק דאָ, וועט זי קענען ראטן דאָס, וואָס ס'איז בעסער פאר אונדז אלעמען.

אלזאָ, וואַרטן מיר אפ אײַער קומען. מיר דוכט, אז אראָן וועט סאָפקאָלסאָפ בע־ יאד האָבן רעאליזירן זײַנע גאסטראָנאָמישע יעדיִעס און אויסבויען א פּראכטפולן רעסטאָראן. און ווײַטער, ווער ווייסט, עפּשער וועלן מיר נאָך רײַך ווערן אין „דענ־ ווער", איר שפּילט זיך מיט דעם נארישן גורל?

פארגעסט ניט ברענגען צו פירן א סאמאָוואר. וועגן מעבל וועט סאָניע אָנשרײַבן. אלזאָ, איך נעם ארום אײַך אלעמען. צום גיכן ווידערזען.

אײַער דאוויד.

סיידי שיקט א קוש. איר וועט, פארשטעט זיך, צו וויסן געבן וועגן דעם טאָג פונעם ארויספאָרן און אָנקום.

.44

[איבערגעזעצט פון רוסיש]

דענווער, דעם 26-טן אויגוסט 1892.

[צו י. קאָפּעליאָוון]

## ליבער פרײַנט קאָפּעליאָוו!

ענדלעך האָב איך באקומען אײַער בריוו. איבערגעלייענט אים, האָב איך גע־ שמייכלט, ביטער געשמייכלט... איר ווילט וויסן די סיבע? אָט הערט.

איר מאכט מיר א פּאָרוואורף, ווי איר אליין זאָגט, א פּאָרוואורף, פארוואָס איך כקירע טאָמיד וועגן אלגעמיינע פראגעס און מײַד אזויווי אויס צו ריידן וועגן זיך

פערזענלעכ. דערפונ מאכט איר אנ אויספיר, אז איכ האלט אײַכ ניט פאר קײנ פרײַנט. איצטער זאָגט מיר, איכ בעט אײַכ, אויב א מענטשנ, וואָס האָט מערער ליב צו בקירענ וועגנ אלגעמײנע פראגעס אײדער וועגנ זײַנ אײגענער פערזאָנ, קענ מענ כוישעד זײַנ אינ ניט־פרײַנטשאפט, איז וויאזוי זאָל איכ קוואליפיצירנ א מענטשנ, וועלכער שרײַבט ניט אָפּסמאָל גאנצע כאדאָשימוויַז קײנ שורעלע ניט אונ וועלכער, לעבנדיק אינ דער באוועגונג אונ אינעם קאמפּ, וואָס זײַנענ א טײל פונ מײַנ לעבנ, האלט אפילע ניט פאר נײטיק צו טײלנ זיכ מיט די אײַנדרוקנ אונ געדאנקענ, וואָס ער אלײנ לעבט איבער. וואָס איז אזוינס פרײַנטשאפט? דאָס איז א פארלאנג, א באדערפעניש צו דענקענ אונ פילנ אינ אײנקלאנג מיט א צווײטנ, מיר סימפּאטישנ וועזנ. נעמט אראָפּ די דאָזיקע אײגנשאפט פונ דער פרײַנטשאפט, בלײַבט די פרײַנטשאפט א פּוסטע פראזע. וויבאלד איר האָט ניט קײנ געלט, פילט איר ניט קײנ באדערפעניש מיר צו שרײַבנ. פונקט ווי איר וואָלט געווענ מײַנ קאסיר, אונ ניט קײנ נאָענטער כאווער. אונ אינדערעמעסנ איז א גוט וואָרט, א דערמונטערנדיק וואָרט טויזנטמאָל אופ גרעסערע וווּנדער אײדער א קאלטער דאָלער, אונ נאָכ דעמ אלעמ ווארפט איר מיר פונדעסטוועגנ פאָר ניט־פרײַנטשאפט.

ווענ איכ זאָל אײַכ ניט האלטנ פאר א פרײַנט, פאר אנ אײגענעמ מענטשנ, וואָלט בא מיר נאָכ געקלעקט שטאָלץ אָפּצוזאָגנ זיכ פונ דער מאטעריעלער הילפ, וואָס איכ באקומ פונ אײַכ אָדער דורכ אײַכ. אויב איכ באנוצ זיכ מיט אָט דער הילפ, איז נאָר דערפאר, וואָס איכ ווײס, אז די זאכ, וועלכער איכ האָב געדינט, איז אויכ די זאכ פונ אײַער באוווסטזײַנ אונ פונ אײַער שטרעבונג; אז נאָר דער באגער צו זענ מיכ ווידער אפנ שלאכטפעלד באוועגט אײַכ צו העלפנ מיר קומענ צו זיכ. ווענ ניט דאָס, ווענ איכ זאָל אײַכ האלטנ נאָר פאר א באשיצער אָדער פילאנטראָפּ, וואָלט איכ שוינ לאנג צעריסנ יעדע פארבינדונג מיט אײַכ, אונ ווי ביטער ס׳וואָלט מיר ניט געווענ, וואָלט איכ דאָכ אזוי נידעריק ניט געפאלנ. כוצ דעמ אלעמענ, זע איכ ניט, אז איכ זאָל עפּעס האָבנ פארלײקנט פאר אײַכ פונ מײַנ פערזענלעכנ לעבנ. דעמ גאנג פונ מײַנ קראנקײַט אָדער געזונט קענ מענ ניט באשטימענ טאָגטעגלעכ. אינ אלגעמײנ האָב איכ זיכ פאריכט, נאָר איכ קענ ניט זאָגנ — אינגאנצנ. ס׳איז זײער ווארשײַנלעכ, אז איכ זאָל דאָ נאָכ בלײַבנ אפנ זומער, כאָטש עס ציט מיכ שרעקלעכ קײנ ניו־יאָרק. איכ רעכנ, אז מײַנ מוטער וועט קומענ צו פאָרנ אהער, קעדײ צו העלפנ דער שוועסטער אינ איר ארבעט פאר די „באָרדערס“, וואָס דערמיט האלט זי דאָ אונטער מײַנ עקזיסטענצ. די שוועסטער ארבעט שווער, אונ נאָר אדאנק איר האָבנ מיר בעיאד געהאט אויסמײַדנ די נויט, ווענ אײַער הילפ פלעג פארשפּעטיקנ. — — —

45.

Denver, September 10-th 92.

[צו ד״ר מיכאָעל קאָנ]

### ליבער פרײַנט!

איר האָט מיכ פּאָשעט דערקוויקט מיט דעמ בילד פונ אונדזער זײדנ באקונינ. עפּעס אפּ א ווײַלע האָב איכ גאָר אינגאנצנ פארגעסנ, אז איכ בינ ניט מער, ווי אנ

אלטער אינוואליד, א פארוואונדעטער זעלנער, וואָס ליגט אפנ בלוטיקנ שלאכטפעלד, פארגעסנ פונ זייַנע קאמעראדנ אונ פרייַנט...

יאָ. דיזע ענערגישע, נאָבעלע געזיכט פונ באקונינ, א געזיכט, וואָס אָטעמט מיט אומבאזיגבארנ קוראזש קעגנ אלע שטורמענ פונ קאמפ אונ פארפאָלגונג, אנ אנטליץ, וואָס רעדט צו אונדז מיט א פייַערדיקנ צונג וועגנ אונדזערע פליכטנ צו די פאר־שקלאפטע, בארויבטע אונ אונטערדריקטע. דיזער הייליקער בילד האָט אפ א ווייַלע שטומ געמאכט מייַנע שווערע ליידנ; דער גייַסט האָט געזיגט איבערנ גופ אונ האָט מיכ ערהויבנ פונ מייַנ קערקער אהינ צו דער בליצנדער זאָנע פונ ענטוזיאזמוס אונ באגייַסטערונג. אָבער ווי זיס א מינוט זאָל ניט זייַנ — עס איז אָבער דאָכ ניט מער, ווי א מינוט, א פארבייַפליִענדע ווייַסע טויב... שנעל פארשווינדט זי, אונ די ווירקלעכ־קייַט, די קאלטע, פינצטערע ווירקלעכקייַט קלאפט ווידער אינ טיר... ווענ איכ האָב שפעטער א ווייַלע געוואָרפנ מייַנ בליק אפ באקונינס בילד, האָט זיכ מיר געדאכט, אז זייַנ ענערגישע געזיכט האָט אָנגענומענ א שטרענגנ אויסדרוק, אונ אינ זייַנע באצויבערנדע אויגנ האָב איכ געלעזנ א ביטערנ פאָרוואורפ:

„וואָס טויג מיר אייַער ענטוזיאזמוס, אייַער קינדערשע פארגעטערונג? מיכ צו ערנ הייסט צו טאָנ, צו ווירקנ, צו קעמפנ פאר די פארשוואכטע אונ אונטער־דריקטע. טוט איר עס? טוט איר אייַער ארבעט, ווי ערנסטע מענער? אָפּפערט איר, ווי איכ, מיט יעדנ טראָפנ בלוט פאר די זאכע פונ מענטשלעכע באפרייַונג? פארגעסט איר אייַער קאריערע, אייַער פערזענלעכע אינטערעסע, אייַערע פרייַנט אונ געליבטע, אומ איינ מאָל פאר אלע מאָל אופצוהייבנ די געפאלענע מענטשהייַט פונ איר שקלאפנ־שטויב, אינ פרייַ עפענענ דעמ טויער פונ אלגעמיינע פרייַהייַט אונ גליקזעליקייַט?

נאָר איינצלנע, די ווייניקע פונ די ווייניקע פאָלגנ דעמ וועג פונ זייערע איבער־צייַגונגענ; מוטיק, אונערשראָקנ טראָגנ זיי פאָרווערטס דעמ באנער דער רעוואָליו־ציִאָנ. אָבער די מייַנסטע פונ אייַכ... אָ! די מייַנסטע באטראכטנ די ארבעטער־באַ־וועגונג, אלס אנ אינטערעסאנטנ טעאטער־שטיק: אזוי לאנג, ווי עס איז נייַ, איז באראשנד, איז עס אינטערעסאנט, אָבער שפעטער ווערט די שפיל אלט, צוגעגעסנ, אונ גענעצנדיק פארלאָזט דעמ טעאטער, די בינע פונ מענטשלעכע טרערנ אונ ליידנ!

איר זוכט אימער עפעס נייַס, פרישעס זיכ צו אמוזירנ, זיכ צו צעשטרייענ.

אָט הערט זיכ פלוצלינג א רעוואָלווער־שאָס. א יונגער העלד באגייט א טאט, א נאָבעלע, גרויסע טאט, מיט פולווער אונ בלייַ שיקט ער א דונערדנ פראָטעסט קעגנ געזעצלעכע רויבערייַ אונ פארקנעכטונג. אונ אָנשטאָט אייַכ צו באגייַסטערנ, האָט דיזע טאט אייַכ נאָר אפ א ווייַלע אמוזירט, אָנשטאָט אויסצונוצנ דיזנ העלדנאקט פאר פרישע אופוועקונג פונ ראכע אונ צאָרנ אינ די הערצער פונ די אומצופרידענע קנעכט, פארנעמט איר זיכ מיט דער קינדערשער פראגע, צי בערקמאנ איז א העלד.

רעדט דענ ניט זייַנ טאט גענוג פאר אימ? וואָס טויג מיר אייַער פילאָזאָפירנ, אייַער פלוידערנ? זאָלנ אייַערע טאטנ ריידנ פאר אייַכ! דער אומגליק איז, וואָס איר ווייסט, אז אויכ ער האָט ניט מער ווי צוויי הענט אונ איינ נאָז, פונקט ווי איר, אונ א העלד דארפ דאָכ זייַנ עטוואָס אויסערגעוויינלעכ! א באווייַז, אז מיר האָבנ אויכ נאָר צוויי הענט אונ איינ נאָז, אונ קיינ העלדנ זייַנענ מיר ניט...

„ניינ!" שרייַט איר פונ העלער הויט אויס, „ניינ! מיר מוזנ זיכ לאָזנ אגיטירנ צווישנ דעמ אמעריקאנער פאָלק, צווישנ ייִדנ איז די גאנצע ארבעט, ווי ארויסגעוואָרפנ". אהא, דאָס טעאטער־שטיק איז אייַכ שוינ נימעס געוואָרנ, איר זוכט שוינ נייַעס. אָ, וואָס פאר א לעכערלעכע קאָמעדיע! גוט. איר גייט צווישנ די אמעריקאנער, אונ ווער וועט פארנעמענ אייַער טעטיקייַט צווישנ דאָס ייִדישע פאָלק? די כיבעזער? אָ, וואָס פאר אנ אָרעמע לאָגיק, וואָס פאר א טרויעריקע אונקאָנסעקווענצ פאר אינטערנאציאָנאלע רעוואָליוציאָנערנ אונ פרייַהייַט־קעמפער! האָט דענ די רעוואָליוציאָנ א באשטימטע נאציאָנאליטעט, א באשטימטע שפראכ? זייַנענ ניט אלע פעלקער דער וועלט אירע קינדער, אונ די שפראכנ פונ אלע אונטערדריקטע איר שפראכ? עס ליגט פאר דיר א קנעכט, געשמידט אינ קייטנ, ער מיינט, אז די שווערע קייטנ זייַנענ א טייל פונ זייַנ אייגענעמ גופ, אז ער איז מיט זיי געבוירנ געוואָרנ אונ מוז אינ זיי שטארבנ, ער דענקט, אז די נאטור אליינ האָט אימ פארשאָלטנ צו אייביקער קנעכטשאפט, אונ געהאָרכזאמ ליגט ער, ציטערנדיק אונטער די פיס פונ זייַנ האר.

דו, ערוואכטער ריז, זעסט דיזנ קנעכט, דייַנ פארוואָגלטנ מיטמענטשנ, דייַנ פארומגליקטנ ברודער. דו פילסט, אז דו דארפסט אימ קומענ צו הילפע, אונ דו גייסט אימ העלפנ... אָבער... אהא, דו דערמאנסט זיכ, אז דיזער שקלאפ איז ניט קיינ אמעריקאנער, ניט קיינ ענגלענדער, ער איז א ייִד, א פארוואָגלטער, פארשטויסענער, אומוויסנדער שקלאפנ־קינד, אונ זייַנע זיטנ זייַנענ פארראָבנ, זייַנ שפראכ איז צעמישט אונ צעוואָרפנ... טאָ איז וואָס? קוק זיכ נאָר גוט אייַנ אינ אימ, זע! זייַנ אויג זוכט ליכט אונ זייַנ הארצ גארט נאָכ מענטשנגעפיל! וואָס פאר א רעכט האָסטו זיכ פונ אימ אָפּצוקערנ? פארוואָס זאָלסטו פונ דעמ עלנטנ אוועקרויבנ די לעצטע האָפענונג פונ א בעסערע, א ליכטיקערע צוקונפט? ווער האָט דיר געגעבנ די ערלויבעניש פאר זייַנע אויגנ צו פארלעשנ דעמ פאקל פונ אופקלערונג אונ באלייַכטונג? וואָס פאר א רעכט האָסטו צו רויבנ פונ דייַנ מיטמענטשנ דאָס וויסנ, וואָס דו האָסט געזאמלט, זיצנדיק אפ זייַנ צוזאמענגעבויגענעמ רוקנ, אינ זייַנע לאנגע שווערע טעג אונ נעכט פונ בלוטיקער פראצע?!

לאָמיר נאָר אופקלערנ דעמ אמעריקאנער; דער ייִד, דער דייַטש א. אז. וו. זיי וועלנ שוינ מעמילע נאָכקומענ. קורצזיכטיקע פילאָזאָפנ! זעט איר דענ ניט, אז ווענ איר געווינט דעמ ייִד אָדער דעמ דייַטש, ווערנ זיי אויס ייִדנ אונ אויס דייַטשנ, זאָנדערנ מענטשנ, רעוואָליוציאָנערנ, קעמפער, וואָס בילדנ אלע איינ רינג פונ דער גרויסער קייט, וואָס וועט שמידנ די מאכט פונ אלע דעספאָטנ דער וועלט?

גו זשע, ברידער! ווארפט אוועק אייַערע קורצזיכטיקע אייַנפעלע. זייַט מענער, זייַט ווארע קינדער דער פרייַהייַט, ערנסטע קעמפער דער רעוואָליוציאָנ... זאָלנ מיר, ייִדישע קנעכטקינדער, זענ פארברייטנ די הויכע פרינציפנ פונ גערעכטיקייַט אונ ליכט צווישנ אונדזער אומגליקלעכנ פאָלק, מאכמעס מיר קענענ אימ, מיר פארשטייענ זייַנ כאראקטער, זייַנע געפילנ, מיר וויסנ זייַנע ליידנ, זייַנ שטרעבנ אונ זייַנע האָפענונגענ, מיר, זייַנע געוועזענע קינדער, זייַנענ דעריבער אמבעסטנ פייִק אפ אימ, דעמ אומגליקלעכסטנ פונ אלע פעלקער, צו ווירקנ, אימ אופצוקלערנ אונ אימ צו ערמוטיקנ.

אז אָך און ווי וואָלט זײַן צו א פּראָפּאגאנדע, ווען די אמעריקאנער זאָלן ארבעטן צווישן די ייִדן, די ייִדן צווישן אמעריקאנער, די כינעזן צווישן די רוסן, די רוסן צווישן די איטאַליענער!"

דאָס זײַנען געווען די ווערטער, וואָס איך האָב דורכגעלעזן אין דעם גײַסטרײַכן בליק פון דעם זיידע באַקונין. האָב איך ריכטיק געלעזן? איך רעכן, אז יאָ. אך! ווען נאָר מײַנע איבעריקע קאמעראדן זאָלן ניט מאכן קיין גרײַזן און זאָלן לעזן דאָס זעלבע! דעמלט וואָלט געקומען א נײַער לעבן אין אונדזערע רייען. אָבער מיר זײַנען מער געניגט צו הערן קאָמפּלימענטן, ווי פּאָרוורפן, און איבערגעשפּיצטע סאָפּיסטיק, ווי די ריינע, פּראָסטע ווארהײַט. ווער ווייס, אויב וועלכע פון אונדז, קוקנדיק אפן באַקונינס ב"לד, וועלן זיך א טראכט טאָן: וואָס איז מיר באַקונין! איך האָב גראדע אויך אופגעטאָן אזויפיל ווי ער, און עס איז שוין צײַט אויך פאר מיר ארײַנגעשטעלט צו ווערן אין א ראמע, און שטיל אראָפּקוקן פון וואנט...

אך, ווי שלעכט, ווען עס קומט אויס צו וועקן די וועקער, צו באוועגן די באַוועגער! דאָך — — —

## 46.

[איבערגעזעצט פון רוסיש]

Denver, September 22-h 92.

[עסקיז פון א בויוו צו י. קאָפּעליאָוון]

### טײַערער פרײַנט קאָפּעליאָוו.

עס איז לאנגווײַליק, שרעקלעך לאנגווײַליק און פאסקודנע אף דער נעשאָמע, איז אָט הייב איך אָן שרײַבן, קעדיי ווי עס איז צעשטערן די מאָנאָטאָניע. וואָס ווײַטער אין וואלד, זאָגט דאָס שפּריכוואָרט, אלץ מער האָלץ. וואָס מער איך ווין אין דענווער, אלץ מער — — —

## 47.

[איבערגעזעצט פון רוסיש]

דענווער, דעם 25־טן סענטיאבער... 92 י.

[צו דער פאמיליע]

### ליבע און טײַערע!

אראָן האָט אײַך שוין אלץ געשריבן, און איך ווייס ניט, גלייבט מיר, וואָס צו שרײַבן.

מיר זײַנען איצטער פארנומען בלויז מיט אונדזער נײַער אונטערנעמונג, ד. ה. מיטן רעסטאָראן.

שוועריקײַטן איז דאָ אסאך ביז מיר וועלן זיך אײַנאָרדענען, נאָר מיר האָפן, אז מיר וועלן קענען מאכן א לעבן פונעם רעסטאָראן, און דאָס באטײַט זייער פיל. ערשטנס, וואָלט איך באפרײַט די ניו־יאָרקער לײַט פון א שווערער לאסט, בא זיי

האָבּן זיך שוין טאקע אזוי אויך אויסגעלאָזט אלע קוואלן, און זיי קענען מיך מער ניט שטיצן.

באַם רעסטאָראַן וועט יעדערער פון אונדז געפינען עפּעס אַ ארבּעט, און מיט דער צײַט וועלן מיר אײַנאָרדענען אונדזער גאנצע מישפּאָכע.

שרײַבּט, ווען פאָרט איר ארויס.

אויבּ דו, אבּראשע, ווילסט באַקומען דעם „ארבּעטער־פרײַנט", טאָ שיק קיין לאָנדאָן 50 סענט, זיי וועלן דיר אים ארויסשיקן. ער איז זייער אינטערעסאנט, איך שרײַבּ אַהינצו צײַטנווײַז לידער.

און ווײַטער גריס איך אײַך אַלעמען. צום גיכן ווידערזען. איך קוש סיידי 100 מאָל.

אײַער דאוויד.

## 48.

Denver, September, 26-h 1892.

[צו ד״ר מיכאָעל קאָן]

### פרײַנט מיכאל!

ווי איר זעט, ווער איך אָדער מײַן פאמיליע ביזנעס־לײַט. מיר עפענען אַ רעסטאָראַן. — — —

## 49.

[סענטיאבּער — אָקטיאבּער]

איך וואָלט קיין מינוט ניט געזעסן דאָ. ווי אַ צערייצטער לייבּ וואָלט איך ארופגעפאלן אף די פארשלאָפענע טוערס, און זיי וואָלטן מוזן ארבּעטן, צוזאַמען מיט מיר, ערנסט, מוטיק און קרעפטיק.

## 50.

[אָקטיאבּער 14 (?) 1892]

### פרײַנט מיכאל!

אזא מיזעראבּלע צײַט ווי יעצט האָבּ איך נאָך, דאכט זיך, אין מײַן לעבּן ניט געהאט. אמאָל לײַדט מען שמערצן פון זיך, אָבּער מע האָט כאָטש פארגעניגן פון אנדערע. מ׳הערט אַ גוט וואָרט, אַ פרײַנטלעכן גרוס, אַן ערמונטערטע נײַס. יעצט איז עפּעס אומעטיק, שטיל, אַלעס איז אָפּגעשטאָרבּן. שוין מער אלס איין מאָנאט, ווי מ׳הערט פון קיינעם ניט. אויבּ איר ווייסט עפּעס, וואָס עס טוט זיך אף דער וועלט, וואָס ער הערט זיך וועגן דער „פר ארב. שט" און איבּערהויפּט איבּער דער באַוועגונג, זײַט אזוי מענטשלעך און שרײַבּט מיר. איך גריס אײַך און אנא.

אײַער דאוויד.

---

# אָנמערקונגענ צו די בריוו

.1

וואשינגטאָנס געבורטסטאָג, דער 22־טער פעווראל, איז אנ אָפיציעלער יאָנטעוו אינ די פאראייניקטע שטאטנ פונ אמעריקע.

.3

אינ נאָיאבער 1888 איז דערוויילט געוואָרנ פאר פרעזידענט פונ די פאראייניקטע שטאטנ דער רעפובלי־קאנער קאנדידאט העריסאָנ (רוסיש — גאריסאָנ). מעגלעכ, אז עדעלשטאט האָט געפּלאנט אָנצושרײַבנ א ליד קעגנ אָט דעמ נײַעמ געצײַג פונ דער אמעריקאנער בורזשואזיע אונטער דעמ נאָמענ „הורא פאר הא־ריסאָנענ".

— דער קופּער־אינסטיטוט איז איצט באקאנט אלס „קופּער־יוניאָנ", ווו ס'קומענ נאָכ איצט אויכ פאָר אלערליי מאסנ־פארזאמלונגענ.

— דער אויסדרוק „צעגטויזיקע מאסע" באנוצט עדעלשטאט פאָרצושטעלנ א גרויסע צאָל. נאָר אינ פארזאמלונג־זאל פונ קופּער־יוניאָנ קאָנ ארײַנ ניט מער ווי א העלפט דערפונ.

— עדעלשטאטס ליד „פּראָלעטאריער" איז דערשינענ אינ דער סאָציאל־רעמאָקראטישער רוסישער צײַטונג „זנאמיא" (פּאָנ), געגרינדעט אונ רעדאקטירט פונ לעאָ באנדעס (געשטאָרבנ פונ שווינדזוכט דעמ 9 מארט 1839).

.5

די אנארכיסטישע גרופּע „פּיאָנערע דער פרײַהײַט" איז געגרינדעט געוואָרנ אינ אָקטיאבער 1886 יאָר. אירע אופגאבעס זײַנענ געווענ — אגיטירנ פאר דער באפרײַונג פונ די פארורטיילטע אנארכיסטנ, צו פאר־שפּרייטנ אנארכיסטישע אידייענ צווישנ ארבעטער, צו שאפנ אנ אנארכיסטישע צײַטונג. זי האָט אויכ געהאָלפנ גרינדנ טריידיר־יוניאָנס, געפירט א שטארקנ קאמפ קעגנ רעליגיע אונ, די ערשטע יאָרנ, אויכ געשטיצט דעמ לאָנדאָנער „ארבעטער־פרײַנט". צו די „פּיאָנערע דער פרײַהײַט" האָט אויכ געהערט דער דיכטער מאָריס ראָזענפעלד.

— אינ ערשטנ נומער „ווארהײַט" (15־טנ פעווראל 1889) איז דערשינענ עדעלשטאטס ליד „צורופ [צונ] דער ווארהײַט", מאָדעלירט לויט ווינטשעווסקיס „צורופ צומ ארבעטער־פרײַנט" פונ יולי 1885.

— זאָלאס ראָמאנ „זשערמינאל" האָט זיכ דעמאָלט געדרוקט אינ ייִדישער איבערזעצונג אינ דער „ווארהײַט", אונטערנ נאָמענ „זשערמינאל" אָדער „צווישנ די קוילנ־מינענ".

.6

עדעלשטאטס ליד „געדאנקענ אפנ פאבריק" („ווארהײַט", פעברואר 22) דערשײַנט צומ ערשטנ מאָל אינ בוכ־פאָרמ אינ עדעלשטאטס געזאמלטע ווערק, ארויסגעגעבנ פונעמ אינסטיטוט פאר ייִדישער פּראָלע־טארישער קולטור.

קאָנטיק, אז עדעלשטאט האָט אינ דעמ ליד געזוכט נאָכצומאכנ די ייִדישע פאָלקלאָריסטישע לידער געזונגענ פונ די שאפ־ארבעטער.

.7

אינ בריוו רעדט זיכ וועגנ דעמ טויט פונ דער פרוי פונ זײַנ עלטסטנ ברודער פונ איינ מאמענ, גרישע מוטשניקאָוו.

— „סטאָפּיידזש" (אָפּהאלטנ די ארבעט), דערקלערנ א שטרײַק אינ שאפ.

— „סעק" — אָפּזאָגנ פונ דער ארבעט.

.8

עדעלשטאטס ליד „די צוואָע" איז דערשינענ אינ דער „ווארהײַט" פונ 22־טנ מארט 1889 יאָר.

.9

„קעסטעל [קעסל] גארדענ" (גאָרטנ־שלאָס) איז געווענ דער פּלאצ, ווו די אימיגראנטנ פלעגנ דורכגיינ בײַ זייער אָנקומ אינ ניו־יאָרק. איצט ווערנ די אימיגראנטנ אינספּעקטירט אינ „עליס איילאנד" (אינדזל עליס).

## .11

דער וועג מיטן שיף אפן אטלאַנטישן אָקעאַן ביז נארפאלק, ווירדזשיניע, און פון דאָרט מיטן באַן קיין סינסינעטי, איז אויך געווען עדעלשטאַטס לעצטער מאַרשרוט פון ניו־יאָרק, לויט דעם אלטן אנאַרכיסט א. רוזאש, וועלכער האָט דעם קראַנקן דיכטער באַגלייט אפ זײַן רייזע.

## .12

דעם אינדזל מאַנהעטן, דער הויפּט־צענטער פון ניו־יאָרק, האָבן האָלענדישע קאָלאָניסטן אָפּגעקויפט, אין 17־טן יאָרהונדערט, פון אַן אינדיאַנער שײיוועט.

## .13

דאָס ליד וועגן קענאַנען איז געווען פאַרעפנטלעכט אין לאָנדאָנער „אַרבעטער־פרײַנד" פון 16־טן מײַ 1890 אונטערן נאָמען „דעם פרײַנט פון רוסישע קאמפּן פאַר פרײַהײַט".

— די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע רוסישע צײַטונג „זנאַמיאַ" איז אין 1890 ווידער אַרויס, פון צײַט צו צײַט. נאָר דעמלט איז שוין אָנגעגאַנגען א שאַרפער קאמף צווישן אנאַרכיסטן און סאָציאַל־דעמאָקראַטן. עדעל־שטאַט וועדנעט זיך דערפאַר צום סאָציאַליסטיש־„אומפאַרטייאישן" לאָנדאָנער „אַרבעטער־פרײַהײַט" מיט זײַנע רוסישע לידער. זײַן ערשט ליד, צו קענאַנען, איז געווען געדרוקט. ווען ער שיקט אהין נאָך א רוסיש ליד, ענטפערט אים דער „אַרבעטער־פרײַנט" (אין בריווקאַסטן פון 26־טן סעפּטעמבער 1890) אַזוי:

„געב. ד. עדעלשטאַט, צינצינאַטי (סינסינעטי). אײַער געדיכט איז אײַנגעצייכנט. לײַדער, געפינען מיר עס ניט פאַר ראַטזאַם צו דרוקן רוסישע געדיכטן אין „אַרב. פרײַנט". שיקט צו ייִדישע, וועט איר זײַן א גוטער גאַסט".

## .14

דער בריוו האָט געהאַט צוערשט אַן איבערשריפט „טרוט סיקערס, סינסינאַטי", נאָר עס איז אויסגע־שטראָכן. אינעם נאָמען פון אָט דעם פאַריין זײַנעם, „טרוט סיקערס" (עמעס־זוכער), האָט עדעלשטאַט אויך געשיקט שטיצע דעם לאָנדאָנער „אַרבעטער־פרײַנט" (קוויטירט: יאַנוואַר 27, 1890). דער זעלבער פאַריין האָט אויך געגעבן 50 דאָלער (פאַר יענער צײַט א גרויסע סומע) צו גרינדן די „פרײַע אַרבעטער־שטימע" (באַריכט אין „מאָרגנשטערן פון 7־טן פעברואַר, 1890 י.).

— דער שטרײַק פון די „קלאוקמאַכער" האָט געדויערט אַרום פיר כאַדאָשים. אָנהייב אויגוסט האָבן די פאַבריקאַנטן נאָכגעגעבן די פאָדערונגען פון די שטרײַקער און אַנערקענט זייער יוניאָן. אָט די געשעע־ניש איז באַזונגען געוואָרן פון מאָריס ראָזענפעלדן אין „א זיגער־ליד" אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער „אַרבעטער־צײַטונג" פון 1־טן אויגוסט, 1890 י.

## .15

עס האַנדלט זיך וועגן דעם נומער „פ.א.ש." פון 8 אויגוסט, 1890.

— די לינקע סאָציאַליסטן, צווישן זיי אויך מאָריס ווינטשעווסקי און די רעדאַקציע פון „אַרבעטער־פרײַנט", האָבן זיך דעמלט אָנגערופן סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן.

— די „פרײַע אַרבעטער־שטימע" האָט אָפיציעל געגאָלטן אַלס „אומפאַרטייאישע" סאָציאַליסטישע צײַ־טונג, אַרויסגעגעבן פון 32 ייִדישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס. זי האָט אויך צוערשט געהאַט צוויי רעדאַקטערס, אַן אנאַרכיסטישן און א סאָציאַל־דעמאָקראַטישן.

## .16

אין האַרבסט 1890 יאָר איז עדעלשטאַט געוואָרן טעטיק אין סינסינעטי צו העלפן די נײַ־אײַנגעוואַנ־דערטע רוסישע ייִדן ווערן ערדאַרבעטער. ער האָט צו דעם צוועק אַרויסגעלאָזן אַן אויפרוף „צו דעם יודנ־טום פון סינסינאַטי!", זיי גערופן צו א גרויסער מאַסן־פאַרזאַמלונג דעם 21־טן נאָיאַבער, ווו „דער באַרימ־טער דאָקטער וויס און אַנדערע באַרימטע ענגלישע, דײַטשישע און זשאַרגאָנישע ריידנער [1]) וועלן דער־קלערן דעם וועג און די מיטלען, וויאַזוי צו העלפן די פאַרפאָלגטע רוסישע ייִדן". עס זעט אויס, אז

---

[1]) עדעלשטאַט האָט אויך שפּעטער אַלס רעדאַקטער פון דער „פ. א. ש." געפּרוּווט אײַנצופירן דאָס וואָרט „ריידנער" אָנשטאָט „רעדנער", נאָר דאָס איז אים ניט געלונגען.

עד עלשטאט האָט זיכ צוריקגעצויגנ פונ אַט דער טעטיקייַט, ווענ ס׳איז געקומענ צו דער פראקטישער אָרגאניזיר־ארבעט, אונ די בירגערלעכע אָרטאָדאָקסישע פּאָליטיקער האָבנ אימ אויסגעמאנעווורירט.

.19

עס האנדלט זיכ וועגנ עדעלשטאטס ליד „אפ א באל״, אינ דער „פ.א.ש.״ פונ 23־טנ אָקטאבער 1891.

.21

ווילער יונגערמאנ — געמיינט ראָמאנ ג. לויס, דער ערשטער רעדאקטער פונ דער „פ.א.ש.״, וואָס איז דעמלט געווענ טעטיק אינ סינסינעטי. זייַנער אנ ארטיקל אינ דער „פ. א. ש.״ פונ 6־טנ מארט, 1891 איז געווענ דאטירט: „סינסינעטי 17־טנ פעוורא 91״.

.22

עדעלשטאט מיינט די „פ. א. ש.״ פונ 6־טנ מארט, 1891.

דאָס ליד „סאָפיא פעראָווסקאיא״ „פ.א.ש.״ מארט 13, 1891 איז „געווידמעט אָנ מייַנ שוועסטער סארע עדעלשטאט״.

.23

עס רעדט זיכ וועגנ „פ. א. ש.״ פונ 13 מארט, 1891.

אכוץ זייַנ ליד „סאָפיא פעראָווסקאיא״ האָט דאָרט עדעלשטאט דרייַ זאכנ וועגנ דער פאריזשער קאָמונע: אַ ליד „לויזע מישעל״ אונ ארטיקלנ „היסטאָרישער מאָמענט״ אונ „עס לעבע די קאָמונע״.

לעצטער ארטיקל — „די וועלט, אינ וועלכע מיר לעבנ״ („פ. א. ש.״ 6 מארט, 1891), וואָס הייבט זיכ אָנ אזוי: „וואָס זייַנט איר אזוי טרויעריק? וואָס זייַנט איר אזוי פאריאָמערט״ — אזוי פרעגנ מיר אָפטמאָל מייַנע גוטע פרייַנט״.

.24

עדעלשטאט האָט אויסגעבראקירט אסאכ מאנוסקריפטנ (לידער, סקיצנ. ארטיקלענ א. אז. וו.) פונ זייַנע נאָענטע פרייַנט. ער האָט צוליב דעמ אָפט אלייִנ אויסגעפילט א האלבע צייַטונג.

.26

דער קאָנצערט אינ באָסטאָנ איז ניט דורכגעפירט געוואָרנ. עדעלשטאטס איינציקער עפנטלעכער ארויסטריט אלס דעקלאמאטער פונ זייַנע לידער איז געווענ דעמ 13־טנ מארס, אינ פילאדעלפיע, ווו א יאָר צייַט נאָכ אלעקסאנדער דעמ צווייטנ „יִמאכ שמוי וועזיכרוי״ איז געפייַערט געוואָרנ דורכ א „גרויסארטיקנ קאָנצערט״ אונטער דער אופזיכט פונ די „פיאָנערע דער פרייַהייַט״. עדעלשטאט איז אנאָנסירט געוואָרנ אלס „בארימטער קעמפער אונ פּאָעט״. ווי זייַנ שוועסטער טיילט מיר מיט, האָט ער געהאט „בינע־פיבער״ אונ איז ניט געווענ צופרידנ פונ זייַנ ארויסטריט.

.27

סאָניע (סאָרע עדעלשטאט־טעלסאָנ) איז שפעטער אָפט ארויסגעטראָטנ אלס רעדנערנ אפ מאסנ־פארזאמלונגענ. די לעצטע יאָרנ טרעט זי בלויז ארויס אפ די אונטערנעמונגענ צו פייַערנ איר ברודערס אָנדענק.

— „מוזיק״, א „געדיכט אינ פראָזע״, וועגנ דער „מארסעליעזע״, אונטערגעשריבנ קאסטאליא, אונ „א רעדאקטערס כאָלעמ״, אָנ אונטערשריפט״. וועגנ זייַנע צאָרעס פונ די אויסגעבראקירטע מאנוסקריפטנ זייַנע פארעפנטלעכט אינ דער „פ. א. ש.״ פונ 17־טנ אפרעל 1891. זייַנ פסעוודאָנימ „קאסטאליא״ האָט דאָוויד עדעלשטאט באנוצט אויכ עטלעכע וואָכנ שפעטער אפ זייַנ פּאָפולער ליד „צו די ארבעטער־פרויענ״ („פ. א. ש.״ 8 מייַ 1891). אינ זייַנ „געדיכט אינ פראָזע״ גיט עדעלשטאט איבער זייַנע דעמלטיקע שטימונגענ אזוי:

„שוואַרצע געדאַנקען פון וועלדער פאַרצווייפלונג האָבן, ווי געדיכטע שטורעם־וואָלקנס, פאַרדעקט מײַן לעבנס־וועג; מײַנע הייליקסטע האָפענונגען, מײַנע שטאַרקסטע איבערצײַגונגען, צעבראָכן פון ביטערן שטורעם, זײַנען, ווי רויִנען, געלעגן שטום און לעבלאָז...״ „איך האָב געוויינט... געוויינט איבער מײַנע געשטאָרבענע האָפענונגען; געוויינט איבער מײַן פאַרוווּנדעטער יוגנט, געוויינט איבער די טײַערע הייליקע אידעאַלן, וועלכע די וועלט האָט אַזוי ברוטאַל געטראָטן מיט אירע פיס!״.

.29

די שטאָט דענווער, אין שטאַט קאָלאָראַדאָ, רעכנט זיך ביז הײַנט אַלס גוטער פּלאַץ פאַר שווינדזוכטיקע.

— אויך אין זײַנע לידער כאַראַקטעריזירט זיך דאָוויד עדעלשטאַט אַלס א „קינד״... „טרוימעריש און באַיוּ״... „וואָס אַפן לונג, דאָס אַפן צונג״ („צו מײַן פעדער״ — „פ. א. ש״. אַפּריל 17, 1891).

.30

דאָס ליד „דער 11 אין דער פרעמד״ איז געדרוקט אין דער „פ. א. ש.״ 13 נאָיאַבער, 1891.

— ציטאַט פון לינגס רעדע נאָך זײַן פאַרורטיילט ווערן צום טויט:

If jou cannonade us, we shall dynamite jou.

.31

עס האַנדלט זיך וועגן דעם אַנאַרכיסטישן צוזאַמענפאָר פון סאָף דעקאַבער 1891.

— דאָוויד עדעלשטאַט האָט אָנגעשריבן א פּאָעמע צו זײַן ערשטער לידער־זאַמלונג, אַרויסגעגעבן פון דער „פרײַער אַרבעטער־שטימע״ אונטערן נאָמען „פאָלקס געדיכטע״, אין יאַנוואַר, 1892. א טייל פון דער פּאָעמע געפינט זיך צווישן זײַנע מאַנוסקריפּטן. פאַרוואָס זײַן פּאָעמע איז ניט געווען געדרוקט, איז ניט באַקאַנט.

.32

די צוויי דערוויילטע רעדאַקטערן פון דער „פ. א. ש.״ זײַנען געווען דאָוויד עדעלשטאַט און י. אַראָנאָוויטש (ד״ר ייִצחאָק־אײַזיק הורוויטש).

.36

עדעלשטאַט האָט געוווינט בא די ראָבינסאָנס אײדער ער האָט צום לעצטן מאָל פאַרלאָזט ניו־יאָרק. זיי האָבן דעם קראַנקן דיכטער זייער צערטלעך באַהאַנדלט.

— רייטשל (ראָכל) ראָבינסאָן. זי שטאַרבט יונג פון שווינדזוכט. מע האָט גערעכנט, אַז זי האָט זיך אָנגעשטעקט מיט די טובערקוליאָז־באַצילן, באַדינענדיק דעם קראַנקן עדעלשטאַטן.

.38

יעליסאַוועטגראַדער ברודערשאַפט — די „דוכאָווניאָיע ביבלייסקאָיע בראַטסטוואָ״ (גײַסטלעך־ביבלישע ברודערשאַפט), א ייִדישע טאָלסטאָיאַנישע סעקטע אין יעליסאַוועטגראַד (זינאָוויעווסק), געגרינדעט פון יאַקאָוו גאָרדין (1853—1909).— שפּעטער באַקאַנט אַלס ייִדישער דראַמאַטורג און רעפאָרמאַטער פון ייִדישן טעאַטער אין אַמעריקע.

·40

די אַנאַרכיסטישע באַוועגונג צווישן ייִדן אין אַמעריקע איז געקומען צו א שטילשטאַנד שוין אין פרילינג 1892. באַלד איז אויך אונטערגעגאַנגען די אַנאַרכיסטישע „פרײַע אַרבעטער־שטימע״, וועלכע ווערט אָנגערופן אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער „אַרבעטער־צײַטונג״ (מײַ 27) „שטומע באַשעפעניש״. אין דעם זעלבן נומער ווערט דערציילט, אין א בריוו פון פילאַדעלפיע, אַז די דאָרטיקע אַנאַרכיסטן, וואָס האָבן פריִער געהאַט א באַדײַטנדיקן אײַנפלוס, זײַנען פאַרשווונדן: „אַז איר וועט זוכן מיט ליכט, וועט איר זיי אויך ניט געפינען״. די פריִער זײַנען געוואָרן געשעפטסלײַט. פון די איבעריקע זײַנען א טייל אינגאַנצן אַוועק פון דער אַרבעטער־באַוועגונג און א טייל איז אַריבער צו די סאָציאַל־דעמאָקראַטן.

— אין א צווייטן וואריאַנט שרייבט עדעלשטאַט: „אזא אידייע, וועלכע איז נאָך ווייניק וואָס פאַר־שטענדלעך פאַר די פאַרשקלאַפטע געהירן פון די אָרעמע לוין־שקלאַפן. ניט נאָר די פּראָפּאַגאַנדע פון אונדזער אידייע פּאָדערט פון אונדז, דאָס מיר זאָלן האָבן א פרייַע, אויך די שמוציקע פאַרלוימדונגען פון אונדזערע קעגנער פּאָדערן, דאָס מיר זאָלן האָבן אין האַנט א גייַסטיקע שווערד, וועלכע זאָל אַנט־וואָרטן א שלאָג פאַר א שלאָג אונדזער פרעכן פייַנט". „האָבן א צייַטונג הייסט האָבן א געווער".

.41

אין ייִדיש האָט עדעלשטאַט אויסגעדריקט דעם זעלבן געדאַנק אין זייַן ליד „פּאָרוועט(ס)!" („פ.א.ש." סענט. 5, 1890), ווו ער שרייַבט:

„פּאָרוועט(ס), שטופּט די פרייהייטס רעדער! לאָז זייַן ארבעט טאָג א יעדער —
מיטן שווערד און מיטן פען — ווי ער קען און וואָס ער קען".

.45

געווען פאַרעפנטלעכט אין דעם לאָנדאָנער „ארבעטער־פרייַנט" פון 30־טן סעפּטעמבער, 1892 אָן אַב־אונטערשריפט (וואַרשייַנלעך צוגעשיקט פון ד"ר קאָן), אונטערן נאָמען „באַקונינס בילד" — „א פרייַנדס בריוו". דער געדרוקטער בריוו האָט אַסאַך אָפּווייַכונגען פון אונדזער טעקסט.

.50 — 48

ערשטער בריוו א ניט־געענדיקטער עסקיז. 2־טער און 3־טער פאַרעפנטלעכט פון ד"ר מיכאל קאָן אין „ארבעטער־פרייַנט", נאָיאַבער 11, 1892.

---

# נאָמען־צעטל

אבראשע — זע עדעלשטאַט אבראַשע.

אלטיטשקע — מוטער פון אנא עדעלשטאַט. 19, 23, 25.

אנא — זע נעטער אנא. 9, 22, 50

אנא — זע עדעלשטאַט אנא. 20, 21, 22, 23, 24, 25, 42, 43.

אניא — זע עדעלשטאַט אנא.

אניוטא — זע וואָלפסאָן אניוטא.

אראָן (אראָשא) — זע מוטשניקאָוו אראָן.

באדאנעס — א ניו־יאָרקער אנארכיסטקע. וואַרשייַנלעך א שוועסטער פון דעם ווילנער רעוואָ־ליוציאָנער שויעל באדאנעס, מיט וועמען עדעלשטאַט איז געקומען קיין אַמעריקע אויף דער זעלבער שיף. 28.

באַקונין מיכאיל (1814—1876). רוסישער אנארכיסט. איינער פון די הויפּט־פירער פון אנארכיזם אין די 60—70־קער יאָרן. 45.

בלאָך — מיטגליד פון דעם „אינטערנאַציאָנאַלן פּראָפּאַגאַנדע־פאַריין" אין סינסינעטי („פרייַע אר־בעטער שטימע" 1 מייַ, 1891). 23, 27.

בלומענטאל — פילאַדעלפיער אנארכיסט. 33.

בערגמאַן (בערקמאַן) אלעקסאַנדער — אנארכיסטישער טוער. באַרימט דורך זייַן אַטענטאַט אויף פריקן, דעם שוטעף און פאַרוואַלטער פון קארנעגיס שטאָל־און אייַזן־גיסערייַען, אין האָמסטעד, א פאַב־ריק שטעטל, נאָענט פון פּיטסבורג. דאָס איז געווען אין יולי 1892. די ארבעטער האָבן זיך אָפּגעזאָגט אָנצונעמען א נייַע קירצונג פון זייערע קלייַנע סכירעס. האָט פריק דערקלערט א „לאָקאַוט", זיי אלעמען אָפּגעזאָגט פון דער ארבעט. ער האָט אויך ניט געוואָלט פאַרהאַנדלען מיט זייער אָרגאַניזאַציע, נאָר פאַרלאַנגט, אז יעדער ארבעטער זאָל אליין קומען בעטן ארבעט. די ארבעטער האָבן געקעמפט מוטיק און פאַרטריבן די באַוואָפנטע שטרייַקברעכער און שפּיאָנעס. נאָר אויף פריקס פאַרלאַנג האָט די רעגירונג אריינ־געשיקט מיליטער צו צעברעכן דעם שטרייַק. בערקמאַן שיסט דאַן אין פריקן, שטעכט אים אויך מיט א שווערד. נאָר פריק בלייַבט לעבן, און בערקמאַן ווערט פאַרורטיילט צו 22 יאָר טורמע. ער איז געווען פאַרשפּאַרט 14 יאָר. 45.

גרישע — זע מוטשניקאָוו גרישע.

**העריסאָן** בענדזשאמענ — רעפּובליקאנער פּרעזידענט פון די פאראייניקטע שטאטן (1889—1892). ווערט געוויילט בא די פּרעזידענטס־וואלן פון 6־טן נאָוועמבער 1888.

**וואָלפסאָן אביזשטע** — א קראנקנ־שוועסטער. ערעלשטאטס א טרײַער פרײַנט. 25.

**וואשינגטאָן דזשאָרדזש** — ערשטער פּרעזידענט פ־נ די פאראייניקטע שטאטן. 1, 6.

**ווײַנבערג ה.** — אנארכיסטישע־ פירער אינ פילאדעלפיע. 33, 34. די בריוו זײַנען פאר אונדז קאָפּירט געוואָ־נ דורכ דעם „ייִוואָ“ אינ ווילנע.

**ווײַס ד־ר** (אײַזיק־מייער) — רעפאָרמ. ראבינער, גרינדער פונ היברו יוני־אָן קאָלעדזש אינ סינסינעטי. 16.

**ווריַיט** (ראיט) כשיס — דיכטער. 30.

**זאָלאָטאריאָוו אוויגדער** — א שנײַדער, אײַנגעוואנדערט אינ סינסינעטי אינ 1891. י. פונ עליסאוועטגראד, ווו ער האָט געהערט צו דער „גײַסטלעכ־ביבלישער ברודערשאפט־. 1, 6, 8, 9, 21.

**זאָלאָטאראָיוו, הילעל** (1865—1921). — צוערשט געהאָלפנ דעם פאָטער אוויגדער בא שנײַ־דערײַע. שפּעטער אויסגעשטודירט דאָקטער־מעדיצינ. ווערט איינער פונ די אנארכיסטישע פירער, רעדנער אונ שרײַבער. נאָכ דעמ קישינעווער פּאָגראָמ (1903) ווערט ער א ציוניסט, האלט אָנ גלײַכצײַטיק זײַנ אנארכיסטישע פירערשאפט. 1, 8, 9, 18, 26, 28, 38.

**זאסלאווסקי ז.** — א צושנײַדער, געהערט צו ערעלשטאטס קרײַז אינ סינסינעטי, פלעגט אויכ איבערזעצנ בעלעטריסטיק פונ ענגליש אינ ייִדיש. 19, 21.

**זלאטע** — זע מוטשניקאָוו.

**יאקאָוו** — זע ליפשיץ יאקאָוו.

**יערמישע** (יערמאק טימאָפייעוויטש) — זע ערעלשטאט יערמישע.

**לויִ** (לייב) — זע מוטשניקאָוו לויִ.

**ליפשיץ** (ליפשיצ) **יאקאָוו** — אנארכיסט. ערעלשטאט האָט בא אימ געווינט אינ יאָר 1886. ער האָט אויכ איבערגעזעצט קראפּאָטקינס אנ ארטיקל אינ דער אנארכיסטישער „ווארהײַט“ פונ 29 מארס 1889. 7, 12, 35.

**לוקאָווסקי יויסעפ** — צושנײַדער. געהערט צו ערעלשטאטס קרײַז אינ סינסינעטי. פלעגט אויכ שרײַבנ לאנגע פילאָסאָפישע ארטיקלענ אינ דער ראדיקאלער בירגערלעכער פּרעסע. ערעלשטאט האָט לו־קאָווסקיס זאכנ קיינמאָל ניט געדרוקט. 35.

**מאָסט יאָהאנ** (1846—1906) — דײַטשישער אנארכיסט. זינט 1882 אינ אמעריקע, האָט געהאט א גרויסנ אײַנפלוס אפ דער ייִדישער אנארכיסטישער באוועגונג ביז צו איר יערידע אינ 1892. 3.

**מוטשניקאָוו אראָשע** (אראָנ) — דאָוויד ערעלשטאטס צווייטער עלטערער ברודער פונ איינ מאמענ. ווערט אינ אמעריקע א פרעסער. כוט אנדערע שווערע ארבעט, שטארבט יונג פונ שווינדזוכט. 6, 7, 21, 25, 34, 42, 43.

**מוטשניקאָוו גרישע** (הערש) — דאָוויד ערעלשטאטס עלטסטער ברודער פונ איינ מאמענ, א בוכהאלטער אינ א קליידער־געשעפט. קומט דער ערשטער אינ אמעריקע (1881). נעמט אָפּ די ברידער אראָנ אונ דאָוויד אונ פירט זיי ארײַנ אינ שנײַדער־פאכ. 7, 27.

**מוטשניקאָוו זלאטע** — גרישעס ערשטע פרוי. 5.

**מוטשניקאָוו ליִאָ** (לייב) **לויִ** — גרישעס זונ. 7, 19, 42,

**מוטשניקאָוו סיידי** — גרישעס טאָכטער. 7, 19, 20, 21, 22, 25, 27, 28, 42, 43, 47.

**מוטשניקאָוו מיכליא** — גרישעס צווייטע פרוי. 27.

**מייטוס, דער פאָטער** — א שנײַדער.

**מייטוס, דער זונ.** — א צושנײַדער. געהערט צו ערעלשטאטס קרײַז אינ סינסינעטי. ווערט שפּעטער דאָקטער מעדיצינ. 1, 9, 10, 11, 19, 21, 25, 27, 38.

**מיכאיִל** — זע קאָנ מיכאיִל.

**מעריסאָנ י. א. ד־ר** — אנארכיסטישער רעדאקטער פונ דער „פרײַער ארבעטער־שטימע“ פאר ערעלשטאטנ. 18, 40.

**מערלינאָ** — רעדאקטער פונ דעמ אנארכיסטישנ אָרגאנ „סאָלידאריטי“ אונ פארפאסער פונ א בוכ איבער אנארכיזמ אינ איטאליעניש. 41.

**נעטער אנא** — טאָכטער פונ דעמ סאָציאל־דעמאָקראט א. י. נעטער, פארפאסער פונעם אפּי־קאָרסישנ בוכ „דער ייִדישער גאָט“. פרוי פ נ דעם אנארכיסטישנ פירער ד־ר מיכאָעל קאָנ. 9, 22, 50.

ס אָ נ י ע — זע עדעלשטאַט סאָרע
ס יי ד י — זע מוטשניקאָוו סיידי.
ס ל א ב ו צ ק י. 35.
ע ד י ס אָ ן. באַרימטער אַמעריקאַנער דערפינדער. 4, 5, 6.
ע ד ע ל ש ט א ט א ב ר א ש ע (אווראָם) — דאָווידס עלטערס ברודער פון איין מאַמען. זיין שוסטער־וואַרשטאַט אין קיִעוו איז געווען א מיטלפונקט פון סטודענטן און רעוואָליוציאָנערן. געבליבן א ראַדיקאַל אויך אין אמעריקע. האָט אסאך בייגעשטייערט פאר דעם מאָנומענט אַפ עדעלשטאַטס קייווער אין דענווער, געוואַרט אויך דאָרט בא דער גלעלעגנהייט. 21, 22, 23, 25, 39, 42, 47.
ע ד ע ל ש ט א ט א נ א (א נ י א) — אבראַשעס פרוי. דאָוויד עדעלשטאַט האָט פון איר פיל געהאַלטן. 20 21, 22, 23, 24, 25, 42, 43.
ע ד ע ל ש ט א ט י ע ר מ י ש ע (יערעמיי, ייִרמעיע, יערמאַק טימאָפייעוויטש, עמיל) — דאָווידס ייִנגסטער ברודער, דערציִיגן אין אמעריקע, איז יונג געשטאָרבן; זיין טאָכטער ווערא עדעלשטאַט שרייבט לידער אין ענגליש. 5, 25, 27, 39.
ע ד ע ל ש ט א ט מ ו י ש ע — דאָווידס פאָטער. 5, 6, 21, 25.
ע ד ע ל ש ט א ט ס אָ נ י ע (סאָרע) — דאָווידס איינציקע שוועסטער, צו וועמען דער גרעסטער טייל בריוו אין רוסיש איז געשריבן. סאָרע עדעלשטאַט־טעלסאָן האָט אָפּגעהיט איבער 40 יאָר דאָוויד עדעלשטאַטס בריוו און האָט אונדז אלץ איבערגעגעבן (אָריגינאַלן אָדער געטריע קאָפּיעס) פאר דער עדעלשטאַט־אויסגאַבע פון דעם אינסטיטוט פאר ייִדישער פּראָלעטאַרישער קולטור, זי האָט אויך געהאָלפן קריגן נייטיקע אינפאָרמאַציעס וועגן איר ברודער. 3, 5, 6, 7, 8, 9, 10, 19, 20, 21, 22, 25, 27, 28, 39, 42, 43.
ע ד ע ל ש ט א ט ע ט ל — דאָווידס מוטער. 5, 6, 21, 25, 42, 43.
ע מ י ל — זע עדעלשטאַט יערמישע.
פ א ל ע ן — עדעלשטאַטס א באַקאַנטער אין דענווער. 33.
פ א ר ס אָ נ ס א ל ב ע ר ט (1848—1887). איינער פון די שיקאַגער מאַרטירער, איינער פון די טיכטיקסטע אָרגאַניזאַטערס און טאַלאַנטפולסטע רעדנער פון דער אמעריקאַנער אַרבעטערשאַפט.
פ יי ש ן — געהערט צו עדעלשטאַטס קרייז אין סינסינעטי. 38.
פ ל אָ ר ע — מייטוסעס פרוי. 21.
פ ר ע נ ע ר ש. — אַנאַרכיסטישער פירער אין פילאַדעלפיע. 34.
ק אָ ן מ י כ א י ל (ד״ר)—אַנאַרכיסטישער פירער און שרייבער. לעצטנס איינער פון די מיטרעדאַקטאָרן פון דער „פרייער אַרבעטער־שטימע״. 17, 45, 49, 50.
ק א נ ט אָ ר — עדעלשטאַטס א פריינט אין סינסינעטי. 2.
ק אָ פ מ א ן — עדעלשטאַטס א באַקאַנטער אין דענווער. 33.
ק אָ פּ ע ל י אָ וו, י. (1858—1933) — פאַרוואַלטער פון דער „פרייער אַרבעטער שטימע״, ווען עדעלשטאַט האָט זי רעדאַקטירט, פאַרפאַסער פון די זיכרוינעס „אַמאָל אין אמעריקע״ א. אז. וו. 1, 41, 44, 46.
ק א צ (קאַטץ) מ. — רעדאַקטער פון דער „פרייער אַרבעטער שטימע״ נאָך עדעלשטאַטן. איצט רעדאַקטער פון דער בורזשואַזער צייטונג „ייִדישער וועלט״ אין פילאַדעלפיע. 22, 26.
ר אָ ב י נ ס אָ ן ר אָ כ ל (רייטשל) — בא זיי אין הויז (אין ניו־יאָרק) האָט עדעלשטאַט געוווינט פאר זיין אָפּפאָרן קיין דענווער, קאָלאָראַדאָ. ראָכל איז באַלד נאָך דעם קראַנק געוואָרן אַפ טובערקוליאָז און דערפון געשטאָרבן. — עס איז דעמלט געווען אָנגענומען, אז זי האָט זיך אָנגעשטעקט באַם באַדינען דעם קראַנקן דיכטער. 36.
ר אָ ס י נ ס ק י — געהערט צו עדעלשטאַטס קרייז אין סינסינעטי, ווערט שפּעטער פּראָפעסאָר פון מאַטעמאַטיק. 7, 38.
ר יי ט ש ל — זע ראָבינסאָן ראָכל.
ש ט א ל ע ר מ א ק ס (ד״ר) — אַנאַרכיסטישער אַרבעטער־פירער אין פילאַדעלפיע. ווערט שפּעטער ד״ר מעדיצין און דערווייטערט זיך פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. 33.
ש ע וו י ט ש ס ע ר ג יי — רעדאַקטער פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער צייטונג „ניו־יאָרקער פאָלקס־צייטונג״ אין די 80־קער יאָרן. זיין פרוי איז געווען העלענע פאָן ראַקאָוויטשא, לאַסאַלס געליבטע, צוליב וועלכער ער איז דערשאָסן געוואָרן. 3. 4.

---

אין אינסטיטוט פאר ייִדישער
פּראָלעטארישער קולטור

י. רעזניק (געהילפ־דירעקטער. פארוואלטער מיט דער לערנטייל)

# די אַספּיראנטור פונ אינסטיטוט פאר ייִדישער פראָלעטארישער קולטור

.1

די גראנדיעזע אנטוויקלונג פונ דער נאציאָנאלער לויט איר פאָרמ אונ אינטערנאציאָנאלער לויט איר אינהאלט ייִדישער פראַלעטארישער קולטור רופט ארויס א גרויסע באדערפעניש אינ הויכ־קוואליפיצירטע קאדרענ וויסנשאפטלער אונ קולטור־טוער. מיר נייטיקנ זיכ אינ היסטאָריקער, עקאָנאָמיסטנ, פילאָלאָגנ, ליטעראטורקענער, פעדאגאָגנ, ביבליאָגראפנ, וואָס זאָלנ קענענ וויסנשאפטלעכ־פאָרשעריש פאנאנדערארבעטנ די פראָבלעמעס פונ קולטור־רעוואָליוציע, וועלכע וואקסנ אויס אפ אלע פראָנטנ פונ אונדזער קולטור־בויונג. די שטייַגנדיקע נעצ ייִדישע טעכניקומס אונ הויכשולנ בייטיקט זיכ אינ וויסנשאפטלעכ־צוגעגרייטע לעקטאָרנ, אָנפירער אונ אָרגאניזאטערס.

די צוגרייטונג פונ די דאָזיקע קאדרענ וויסנשאפטלער אונ פעדאגאָגנ איז איינע פונ די וויכטיקסטע אופגאבעס, וואָס שטייענ פארנ אינסטיטוט פאר ייִדישער פראָלעטארישער קולטור.

שוינ פונעמ ערשטנ טאָג פונ זייַנ עקזיסטענצ האָט זיכ דער אינסטיטוט פארנומענ מיט דער פראָבלעמ פונ קאדרענ. אָבער אינ דער לייזונג פונ דער דאָזיקער אופגאבע האָט ער זיכ לעכאטכילע אָנגעשטויסנ אפ גוואלדיק גרויסע שוועריקייַטנ. די ערשטע שוועריקייַט איז געווענ דער מאנגל פונ צוגעגרייטע קאנדידאטנ פאר דער אספיראנטור פונ אינסטיטוט. אזוינע קאנדידאטנ דארפ צוגרייטנ די הויכשול. אָבער די עדשטע ייִדישע סעקטאָרנ בא די הויכשולנ האָבנ זיכ געעפנט קימאט איינצייַטיק מיט דער אָרגאניזאציע פונעמ אינסטיטוט. אזויארומ, האָט דער אינסטיטוט די ערשטע צייַט ניט געהאט די נייטיקע באזע פאר זייַנ ארבעט אינ געביט פונ קאדרענ־צוגרייטונג.

דער איינציקער קוואל פונ קאדרענ פארנ אינסטיטוט איז געווענ דאָס קליינע הייַפל יונגע קולטורטוער, מערסטנטייל אוטאָדידאקטנ, וואָס זייַנענ אויסגעוואקסנ אינ דער צייַט פונ דער רעוואָליוציע. דעריבער זייַנענ די ערשטע אופנאמענ פונ אספיראנטנ געווענ קליינע לויט דער צאָל אונ ניט גענוג באפרידיקנדיקע לויט דער אקאדעמישער צוגרייטונג אונ לויטנ סאָציאלנ באשטאנד פונ די אָנגענומענע. מיט דער צעוויקלונג פונ דער קולטור־בויונג צווישנ די ייִדישע ארבעטנדיקע איז די דאָזיקע שוועריקייַט ביסלעכווייַז באזייַטיקט געוואָרנ. מיט יעדנ טאָג איז אלצ מערער

געוואקסן דער אויסוואַל פון קאנדידאטן פאר דער אספיראנטור פון אינסטיטוט און עס האָט זיך פארבעסערט זייער אייכעס. אין 1933 יאָר האָבן די ייִדישע הויכשולן געגעבן א גאנץ באַדײַטנדיקע גרופּע קאנדידאטן פאר וויסנשאפטלעכער ארבעט. אדאנק דעם און אויך אדאנק דער באַצײַטנס דורכגעפירטער ווערביר־קאמפּאניע האָט זיך דעם אינסטיטוט אײַנגעגעבן אין דעם יאָר אויספילן אף 100 % די אופנאם־פּראָגראם סײַ בענוגע צו דער צאָל אספיראנטן, אזוי אויך בענוגע צו זייער קוואַליטעט. קימאט אלע כאווײרים, וואָס זײַנען אָנגעקומען דעם יאָר אין אינסטי־טוט, האָבן געהאט פארענדיקטע הויכבילדונג און ספּעציעלע קאָמאנדירונגען אף וויסנ־שאפטלעכער ארבעט.

די צווייטע שוועריקײַט, וואָס האָט שטארק געווירקט אף דער ארבעט מיט די אספיראנטן, איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס דער אינסטיטוט איז לעכאטכילע געווען זייער אָרעם אין וויסנשאפטלעכע קויכעס, וועלכע זאָלן זיך קענען ספּעציעל אָפּגעבן מיט דער דאַזיקער ארבעט. די לערנ־ארבעט איז די ערשטע יאָרן געווען זייער שוואך אָרגאניזירט. פאקטיש האָט זיך ביז 1931 קיין סיסטעמאטישע ארבעט מיט די אספיראנטן לויט באַשטימטע פּלענער און פּראָגראמעס ניט געפירט. די אספיראנטן האָבן געארבעט יעדערער אף זײַן אייגענער אכרײַעס. דאָס אײנציקע, וואָס זיי פּלעגן באקומען, איז געווען די אינדיווידועלע אָנפירונג מיצאד די אָדער אנדערע געלערנטע, צו וועלכע די אספיראנטן זײַנען געווען צו־געפעסטיקט.

מיטן וווקס פונעם אינסטיטוט, מיט דער פארשטארקונג פון זײַן וויסנשאפטלעכן באַשטאנד און צעוויקלונג פון זײַן וויסנשאפטלעך־פאָרשערישער ארבעט האָט זיך ביסלעכווײַז אנטוויקלט און פארבעסערט אויך די ארבעט מיט דער אספיראנטור.

די סעקציעס, וואָס האָבן זיך די ערשטע געשטעלט אף די פיס, האָבן באַלד אײַנגעשטעלט א סיסטעמאטישע ארבעט מיט זייערע אספיראנטן. אין 1931 איז אײַנגעאָרדנט געוואָרן די ארבעט מיט די אספיראנטן אין דער פּעדאגאָגישער סעק־ציע, אין 1932 איז דאָס זעלבע פּאָרגעקומען אין דער ליטעראַרישער סעקציע; אין די איבעריקע סעקציעס איז די ארבעט געגאנגען שוואך ביזן 1933 יאָר, ווען עס איז אָרגאניזירט געוואָרן א ספּעציעלע לערנטייל און אין דער ארבעט מיט דער אספיראנטור איז ענדגילטיק אײַנגעשטעלט געוואָרן א פעסטע אָרדענונג און סיסטעם.

פונקט ווי די ערשטע אופנאמען, אזוי זײַנען אויך די ערשטע ארויסלאָזן געווען שלעכט אָרגאניזירט. דער קאָנטראָל איבער דער ארבעט פון די אספיראנטן און זיי־ערע דערגרייכונגען איז געווען זייער א שוואכער, אָדער ער האָט אינגאנצן געפעלט. קיין ספּעציעלע פּראָפילן זײַנען ניט אויסגעארבעט געוואָרן. עס זײַנען ניט גענומען געוואָרן אין אכט די קאָנקרעטע פאָדערונגען פון דער ייִדישער קולטור־בויונג. דערפאר האָבן אייניקע אספיראנטן פון די ערשטע ארויסלאָזן שוין נאָכן ענדיקן דעם אינסטיטוט געמוזט איבערגיין אף אזוינע ארבעטן, וואָס זײַנען ווייניק פארבונדן מיט זייער אייגנטלעכער ספּעציאַליטעט. אָבער דאָס זײַנען געווען נאָר אויסנאַם־פאלן. ניט קוקנדיק אף אלע אויסגערעכנטע שוועריקײַטן און דעפעקטן, האָט זיך דאָך אײַנגעגעבן דעם אינסטיטוט צוגרייטן א גאנץ באַדײַטנדיקע גרופּע קוואַליפי־

צירטע וויסנשאַפטלער, לעקטאָרן און קולטורטוער, וואָס פירן איצט אַ פּאַראַנט־וואָרטלעכע אַרבעט אַף פאַרשיידענע פראָנטן פון אונדזער קולטור־בויונג. אַ היפּשער טייל פון זיי איז אַפילע פאַרבליבן אַף וויסנשאַפטלעכער אַרבעט אין אינסטי־טוט גופע און האָט אַסאַך מיטגעהאָלפן דעם וווּקס פון אינסטיטוט און דער צעוויק־לונג פון זײַן אַרבעט.

לויט דער צאָל באַטרעפן די דאָזיקע געוועזענע אַספּיראַנטן אַ דריטלכייקע פון אַלע וויסנשאַפטלעכע מיטאַרבעטער פון אינסטיטוט, און זייער ספּעציפישער געוויכט איז אויך גאַנץ באַדײַטנדיק אין דער וויסנשאַפטלעכער פּראָדוקציע פונעם אינסטיטוט. זיי אַלע האָבן שוין באַוויזן צו געבן אינטערעסאַנטע און ווערטפולע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן.

דער כ׳ סקודיצקי, צום בײַשפּיל (עטנאָגראַפישע סעקציע), האָט אַרויסגע־לאָזט אַ באַנד פאָלקלאָר־לידער, וואָס ער האָט אַליין געזאַמלט, מיט אַ ברייטער אָפּהאַנדלונג וועגן זיי אין דער פאָרם פון אַן אַרײַנפיר. ער האָט אָפּגעדרוקט אַ אינטערעסאַנטע אַרבעט וועגן אַרבעטער־פאָלקלאָר אינעם זאַמלבוך פון אינסטיטוט „פּראָבלעמעס פון פאָלקלאָריסטיק", איצט גרייט ער צום דרוק אַ צווייטן באַנד פאָלקלאָר־לידער.

דער כ׳ קוויטני (ביבליאָלאָגישע סעקציע) האָט אָפּגעדרוקט אַ רײ ביבליאָ־גראַפישע אַרבעטן אינעם „ביבליאָלאָגישן זאַמלבוך" („לענינִיאַנע", „סאָוועטישע ייִדישע ביכער־פּראָדוקציע פאַר די יאָרן 1917—1921" א. אַנד.). איצט האָט ער אָפּ־געגעבן צום דרוק אַ באַנד פון 25 דרוק־בויגן „ביבליאָגראַפיע פון דער סאָוועטישער ייִדישער ביכער־פּראָדוקציע פאַר די יאָרן 1922—1930", וואָס דערשײַנט אונטער דער רעדאַקציע פונעם כ׳ י. ליבערבערג.

כ׳ אַבטשוק (ליטעראַרישע סעקציע) האָט צוגעגרייט צום דרוק אַ גרעסערע אַרבעט צו דער געשיכטע פון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור און אָפּגע־דרוקט אַ רײ ליטעראַטור־קריטישע אַרבעטן סײַ אין די אויסגאַבעס פון אינסטיטוט, סײַ אין די ליטעראַריש־פּאָליטישע זשורנאַלן.

כ׳טע שנײַדערמאַן (פּעדאַגאָגישע סעקציע) האָט אין די זאַמלביכער פון אינ־סטיטוט און אין „ראַטנבילדונג" אָפּגעדרוקט אַ רײ פּעדאַגאָגישע אַרבעטן, זי האָט אויך פאַרעפנטלעכט אין אַ באַזונדער ביכל אַן אויספאָרשונג וועגן אַרבעט מיט אָפּ־שטייענדיקע קינדער. אַ צווייט ביכל וועגן היימפאַרגעבונגען איז איצט איבערגעגעבן געוואָרן צום דרוק. כוצדעם, האָט זי (צוזאַמען מיטן כ׳ קרוגליאַק) אָנגעשריבן אַ גרעסערע אַרבעט קעגן דער פאַשיסטיש־ייִדישיסטישער פּעדאַגאָגיק.

כ׳ כאַבענסקי (היסטאָרישע סעקציע) האָט אָפּגעדרוקט אַן אַרבעט וועגן די קליינבירגערלעכע ייִדישע פּאַרטייען אין אוקראַיִנע בעשאַס דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע און האָט צוגעגרייט צום דרוק אַ גרעסערע אַרבעט אַף דער זעלביקער טעמע.

כ׳ קרוגליאַק (פּעדאַגאָגישע סעקציע) האָט פאַרעפנטלעכט אַ סעריע אַרטיק־לען אַף פּעדאַגאָגישע טעמעס אין די זאַמלביכער פון אינסטיטוט, אין „ראַטנ־בילדונג" און אין דער טעגלעכער פּרעסע.

ביכלאַל דאַרף מען אונטערשטרײַכן, ווי אַ דערפרייענדיקע דערשײַנונג, דאָס,

וואָס קימאַט אַלע יונגע מיטאַרבעטער פֿון די געוועזענע אַספּיראַנטן באַטייליקן זיך אַקטיוו אין דער פּרעסע („עמעס", „שטערן", „פּראָלעט. פֿאָן" א. אַנד.). דאָס באַווײַזט, אַז זיי רעאַגירן באַצײַטנס אויף די וויכטיקסטע דערשײַנונגען פֿון אונדזער קולטור־בויונג און קולטור־קאַמף.

אַ ריי וויסנשאַפֿטלעכע אַרבעטן האָבן אויך געגעבן די כ״כ ראָדאַק, גאָלדפֿײַן, גיטעליס און אַנדערע אַספּיראַנטן, וואָס געפֿינען זיך איצט אויף וויסנשאַפֿטלעכער און אָנפֿירנדיקער פּעדאַגאָגישער אַרבעט אין אַנדערע שטעט (אָדעס, כאַרקאָוו, ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט א. אַנד.). אַחוץ דער וויסנשאַפֿטלעכער אַרבעט פֿירן די כ״כ, וואָס האָבן געענדיקט די אַספּיראַנטור, אויך אַ גרויסע לעקטאָריש־פּעדאַגאָגישע אַרבעט. אייניקע פֿון זיי פֿירן סיסטעמאַטישע זעלבשטענדיקע קורסן אין די הויכשולן.

די באַוועגונג פֿון דער אַספּיראַנטור אין אינסטיטוט פֿאַר ייִדישער פּראָלעטאַרישער קולטור, זייער פֿאַנאַנדערטיילונג אין באַזונדערע סעקציעס, זייער סאָציאַלע לאַגע, פּאַרטייִשקייט און צוגרייטונג באַם אָנקומען — די אַלע ייִדיעס קען מען באַקומען פֿון די טאַבעלעס, וואָס מיר ברענגען דאָ.

טאַבעלע I

## די באַוועגונג פֿון אַספּיראַנטן אין אינסטיטוט פֿאַר ייִדישער פּראָלעטאַרישער קולטור

| יאָרן | אָנגעקומען | זיך געלערנט | פֿאַרענדיקט |
|---|---|---|---|
| 1928 | 7 | 7 | — |
| 1929 | 5 | 12 | — |
| 1930 | 6 | 13 | 5 |
| 1931 | 5 | 16 *) | — |
| 1932 | 12 | 17 | 11 |
| 1933 | 14 | 26 | 5 |
| סאַכאַקל . . . | 49 | | 21 |

*) אין 1931 יאָר זײַנען געשטאָרבן 2 אַספּיראַנטן — סקורסקי און זשוקאָווסקי.

טאבעלע 2

## פאנאנדערטיילונג פון אספיראנטן לויט סעקציעס

| סעקציע | אָנגעקומען | פארענדיקט | לערנען זיך אצינד |
|---|---|---|---|
| פעדאגאָגישע . . . . | 13 | 5 | 8 |
| ליטעראַרישע. . . . . | 18 | 6 | 11 |
| היסטאָרישע . . . . . | 7 | 4 | 3 |
| פילאָלאָגישע. . . . . | 5 | 2 | 3 |
| עטנאָגראפישע . . . . | 2 | 2 | — |
| עקאָנאָמישע . . . . . | 3 | 1 | 1 |
| ביבליאָלאָגישע . . . . | 1 | 1 | — |
| סאכאקל . . . | 49 | 21 | 26 |

טאבעלע 3

## סאָציאַלער באשטאנד

| | ארבעטער | אָנגעשטעלטע |
|---|---|---|
| פון אלע אופנאמען. . . | 18% | 82% |
| פונעם לעצטן אופנאם . . | 30% | 70% |

טאבעלע 4

## פארטייִשקייט

| | מיטגלידער פון פארטיי און קאָמיוג | אומפארטייִשע |
|---|---|---|
| פון אלע אופנאמען. . . | 40% | 60% |
| פונעם לעצטן אופנאם . . | 50% | 50% |

טאבעלע 5

% פון אספיראנטן, וואָס האָבן געהאַט באַם אָנקומען פאַרענדיקטע הויכבילדונג

| | |
|---|---|
| אין 1928 יאָר . . . . . . . . . | 30% |
| „ 1929 „ . . . . . . . . . | 40% |
| „ 1930 „ . . . . . . . . . | 60% |
| „ 1931 „ . . . . . . . . . | 60% |
| „ 1932 „ . . . . . . . . . | 75% |
| „ 1933 „ . . . . . . . . . | 100% |

2.

באַ הײַנטיקן טאָג צײלט די אספיראנטור פון אינסטיטוט פאַר ייִדישער פּראָלעטאַרישער קולטור 26 מענטשן, פון זײ 8 מיטגלידער פון דער פּאַרטײ און 7 קאָמיוגיסטן.

די אַרבעט פון די אספיראנטן גײט הײַנטיקס יאָר מער־װײניקער נאָרמאַל: עס זײַנען געשאַפן געװאָרן די פּאַסיקע אױסערלעכע טנאָים פאַר דער אַרבעט, עס איז אײַנגעשטעלט געװאָרן אַ גענױער קװאַנטיטאַטיװער און קװאַליטאַטיװער דיסקאָנט און אַ שטרענגע דיסציפּלין.

יעדער אספיראַנט האָט זײַן אינדיװידועלן פּראָפיל, װאָס װערט באַשטימט נאָכן ערשטן קורס אין העסקעם מיט די אינדיװידועלע פֿײַקײטן און נײגונגען פֿונעם אספּיראַנט און מיט די פֿאָדערונגען פון דער ייִדישער קולטור־בױונג.

אין דער ליטעראַרישער סעקציע זײַנען פאַראַן אַזױנע פּראָפילן: מעטאָדאָלאָגיע און מעטאָדיק פון ליטעראַטור, פּראָקטיאַבערישע ייִדישע ליטעראַטור, סאָװעטישע ייִדישע ליטעראַטור און בורזשואַזע ליטעראַטור אין דער צײַט פון אימפּעריאַליזם.

אין דער פּעדאַגאָגישער סעקציע זײַנען פאַראַן אַזױנע פּראָפילן: פּעדאַגאָגיק און מעטאָדיק פון מאַטעמאַטיק, פּעדאַגאָגיק און מעטאָדיק פון געשיכטע, פּעדאַגאָגיק און מעטאָדיק פון נאַטורקענטעניש און עקספּערימענטאַלע פּעדאַגאָגיק.

אין דער פילאָלאָגישער סעקציע: גראַמאַטיק, געשיכטע פון ייִדיש, לעקסיקאָלאָגיע.

אין דער היסטאָרישער סעקציע: געשיכטע פון ייִדן אין רוסלאַנד, געשיכטע פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַװעגונג.

אין באַשטאַנד פון דער ליטעראַרישער סעקציע איז הײַאָר אָרגאַניזירט געװאָרן אַ ספּעציעלע אספּיראַנטור פאַר קינסטלערישער ליטעראַטור אין דער פאָרם פון אַן אספּיראַנטישער שרײַבער־גרופּע. אין דער דאָזיקער גרופּע זײַנען אַרײַנגענומען געװאָרן יונגע כאַװײרים, װאָס האָבן זיך שױן פּאַרעקאָמענדירט מיט זײערע װערק (זאַבאַרע, קאַהאַן, גאָנטאַר, האַרצמאַן, שטורמאַן). די אױפגאַבע פון דער אספּיראַנטור פאַר קינסטלערישער ליטעראַטור איז צוגרײטן הױך־קװאַליפיצירטע שרײַבער, װאָס פאַרײניקן מיט זײער דיכטערישן טאַלאַנט אַ ברײטע און טיפע מאַרקסיסטישע ליטעראַרישע בילדונג.

הייַנטיקס יאָר זייַנען מיר אויכ צוגעטראָטנ צו אָרגאניזירנ א ספעציעלע בירע־
בידזשאנ־גרופע אינ באשטאנד פונ דער היסטאָרישער, סאָציאל־עקאָנאָמישער אונ
פעדאגאָגישער סעקציעס. דער פראָפיל פונ די כאווײרימ, וואָס גייענ ארייַנ אינ דער־
דאָזיקער גרופע, וועט אויסגעארבעט ווערנ לויט א ספעציעלנ אָפמאכ מיט די געהע־
ריקע אָרגאניזאציעס פונ דער יידישער אווטאָנאָמער געגנט אינ אייַנקלאנג מיט די
פאָדערונגענ פונ דער קולטור־בויונג, וואָס וויקלט זיכ דאָרטנ פאנאנדער.

אינ העסקעמ מיטנ אינדיווידועלנ פראָפיל פונ די אספיראנטנ ווערט אויסגעאר־
בעט פאר יעדערנ פונ זיי א אינדיווידועלער לערנ־פראָדוציר־פלאנ. די אינדיווידועלע
ארבעט באשטייט אינ דורכארבעטנ ספעציעלע ליטעראטור אונ אינ אויספילנ אנט־
שפרעכנדיקע וויסנשאפטלעכ־פאָרשערישע פארנעמונגענ.

צוליב דער אָנפירונג מיט דער אינדיווידועלער פראָדוציר־ארבעט ווערנ די אס־
פיראנטנ צוגעפעסטיקט צו באשטימטע וויסנשאפטלער־ספעציאליסטנ, וואָס דארפנ זיי
געבנ די נייטיקע קאָנסולטאציע אונ אויכ באוואָרענענ דעמ געהעריקנ דיסקאָנט פונ
זייער ארבעט. דער ספעציאליסט דארפ ארייַנציענ זייַנ אספיראנט אינ דער לאבאָרא־
טאָריע, אזוי צו זאָגנ, פונ זייַנ וויסנשאפטלעכער ארבעט, סיסטעמאטיש איבערגעבנדיק
אימ זייַנ דערפארונג אונ זייַנ מעטאָד פונ פאָרשונג־ארבעט.

כוץ דער אינדיווידועלער לערנ־פראָדוציר־ארבעט מוז נאָכ יעדער אספיראנט בא־
זוכנ א באשטימטע צאָל סעמינארנ. אייניקע פונ די דאָזיקע סעמינארנ זייַנענ אלגע־
מיינע, פאר אלע אספיראנטנ פונ אינסטיטוט. אזוינע זייַנענ פאראנ צוויי: דיאמאט
אונ פרעמדע שפראכנ. אנדערע סעמינארנ זייַנענ פאר יעדער סעקציע באזונדער.

מיט די סעמינארנ פירנ אָנ וויסנשאפטלעכע מיטארבעטער פונ אינסטיטוט אונ
ספעציאליסטנ אייַנגעלאדענע פונ אנדערע אנשטאלטנ.

דער מעטאָד פונ ארבעט אינ די סעמינארנ איז א פארשיידנארטיקער, אָפהענגיק
פונ דער באדייַטונג, וואָס די אנטשפרעכיקע דיסציפלינעס האָבנ פאר דעמ פראָפיל
פונ די אספיראנטנ. איינער פונ די וויכטיקסטע מעטאָדנ איז דער מעטאָד פונ רעפע־
ראטנ, אָבער א גאנצ באדייַטנדיקע ראָליע שפילט אויכ דער מעטאָד פונ לעקציעס
אינ די געביטנ, וואָס זייַנענ ווייניקער פארבונדנ מיטנ פראָפיל פונ די אספיראנטנ.

אינ צוזאמענהאנג מיט דער אייַנפירונג פונ וויסנשאפטלעכע שטופעס (באשטימונג
פונ ראטספאָלקאָמ פונ 13/1 1934) שטעלט זיכ זייער שארפ די פראגע וועגנ דיסער־
טאציעס.

די גרונט־אייַנשטעלונג פונ דער באשטימונג וועגנ וויסנשאפטלעכע שטופעס איז —
אויפהייבנ אפ א גרעסערער הייכ דעמ צושטאנד פונ דער פאָרשעריש־וויסנשאפטלע־
כער ארבעט אינ אונדזער לאנד. אינ דער צוגרייטונג פונ אספיראנטנ באטייַט עס,
אז מע מוז פארשטארקנ די ארבעט, וואָס איז דירעקט פארבונדנ מיט דער ספעציא־
ליטעט פונעמ אספיראנט אונ באוואָפנט אימ מיטנ פאָרשעריש־וויסנשאפטלעכנ מעטאָד
אינ זייַנ געביט. די ארבעט אפ דער דיסערטאציע איז אמבעסטנ דערצו צוגעפאסט.

הייַנטיקס יאָר וועלנ מיר דעמ ערשטנ מאָל אָרגאניזירנ אנ עפענטלעכע פאר־
טיידיקונג פונ דיסערטאציעס לויט די אינסטרוקציעס פונ פאָלקאָמבילד. ארומ דער
ארבעט פונ די דיסערטאציעס ווערט איצט קאָנצענטרירט די הויפט־ענערגיע פונ דער
לערנטייל אונ פונ די עלטערע אספיראנטנ.

אינ צוזאמענהאנג מיט די נײַע פאָדערונגענ צו דער וויסנשאפטלעכער ארבעט שטעלט זיכ נאָכאמאָל שארפ די פראגע וועגנ קאָנטינגענטנ פאר אספיראנטור פונ אינסטיטוט.

אינ אלע אינסטיטוטנ, וואָס גייענ ארײַנ אינ דער סיסטעמ פונ דער אלוקראיִנישער וויסנשאפטלעכער אקאדעמיע, ווערנ פונעמ קומענדיקנ יאָר אָנגענומענ פאר אספיראנטנ נאָר אזויגע, וואָס האָבנ פארענדיקט די אספיראנטור בא א הויכשול. אונ דאָס איז גאנצ נאָרמאל. פאר 2—3 יאָר קאָנ מענ ניט צוגרייטנ קיינ פולווערטיקנ וויסנשאפטלער פונ אנ אביטוריִענט, וואָס האָט ערשט געענדיקט די הויכשול. פונ דער צווייטער זײַט, האָבנ מיר שוינ אצינד א גאנצ באדײַטנדיקע צאָל יונגע וויסנשאפטלער, וואָס האָבנ געענדיקט די אספיראנטור בא הויכשולנ אונ קענענ איבערגיינ צוליב ווײַטערדיקער ספעציאליזאציע אונ קוואליפיקאציע אינ דער אספיראנטור פונ די וויסנשאפטלעכ־פאָרשערישע אינסטיטוטנ פונ דער אקאדעמיע.

דאָס איז אָבער ריכטיק נאָר בענעגייע צו די אוקראיִנישע אונ רוסישע אינסטיטוטנ. די ייִדישע הויכשולנ זײַנענ נאָכ זייער יונג. קיינ אספיראנטור האָבנ זיי קימאט ניט, אונ דער אינסטיטוט שטייט ווײַטער פאר דעמ זעלבנ קריזיס, פאר וועלכער ער איז געשטאנענ 6 יאָר צוריק: ניטאָ קיינ צוגעפאסטע קאנדידאטנ פאר דער אספיראנטור.

פאר אונדז שטייט איצטער אנ עקסטרע אופגאבע: אָרגאניזירנ בא די ייִדישע הויכשולנ (אינ אָדעס אונ אינ קיִעוו) אספיראנטור, קעדיי צוגרייטנ קאָנטינגענטנ פאר דער געהעכערטער אספיראנטור פונעמ אינסטיטוט.

א גרויסע ראָליע קענ דאָ שפּילנ דער אינסטיטוט פאר ייִדישער פראָלעטארישער קולטור גופע. מיט זײַנע וויסנשאפטלעכע קאדרענ קענ ער קומענ צו הילפ די הויכשולנ אינ דער דאָזיקער ארבעט.

ביז עס וועלנ אונטערוואקסנ די געהעריקע קאדרענ, דארפ זיכ אָבער דער אינסטיטוט דערשלאָגנ, מע זאָל אימ דערלויבנ פאָרזעצנ דעמ אופנאמ לויט דער פריִערדיקער אינסטרוקציע, פארשטייט זיכ, בא פיל געהעכערטע פאָדערונגענ צו די אָנגעקומענע.

דער ניוואָ פונ דער וויסנשאפטלעכ־פאָרשערישער ארבעט אינ אונדזער לאנד וואקסט. אויכ דער אינסטיטוט פאר ייִדישער פראָלעטארישער קולטור אונ זײַנ אספיראנטור דארפ איבערגיינ אפ א העכערנ שטאפל, נאָר צוליב דעמ איז נייטיק, אז די ייִדישע הויכשולנ זאָלנ אויכ העכערנ די קוואליטעט פונ זייער ארבעט אונ פאנאנדערוויקלענ בא זיכ די צוגרייטונג פונ וויסנשאפטלעכע קאדרענ־אספיראנטנ.

---

# אין דער סעקציע פאַר ליטעראַטור און קריטיק

אין די לעצטע צוויי יאָר איז די ארבעט פון דער סעקציע פאַר ליטעראַטור און קריטיק באַם אינסטיטוט פאַר ייִדישער פּראָלעטאַרישער קולטור שטאַרק אויסגעוואַקסן. די סעקציע איז נעענטער צוגעקומען צו די אַקטועלע אויפגאַבעס פון דער סאָציאַליסטישער קולטור־בויונג, זיך ענגער אַריינגעפלאָכטן אין דער ארבעט פון דער סאָוועטישער מיטל־און הויכשול, אויפגעהויבן אַן אינטענסיווע ארבעט אַרום די פּראָבלעמעס פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור און פון דער מאַרקס־לעניניש ליטעראַטור־מעטאָדאָלאָגיע.

די ארבעט פון דער סעקציע נעמט אַרום פאָלגנדיקע געביטן:

1) פאָרשונג פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור און פון דער רעוואָליוציאָנערער ליטעראַטור אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער.

2) פּראָבלעמעס פון דער ליטעראַטור־ירושה.

3) מעטאָדאָלאָגישע און מעטאָדישע ארבעט.

4) דאָס גרייטן נייע קאַדרען ליטעראַטור־פאָרשער און ליטעראַטור־קריטיקער.

5) מאַסן־ארבעט.

## פּראָבלעמעס פון סאָציאַליסטישן רעאַליזם.

אין משך פון די כאָדאָשים אַפּרעל און מיי 1934 זיינען אין דער סעקציע געלייענט געוואָרן דריי פאָרטראַגן וועגן די פּראָבלעמעס פון סאָציאַליסטישן רעאַליזם. כ׳ מ. ווינער האָט דעם 6־טן אַפּרעל געלייענט אַ גרויסן פאָרטראַג וועגן די אַלגעמיינע ׳עסוידעס פון סאָצ. רעאַליזם. כ׳ האַלדעס האָט געלייענט אַ גרעסערן פאָרטראַג וועגן סאָצ. רעאַליזם אויפן מאַטעריאַל פון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור אויף דער אַרויספאָר־סעסיע פון דער סעקציע אין אָדעס (דעם 21־טן אַפּרעל). דעם 25־טן מיי האָט כ׳ מ. עריק געלייענט אַ פאָרטראַג: „די סאָוועטישע ייִדישע פּראָזע אויפן וועג צום סאָציאַליסטישן רעאַליזם”. דעם 26־טן זיינען פאָרגעקומען דעבאַטן איבערן פאָרטראַג פון כ׳ עריק. אַלע פאָרטראַגן האָבן צוגעצויגן אַ גרויסן עולם און אַרויסגערופן אַ לעבעדיקע דיסקוסיע.

די סעקציע פאַר ליטעראַטור און קריטיק פּלאַנירט אַרויסצוגעבן די פאָרטראַגן אין אַ באַזונדערן זאַמלבוך. אַ גרעסערע ארבעט וועגן סאָצ. רעאַליזם האָט צוגעזאָגט געבן כ׳ יע. דאָבין (לענינגראַד), פאָרטרעגער אויף דער אַלפאַרבאַנדישער באַראַטונג פון די קריטיקער. אַ גרעסערער אויסצוג פון כ׳ האַלדעס פאָרטראַג איז אָפּגעדרוקט אין זשורנאַל „פאַרמעסט” נום. 5—6, 1934.

## פעפער־פלענום און פעפער־זאמלבוך.

דעם 15־טן, 16־טן און 17־טן פעווראל 1934 איז פאָרגעקומען דער פלענום פון דער סעקציע פאר ליטעראטור און קריטיק, געווידמעט פעפערס שאפן. נאָכן אריינפיר־וואָרט פון כ׳ עריק זײַנען געלייענט געוואָרן די פאָרטראגן: ש. בריאנסקי: פעפער אין אופשטעל־פעריאָד; מ. דובילעט: וועגן פעפערס פאָעטיק; ש. בילאָוו: פעפער אין שפיגל פון דער קריטיק. עס ווערט פארענדיקט די ארבעט ארום דעם זאמלבוך, געווידמעט פעפערס שאפן. אינהאלט פונעם זאמלבוך:

1) אי. פעפער: אויטאָביאָגראפיע.
2) מ. עריק: פעריאָדיזאציע פון פעפערס שאפן.
3) ש. בריאנסקי: פעפער אין אופשטעל־פעריאָד.
4) א. האָלדעס: פעפער אינעם רעקאָנסטרוקטיוון פעריאָד.
5) כ. דונעץ: וועגן פעפערס „פלאסטן".
6) א. אבטשוק: וועגן פעפערס „לעבן זאָל דאָס לעבן".
7) מ. דובילעט: וועגן פעפערס פאָעטיק.
8) ש. בילאָוו: פעפער אין שפיגל פון דער קריטיק.
9) י. באָדיק: פעפער־ביבליאָגראפיע.

דער זאמלבוך וועט האלטן איבער 20 בויגן. די פעפער־ביבליאָגראפיע אליין האלט זעקס בויגן, איבער 700 נומערן (פעפער האָט געגעבן 327 לידער און 11 פאָעמעס, אָן דעם באנד „לעבן זאָל דאָס לעבן"), אכוץ דעם 72 ארטיקלען; וועגן פעפערן איז געשריבן 50 קריטישע ארטיקלען בלויז אין סאָוועט־פארבאנד, ער ווערט אויך ברייטער ציטירט און באהאנדלט אין 90 אנדערע ארטיקלען, די אָפטיילונג „פעפער אין שול" האלט 70 נומערן. „פעפער אין דער מוזיק"—32 נומערן.

## וועגן בערגעלסאָנס שאפן.

אין מעשעכ פון 1933 זײַנען אין דער סעקציע פאר ליטעראטור און קריטיק געלייענט געוואָרן א ריי פאָרלעזונגען וועגן ד. בערגעלסאָנס שאפן זינט דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע פון די כ"כ אבטשוק (וועגן „באַם דניעפער" און וועגן פעריאָד 1926—1930); קורליאנד (פעריאָד 1917—1926); מיזשיריצקי (וועגן דעם פאראָקטיאבערישן פעריאָד). די ארבעט פונעם כ׳ אבטשוק וועגן „באַם דניעפער" איז אָפגעדרוקט אינעם „פארמעסט" נומ. 4, 1934. עס איז שוין אָפגעגעבן אין דרוק די ארבעט פון ש. בריאנסקי: „בערגעלסאָן אין שפיגל פון דער קריטיק" (5 בויגן), וואָס וועט דערשײַנען ווי א באזונדער ביכל.

## שווארצמאנ־בוך.

אווגוסט 1934 ווערט 15 יאָר זינט ס׳איז געפאלן אפן פראָנט אין די רייען פון דער רויטער ארמיי אָשער שווארצמאן. אין צוזאמענהאנג מיטן יאָרטאָג פון שווארצמאנס טויט גרייט די סעקציע פאר ליטעראטור און קריטיק א נײַע אויסגאבע פון שווארצמאנס לידער, מיט נײַע, ביז איצט ניט פארעפנטלעכטע מאטעריאלן צו

שוואַרצמאַנס לעבן און ווירקן, אונטער דער רעדאַקציע פון די כ״כ ד. האָפּשטיין, מ. עריק, א. אַבטשוק, מ. לעוויטאַן און ר. ציזאַנאָווסקע. אינעם שוואַרצמאַן־בוך גייען אַרײַן: אַרײַנפירן פון די כ״כ א. אַבטשוק און ד. האָפּשטיין, שוואַרצמאַנס לידער (מיט וואַריאַנטן לויט שוואַרצמאַנס מאַנוסקריפּטן), זײַנע בריוו, דערינערונגען פון כאַווערים, קאָמענטאַרן א. אַז. וו. דער שוואַרצמאַן־בוך וועט האַלטן 12 בויגן און וועט אָפּגעגעבן ווערן אין דרוק דעם 1־טן אָקטיאַבער 1934.

## „פּראָלעטפּען״

עס דרוקט זיך אַ גרעסערע מאָנאָגראַפיע פונעם כ׳ א. פּאָמעראַנץ: „פּראָלעטפּען״, עטיודן און מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון קאַמף פאַר דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור אין צפון־אַמעריקע״ (18 בויגן). די וויכטיקסטע קאַפּיטלען און אָפּטיילן פונעם בוך: אַפן וועג צום „פּראָלעטפּען״; די יידישיסטישע שרײַבער־גרופּע „יונגע״; די בורזשואַזע יידישע פּרעסע אין אַמעריקע; די „פרײַהייט״; „דער יונגער אַרבעטער־שרײַבער־פאַרײן״; דער זשורנאַל „יוגנט־קוזניע״; דער זשורנאַל „יוגנט״; די פּראָלעטאַרישע שרײַבער־גרופּע „יוניאָן־סקווער״; דיסקוסיע מיט „יוניאָן־סקווער״; דער „פרײַהייט״־שרײַבער־פאַרײן; דער פאַרבאַנד פון פּראָלעטאַרישע שרײַבער אין אַמעריקע „פּראָלעטפּען״; אַ שפּעטערישע דיסקוסיע; ליוויק־קאָרדע; זאַמלבוך „יוניאָן־סקווער״; דעקלאַראַציע פון „פּראָלעטפּען״; אָפּקלאַנג פון דער דעקלאַראַציע; דער „סיגנאַל״; ביאָ־ביבליאָגראַפיע פון די „פּראָלעטפּען״־מיטגלידער.

## שעווטשענקאָ־אויסגאַבע.

אין מאַרץ 1934 האָבן די אַרבעטנדיקע פון ראַטן־אוקראַינע געפײַערט דעם 120־טן יאָרטאָג זינט ס׳איז געבוירן געוואָרן דער גרויסער דיכטער פון דער פאָרעשער רעוואָליוציע טאַראַס גריגאָריעוויטש שעווטשענקאָ. אין צוזאַמענהאַנג מיטן שעווטשענקאָ־יובילײ האָט די סעקציע פאַר ליטעראַטור און קריטיק צוזאַמען מיטן שעווטשענקאָ־אינסטיטוט אין כאַרקאָוו צוגעגרייט און אָפּגעגעבן אין דרוק שעווטשענקאָס געקליבענע ווערק — אַ גרויסער באַנד פון איבער 40 בויגן, וווּ עס גייען אַרײַן העכער 40 ווערק שעווטשענקאָס, דערין אויך די גרויסע דערציילונג „אַ שפּאַציר מיט פאַרגעניגן און ניט אָן מאָראַל״. שעווטשענקאָס פּאָעמעס, לידער און פּראָזע זײַנען ספּעציעל פאַר דער אויסגאַבע איבערגעזעצט געוואָרן פונעם כ׳ דאָוויד האָפּשטיין, ס׳ראָוו לויט שעווטשענקאָס אָריגינעלע מאַנוסקריפּטן. אינעם באַנד גייען אויך אַרײַן: לענינס אַרויסזאָגונגען וועגן שעווטשענקאָן; די טעזיסן פון קולטפּראָפּ צ.ק. קפּ(ב)או; אַרטיקל פונעם כ׳ זאַטאָנסקי וועגן שעווטשענקאָן; אַ גרעסערע אָפּהאַנדלונג וועגן שעווטשענקאָס לעבן און שאַפן, ספּעציעל געשריבן פאַר אונדזער אויסגאַבע פון כ׳ שאַבליאָווסקי (דירעקטער פון שעווטשענקאָ־אינסטיטוט); אַן אַרטיקל פון כ׳ לעוויטאַן: שעווטשענקאָ און די יידישע ליטעראַטור. אַכוץ דעם קומען ווי בײַלאַגעס: שעווטשענקאָס אויטאָביאָגראַפיע, ביבליאָגראַפיע פון שעווטשענקאָס שריפטן אין יידיש, אַרכיוו־מאַטעריאַלן (צווישן זיי טשערנישעווסקיס

און שעווטשענקאָס אופרופ קעגן אנטיסעמיטיזם) און קאָמענטארן, אויך א ביאָ־ביבליאָגראפישער לייטפאַדעם וועגן שעווטשענקאָס לעבן און שאַפן.

אין דער רעדקאָלעגיע פון דער גאנצער אויסגאבע גייען אריַין די כ"כ א. כוויליא (פארטרעטער פון פאָלקאָמבילד אוסרר), י. ליבערבערג, ב. הובערמאַן, מ. עריק, יע. שאבליאָווסקי, מ. לעוויטאַן. — דער שעווטשענקאָ־באנד דערשיַינט אָקטיאבער 1934.

אכוץ דער דאָזיקער אויסגאבע האָט די סעקציע פאר ליטעראטור און קריטיק אין צוזאמענהאנג מיטן שעווטשענקאָ־יובילײ אָפגעגעבן אין דרוק א גרויסע אָפּהאנדלונג וועגן שעווטשענקאָן פונעם כ׳ א. כוויליא (8 דרוק־בויגן), וואָס וועט דערשיַינען אין א באזונדער ביכל.

מיט די דאָזיקע אויסגאבעס ווערט אויך אָפּגעצייכנט די ענגערע פארבינדונג פון דער סעקציע מיטן שעווטשענקאָ־אינסטיטוט און אנדערע אוקראַיִנישע ליטעראַרישע אנשטאלטן און וויסנשאפטלער. לויט אן אָפּמאַך מיטן שעווטשענקאָ־אינסטיטוט (דירעקטער — כ׳ שאבליאָווסקי) וועלן אין הארבסט 1934 געלייענט ווערן אין שעווטשענקאָ־אינסטיטוט פאָרטראגן פון די וויסנש. טוער פון דער סעקציע וועגן דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראטור, וואָס וועלן דערשיַינען אין אוקראַיִניש, ווי אן אויסגאבע פונעם שעווטשענקאָ־אינסטיטוט, א ריי אוקראַיִנישע געלערנטע וועלן לייענען פאָרטראגן וועגן דער געשיכטע פון דער אוקראַיִנישער ליטעראטור אינעם אינסטיטוט פאר יידישער פראָלעטארישער קולטור.

## וויסנשאפטלעכע אויסגאבע פון דער עלטערער רעוואָליוציאָנערער דיכטונג.

אפ דער איַינלאדונג פון דער סעקציע איז אָנגעקומען קיין קיִעוו פון אמעריקע דער פראָלעטארישער געלערנטער כ׳ קאלמען מארמאָר מיטן ציל צו אָרגאַניזירן די ארבעט ארום א וויסנשאפטלעכער אויסגאבע פון דער עלטערער רעוואָליוציאָנערער דיכטונג (וינטשעווסקי, עדעלשטאט, באָוושאָווער, מ. ראָזענפעלד).

די גאנצע אויסגאבע איז פארפלאנירט אין 10 בענדער און ווערט צוגעגרייט דורכן אינסטיטוט פאר יידישער פראָלעטארישער קולטור פון דער אלוקראַיִנישער וויסנשאפטלעכער אקאדעמיע אין קיִעוו צוזאמען מיטן אינסטיטוט פאר יידישער פראָלעטארישער קולטור בא דער וויַיסרוסישער וויסנשאפטלעכער אקאדעמיע אין מינסק. עס זיַינען פארויסגעזען 6 בענדער ווינטשעווסקיס ווערק, א באנד עדעלשטאטס ווערק, א באנד באָוושאָווערס ווערק און צוויי בענדער ראָזענפעלדס ווערק. עס איז פארענדיקט געוואָרן און אינקורצן גייט אוועק אין דרוק דער עדעלשטאט־באנד מיטן פאָלגנדיקן אינהאלט:

1. ק. מארמאָר: עדעלשטאטס לעבן און ווירקונג (10 בויגן).
2. ש. בילאָוו: עדעלשטאטס דיכטונג.
3. עדעלשטאטס רוסישע לידער (אויסוואל פון קאָרעוו 50 רוסישע לידער עדעלשטאטס).
4. עדעלשטאטס יידישע לידער, פראָזע און פובליציסטיק.
5. עדעלשטאטס בריוו.

6. עדעלשטאט און דער יידישער ארבעטער־פאָלקלאָר (ארײַנפיר און טעקסט־אויסוואל פון כ׳ ז. סקודיצקי).

7. לייטפאָדעמ פון עדעלשטאטס לעבן און שאפן.

עדעלשטאט־ביבליאָגראפיע.

דער באנד וועט האלטן אנערעכ 60 בויגן; א ריי מאטעריאלן וועלן דאָ פארעפנט־לעכט ווערן צום ערשטן מאָל.

## טעקסטן־ביבליאָטעק פאר דער הויכשול.

די סעקציע איז צוגעטראָטן ארויסצוגעבן א סעריע „טעקסטן־ביבליאָטעק פאר דער הויכשול" — טעקסטן מיט גרעסערע ארײַנפיר־מאָנאָגראפיעס צו דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראטור אין 19־טן און 20־טן יאָרהונדערט. עס איז שוין דערשינען דער ערשטער באנד פון דער סעריע „די קאָמעדיעס פון דער בערלינער אופקלערונג" מיט א גרעסערן ארײַנפיר פון מ. ע ר י ק (12 בויגן). עס איז די טעג דערשינען דער צווייטער באנד פון דער סעריע: „פערעצ און די יאָנטעוו־בלעטלעך" (18 בויגן) מיט א גרויסער מאָנאָגראפיע (12 בויגן) פונעמ פארשטאָרבענעמ כאווער א. ר אָ ז ע נ־צ וו ײַ ג וועגן פערעצעס לעבן און שאפן ביזן יאָר 1897 און מיט אן אויסוואל פון פערעצעס פובליציסטיק אין זײַן ראדיקאלן פעריאָד (6 בויגן). דאָס איז די לעצטע ווערטפולסטע ארבעט פונעמ כ׳ ראָזענצווײַג, אן ארבעט, וואָס האָט א גרויסע באַ־דײַטונג פאר דער פערעצ־פאָרשונג. כ׳ ראָזענצווײַג האָט די לעצטע $1^1/_2$ יאָר פון זײַן לעבן אָנגעשטרענגט געארבעט אפ דער דאָזיקער טעמע אין ענגן קאָנטאקט מיט דער סעקציע פאר ליטעראטור און קריטיק. ס׳איז אָרגאניזירט געוואָרן די ארבעט ארום די ווײַטערדיקע בענדער פון דער סעריע: אן אויסוואל פון עטינגערס ווערק מיט אן ארײַנפיר פון כ׳ מ. עריק און א באנד געווידמעט דעמ „קיל מעוואסער".

## צווייטער באנד פון דער אקסענפעלד־אויסגאבע.

עס ווערט צוגעגרייט דער צווייטער (לעצטער) באנד פון דער אקאדעמישער אויסגאבע פון אקסענפעלדס ווערק אונטער דער רעדאקציע פון די כ״כ מ. וו י נ ע ר און מ. ע ר י ק. אינהאלט פון באנד:

1) אקסענפעלדס ביאָגראפיע — ש. באָראָוווי.

2) „מאַן און ווײַב" — ארײַנפיר ש. באָראָוווי.

3) „קאפצנ־אוישער־שפיל" — ארײַנפיר א. יודיצקי.

4) „שטערנטיכל" — ארײַנפיר מ. עריק.

5) "За двумя зайцами" — ארײַנפיר י. נוסינאָוו, יידישע איבערזעצונג ל. רעזניק.

6) עקסקורסן און קאָמענטארן פון די כ״כ באָראָוווי, מארגוליס, יודיצקי.

די סעקציע גרייט אויכ א וויסנשאפטלעכע אויסגאבע פון דער גאליצישער אנאָ־נימער „געגנארטער וועלט" אונטער דער רעד. פון כ׳ ווינער מיט אזא אינהאלט: פאָר־וואָרט — מ. ווינער און מ. עריק; טעקסט פון דער דראמע; גלאָסאר, צונויפגעשטעלט דורכ די כ״כ שטיפ און ווינער.

## מעטאָדאָלאָגישע ארבעט.

עס איז אָפּגעגעבן געוואָרן אין דרוק א זאמלונג אונטער דער רעדאקציע און מיט אן אריַינפיר פון כ׳ א. גורשטיין: „לענין וועגן פראגעס פון ליטעראטור“. עס איז די טעג דערשינען די אָפּהאנדלונג פונעם כ׳ ש. ביליאָוו: „מארקס און ענגעלס וועגן פראגעס פון ליטעראטור“.

## פּראָגראם־מעטאָדישע ארבעט.

די סעקציע האָט די לעצטע צוויי יאָר דורכגעפירט א רייע ארבעטן לויטן אויפטראָג פון פאָלקקאָמבילד אוסרר: אויסגעארבעט די פּראָגראמעס אף ליטעראטור פארן 5־טן, 6־טן, 7־טן און 8־טן לערניאָר. די דאָזיקע פּראָגראמעס זיַינען אָנגענומען געוואָרן אין גרונט אף דער אלפארבאנדישער מעטאָדישער בּאראטונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין כארקאָוו סאָף אפרעל 1933. די סעקציע האָט קאָנסולטירט און רעדאגירט די דערשינענע כרעסטאָמאטיעס און לערנביכער פארן צווייטן קאָנצענטער און געגומען אן אקטיוון אָנטייל אינעם צונויפשטעלן דעם לערנבוך פארן 8־טן לערניאָר (אוועקאָרן די כ״כ א. ראָזענצוויַיג און מ. עריק — די ייִדישע ליטעראטור אין דער עפּאָכע פון אינדוסטריִעלן קאפּיטאליזם, 25 דרוק־בויגן).

די סעקציע טרעט צו אויסצוארבעטן א פּראָגראם אף ליטעראטור פאר די הויכשולן און א פּראָגראם פאר די טעכניקומס. עס איז אויך אויסגעטיילט געוואָרן א קאָמיסיע אף צונויפשטעלן א מעטאָדיק פון ליטעראטור־לימעד. אין דער מיטלשול אין באשטאנד פון די כ״כ: מ. לעוויטאן, א. האָלדעס, מ. דובילעט און א. פּערעל־האָראָוויץ. דער פאָלקקאָמבילד אוסרר האָט באשטעטיקט די פּראָגראם פון דער פּאראָקטיאבערישער ייִדישער ליטעראטור פאר די הויכשולן, וואָס די סעקציע האָט צוזאמענגעשטעלט (די כ״כ עריק, לוריע, לעוויטאן, ביליאָוו).

## ארויספאָר־סעסיע פון דער סעקציע פאר ליטעראטור און קריטיק אין אָדעס (20—26־טן אפרעל 1934).

פינף טעג האָט געארבעט די ארויספאָר־סעסיע פון דער סעקציע פאר ליטעראטור און קריטיק באם אינסטיטוט פאר ייִדישער פּראָלעטארישער קולטור. עס זיַינען אין אָט דער קורצער ציַיט אָפּגעהאלטן געוואָרן פיר עפנטלעכע אָוונט־זיצונגען (אין קולטור־הויז, פּרעסע־הויז, הויז פאר געלערנטע) און צוויי באטאַגיקע זיצונגען אין פּעד־אינסטיטוט. סאכאקל זיַינען געלייענט געוואָרן זיבן וויסנשאפטלעכע פאָרטראגן, וואָס האָבן בּרייט ארומגעכאפּט פארשיידענע פּראָבלעמעס פון דער ליטעראטור־פאָרשונג.

די סעסיע האָט באוויזן צו שאפן אן אקטיוו פון קאָרעוו 300 צוהערער, וואָס האָט געשפּאנט און מיט אינטערעס נאָכגעפאָלגט אָוונט נאָך אָוונט די פּאָרטראגן און דעבּאטן.

די ערשטע פיַיערלעכע זיצונג פון דער סעסיע אין קולטור־הויז, דעם 20־טן אפּרעל, האָט צוגעצויגן א גרויסן אוילעם פון איבער 500 מענטשן ארבקאָרן, שריַיבער, קולטורטוער, לערער, סטודענטשאפט, און איז געווען געווידמעט די דערגרייכונגען פון דער סאָוועטישער ייִדישער וויסנשאפט בּיכלאל און פונעם קיִעווער אינסטיטוט פאר ייִדישער פּראָלעטארישער קולטור בּיפראט. דעם פּאָרזיץ האָט געפירט דער דירעקטער פון אָדעסער פּעד. אינסטיטוט, כ׳ טראטשעווסקי.

אינ די באגריסונגענ פונ א ריי כאווײרימ — פונעמ פאָרשטייער פונ קולטפּראָפּ פונעמ געגנטקאָמ קפּ(ב)או — כ' וישנעפּאָלסקי, פונעמ פּעד. אינסטיטוט — כ' מעלאמעד, פונעמ געגנטפּראָפּראט — כ' בײגלפּאָר, פונ דער רעדאקציע „אָדעסער ארבעטער" — כ' אליק, פונ געגנטפּאָלקאָמבילד — כ' קאָוואלטשוק אונ אנד. איז פארצייכנט געוואָרנ די אויסגעוואקסענע באדײַטונג אונ אווטאָריטעט פונעמ קיִעווער אינסטיטוט פאר ייִדישער פּראָלעטארישער קולטור אינ רעזולטאט פונ זײַנ אקטיווג אָנטייל אינ דער סאָציִאליסטישער בויונג אונ ענגערער פארבינדונג מיט די מאסנ. אלע רעדנער האָבנ אונטערגעשטראָכנ די גרויסע באדײַטונג פונ אזא מינ פאָרמ פונ פארטיפערטער מאסנ־ארבעט, ווי די ארויספאָר־סעסיע פונ דער סעקציע פאר ליטעראטור אונ קריטיק. די כאווײרימ האָבנ אויכ ארויסגעשטעלט א גאנצע ריי פאָדערונגענ צומ אינסטיטוט אפ די פארשיידנסטע געביטנ פונ סאָציִאל־עקאָנאָמישער, היסטאָרישער, פּעדאגאָגישער, ליטערארישער אונ לינגוויסטישער פאָרשונג אונ האָבנ אונטערגעשטראָכנ די נייטיקײַט אָפּטער צו אָרגאניזירנ ענלעכע ארויספאָרנ אויכ פונ אנדערע סעקציעס פונעמ אינסטיטוט. עס איז אויכ פאָרגעלייגט געוואָרנ א פּראָיעקט צו אָרגאניזירנ א פארייניקונג פונ די אָדעסער וויסנשאפטלער, וואָס ארבעטנ אפ די זעלביקע געביטנ, איבער וועלכע עס זאָל נעמענ שעפטומ דער קיִעווער אינסטיטוט.

א לענגערנ אינהאלטרײַכנ פאָרטראג וועגנ די דערגרייכונגענ אונ אויפגאבעס פונ דער סאָוועטישער ייִדישער וויסנשאפט האָט געהאלטנ דער כאווער מ. עריק.

מיט א ריי ציפערנ דעמאָנסטרירט דער כ' עריק דעמ שטורמישנ וווקס פונ דער קולטור־ארבעט אפ ייִדיש אינ די פארשיידנסטע צווײַגנ אונ געביטנ, וואָס איז א רעזולטאט פונ די גוואלדיקע דערגרייכונגענ פונ דער פּארטיי אונ ראטנמאכט אפ אלע געביטנ פונ דער סאָציִאליסטישער בויונג. אפ בולטע בײַשפּילנ ווײַזט דער פאָרטרעגער דעמ אונטערגאנג אונ פוילונג פונ דער בורזשואזער ייִדישער וויסנשאפט אינ די קאפּיטאליסטישע לענדער אונ שטעלט זיי קעגנ דעמ קאָלאָסאלנ וווקס אונ אנטוויקלונג פונ דער סאָוועטישער ייִדישער וויסנשאפט. דער כ' עריק האָט גענוי באלויכטנ די דערגרייכונגענ אונ די ארבעט פונעמ קיִעווער אינסטיטוט פאר ייִדישער פּראָלעטארישער קולטור.

דעמ 21־טנ אינאָווּנט איז אינ פּרעסע־הויז פאָרגעקומענ די צווייטע זיצונג פונ דער ארויספאָר־סעסיע. מיט א גרעסערנ פאָרטראג אפ דער טעמע „דער סאָציִאליסטישער רעאליזמ אונ די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראטור" איז ארויסגעטראָטנ דער כ' האָלדעס.

דער כ' האָלדעס האָט געגעבנ א ריי טעאָרעטישע גרונט־אײַנשטעלונגענ וועגנ דעמ טאָכ פונ סאָציִאליסטישנ רעאליזמ אינ פארגלײַכ מיטנ בורזשואזנ רעאליזמ, דערנאָכ איז ער אריבערגעגאנגענ צו פּראָבלעמעס פונ דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור.

דער כ' האָלדעס האָט אָנגעמערקט די נײַע אײַנשטעלונג, פּראָבלעמאטיק אונ טעמאטיק פונ דער סאָוועטישער ליטעראטור אינ פארגלײַכ מיט דער פאראָקטיאבערדיקער ייִדישער בורזשואזער אונ קליינבירגערלעכער ליטעראטור. ער האָט אפ א ריי בײַשפּילנ, גרופּירט ארומ אייניקע קנופּ־פּראָבלעמעס, דעמאָנסטרירט דעמ וווקס פונ דער נײַער סאָוועטישער, סאָציִאליסטישער קוואליטעט פונ דער ליטעראטור. אינעמ

צווייטנ טייל פונ זײַנ פאָרטראג האָט דער כ׳ האָלדעס כאראקטעריזירט די עלעמענטנ פונ סאָציִאַליסטישנ רעאליזמ אינ די צוויי גרונט־וואנערגנ פונ דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור — אינ דער פּאָעזיע אונ אינ דער פּראָזע. ער האָט זיכ באזונדערס אָפּגעשטעלט אפ די שוועריקײַטנ, אפ די „שמאָלע“ ערטער פונ דער ליטעראטור, אפ דעמ אָפּשטײַנ פונ דער ליטעראטור, אפ דעמ, וואָס עס שטערט דעמ וווקס פונ סאָציִאַליסטישנ רעאליזמ, דערבײַ זײַנענ באריהרט געוואָרנ א ריי פראגעס אונ פראָבלעמעס (וועגנ דער סאטירע, וועגנ דער פּאָעמע, וועגנ נײַער בילדערישקײַט אונ עמאָציִאָנעלקײַט, וועגנ פאלשנ ראָמאנטיזמ אונ נאטוראליזמ א. אנד.).

דער פאָרטראג האָט ארויסגערופנ א לעבהאפטע דיסקוסיע. עס זײַנענ ארויסגעטראָטנ די כ״כ עריק, נאָטע לוריע, וואָראָבײטשיק, אבטשוק, בילאָוו. אונטערשטרײַכנדיק דעמ באטײַט פונעמ פאָרטראג, האָבנ די כאווײרימ אינ פיל מאָמענטנ דערגאנצט דעמ כ׳ האָלדעס, אָנגעוויזנ אפ א ריי ערטער אינ זײַנ ארבעט, וואָס פאָדערנ א פארטיפערטע באארבעטונג אונ אויכ ארויסגערוקט א גאנצע ריי נײַע מאָמענטנ. באזונדערס האָבנ די כ״כ אונטערגעשטראָכנ די נייטיקײַט פונ באָלשעוויסטישנ קאמפ פאר דער קוואליטעט פונ דער ליטעראטור, טאקע אינ פארבינדונג מיטנ לאָזונג פונ סאָציִאליסטישנ רעאליזמ.

אפ דער דריטער אָוונטיקער זיצונג האָט כ׳ אבטשוק פאָרגעלייענט זײַנ ארבעט וועגנ ד. בערגעלסאָנס „באמ דניעפּער“. דער פאָרטרעגער האָט אנאליזירט דאָס דאָזיקע ווערק פונעמ שטאנדפונקט פונ קולטור־ירושע אונ געשטעלט די פראָבלעמ פונ שאָלעמ־אלייכעמישנ עלעמענט אינ „באמ דניעפּער“, דורכפירנדיק א פארגלײַכ צווישנ שאָלעמ־אלייכעמס ראָמאנ „סענדער בלאנק“ אונ אנדערע ווערק אונ „באמ דניעפּער“. דער פאָרטראג האָט ארויסגערופנ לעבהאפטע דעבאטנ, אינ וועלכע ס׳האָבנ זיכ באטייליקט די כאווײרימ מ. עריק, ש. בריאנסקי, האָלדעס, פליכ, ליובארסקי אונ אנד. אינ די דעבאטנ איז אונטערגעשטראָכנ געוואָרנ די אומגעהײערע נייטיקײַט פונ א גאנצער ריי אזעלכע אויספאָרשונגענ, וואָס וועלנ העלפנ גענויער אויסשיילנ דעמ מעהוס פונעמ סאָציִאליסטישנ רעאליזמ. ס׳איז אויכ אָנגעוויזנ געוואָרנ, אז דער ראָמאנ „באמ דניעפּער“ פארדינט אנ אלזײַטיקנ אויסשעפּנדיקנ אנאליז, וואָס קאָנ זײַנ זייער באלערעוודיק פאר דער סאָוועטישער ליטעראטור, אונ אז די ארבעט פונ דעמ כ׳ אבטשוק דארפ דעריבער פארברייטערט אונ פארטיפערט ווערנ, קעדיי זי זאָל פארענטפערנ אלע וויכטיקסטע פראָבלעמעס, וואָס עס זײַנענ אינ איר געשטעלט געוואָרנ.

אפ דער פערטער אָוונטיקער זיצונג האָט דער כ׳ בריאנסקי געהאלטנ א פאָרטראג אפ דער טעמע „פעפערס שאפונג אינעמ אופשטעל־פעריִאָד“. אפנ פאָנ פונ א ברייטנ אנאליז פונ דעמ „שטראָמ“־פעריִאָד אינ דער סאָוועטישער ליטעראטור האָט דער כ׳ בריאנסקי גענוי פאנאנדערגעקליבנ פעפערס ערשטנ דיכטערישנ מאניפעסט פונ דער פראָלעטארישער ליטעראטור, דאָס בוכ „וועגנ זיכ אונ אזוינע ווי איכ“, וואָס איז געווענ באוווסטזיניק קעגנגעשטעלט דעמ „אייגנס־שטראָמ“־נוסעכ. דער פאָרטרעגער האָט אויכ אנאליזירט פעפערס ווײַטערדיקע ווערק: „פראָסטע טריט“ אונ א „שטיינ צו א שטיינ“. דער פאָרטראג איז איליוסטרירט געוואָרנ מיט א רײַכנ פאקטישנ מאטעריאל.

אפ דער ערשטער מאָרגן־זיצונג פונ דער סעסיע אינ פעד. אינסטיטוט זײַנען אויסגעהערט געוואָרנ די פּאָרטראגנ פונ די כאווײרימ מ. עריק אונ ק. מאר־מאָר.

דער כ׳ מ. עריק האָט געלײענט א פּאָרטראג אפ דער טעמע: „ש. עטינגערס שאפונג״. דער פּאָרטרעגער האָט געגעבנ אנ אויסשעפנדיקע מארקסיסטישע כאראקטע־ריסטיק דעמ האסקאָלע־פּעריאָד פונ דער ייִדישער ליטעראטור אונ אברייטנ גענויעמ אנאליז פונ עטינגערס שאפנ, וואָס איז באגלייט געוואָרנ מיט זייער אינטערעסאנטע ליטעראריש־געשיכטלעכע עקסקורסנ אינ פארבינדונג מיט עטינגערס זשאנרענ (מאָשל אונ דראמע).

דער כ׳ ק. מארמאָר האָט געלײענט א פּאָרטראג וועגנ ד. עדעלשטאטס לעבנ אונ שאפנ. דער כ׳ מארמאָר האָט אָנגעוואָרפנ א בוילעט בילד פונעמ קלאסנ־קאמפ אינ אמעריקע אינ יענער צײַט אונ אפ דעמ פאָנ אויסגעקלאָרט די ראָליע פונ עדעלשטאטס שאפונג. דער פּאָרטראג איז אילוסטרירט געוואָרנ מיט פיל נײַע מאטער־יאלנ, וואָס זײַנענ ביז איצט אינ ערגעצ ניט פארעפנטלעכט געוואָרנ.

די פּאָרטראגנ פונ די כאווײרימ עריק אונ מארמאָר זײַנענ אויסגעהערט געוואָרנ פונ דער לערערשאפט אונ סטודענטשאפט מיט א גרויסנ אינטערעס אונ האָבנ ארויסגערופנ א גרויסע צאָל פראגעס, וואָס זײַנענ פארענטפערט געוואָרנ אינ די שלוס־ווערטער פונ די פּאָרטרעגער.

אפ דער לעצטער באטאָניקער זיצונג האָבנ געלײענט זײערע פּאָרטראגנ די כ״כ בילאָוו — מארקס אונ ענגעלס וועגנ לאסאלס דראמע „פראנצ פאָנ־זיקינגענ״ אונ דער כאווער פּאָמעראנצ — לײוויקס „וואָכ״. דער כ׳ בילאָוו האָט אינ זײַנ פּאָרטראג געשטעלט א רײ וויכטיקע מעטאָדאָלאָגישע פּראָבלעמעס, וואָס זײַנענ בא הײַנטיקנ טאָג זייער אקטועל פאר דער סאָוועטישער ליטעראטור. דער כ׳ פּאָמע־ראנצ האָט געגעבנ א לעבעדיק בילד פונ דער בורזשואז־פאשיסטישער ליטעראטור אינ אמעריקע אונ דעמ קאמפ פונ דער לײוויק־גרופּע קעגנ דער קאָמפארטײ אונ קעגנ דער פּראָלעטארישער דיכטונג.

די ארויספאָר־סעסיע האָט אויכ דורכגעפירט א היפּשע געזעלשאפטלעכע ארבעט: אויספירלעכ באקאנט זיכ מיטנ צושטאנד פונ מענדעלע־מוזיי; דורכגעפירט אנ אָוונט, געווידמעט דעמ 2־טנ יאָרטאָג פונ דער באשטימונג פונ צ. ק. פארנ 23־טנ אפּרעל 1932־טנ יאָר, אינעמ ייִדישנ לאנדווירטשאפטלעכנ אינסטיטוט.

דער אָוונט אינעמ לאנדווירטשאפטלעכנ אינסטיטוט איז דורכגעגאנגענ מיט אנ אויסשליסלעכנ דערפאָלג. דער אויספירלעכער, אפ א קאָנקרעטנ מאטעריאל באגרינ־דעטער פּאָרטראג פונעמ כ׳ עריק וועגנ דער אנטוויקלונג פונ דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראטור פאר די לעצטע צווײ יאָר איז אויסגעהערט געוואָרנ פונעמ פול־געפאקטנ זאל מיט א גרויסנ אינטערעס. עס זײַנענ אויכ ארויסגעטראָטנ די כ״כ האָל־דעס, מארמאָר, אבטשוק. האָלדעס האָט אונטערגעשטראָכנ די באזונדערע באדײַטונג פונ דער שײנער ליטעראטור פאר די טוער פונ דער סאָציאַליסטישער לאנדווירטשאפט; דער כ׳ אבטשוק האָט גערעדט וועגנ דעמ צושטאנד פינ אונ־דזער ליטעראטור נאָכנ היסטאָרישנ באשלוס פונעמ צ. ק. עס זײַנענ אויכ ארויסגע־טראָטנ פאָרשטײער פונ דער לעקטור אונ סטודענטשאפט.

א באזונדערנ אינטערעס האָט ארויסגערופנ די אינפאָרמאציע פונעמ כ׳ מארמאָר וועגנ דעמ קלאסנקאמפ אינ אמעריקע אונ וועגנ דער טעטיקײַט פונ דער אמעריקאנער קאָמפארטיי. מיט הייסע לאנגדויערנדיקע אפלאָדיסמענטנ האָט די גאנצע פאוזאמלונג באגריסט אינ פערזאָנ פונעמ כ׳ מארמאָר אונדזער ברידערלעכע קאָמפארטיי אונ די רעוואָליוציאָנערע ארבעטנדיקע מאסנ פונ אמעריקע.

צום שלוס זײַנענ ארויסגעטראָטנ מיט זייערע נײַסטע ווערק אונ מיט רעדעס די אָדעסער שרײַבער: נ. לוריע, הובערמאנ, לאָפאטע אונ העלמאָנד.

(באריכט פונעמ „אָדעסער ארבעטער" 28.4, 1934)

## מאסנ־ארבעט.

די סעקציע פאר ליטעראטור אונ קריטיק פירט א סיסטעמאטישע צעצווײַגטע מאסנ־ארבעט.

אינ משך פונ די כאדאָשימ יאנואר—מײַ 1934 האָט די סעקציע דורכגעפירט פאָלגנדיקע ליטעראַרישע מאסנ־אָוונטנ.

1) דעמ 17־טנ מארט — אָוונט געווידמעט שעווטשענקאָס שאפנ. מיט א גרויסנ פאָרטראג איז ארויסגעטראָטנ דער דירעקטער פונ שעווטשענקאָ־אינסטיטוט כ׳ שאבליאָווסקי. נאָכנ פאָרטראג איז פאָרגעקומענ א גרויסער קאָנצערט. מיט רעציטאציעס פונ שעווטשענקאָס ווערק זײַנענ ארויסגעטראָטנ די ארטיסטנ פונ אלוקראינישנ ייִדישנ קינדער־טעאטער אונ דער ייִד. וואָקאנס אונטער דער אָנפירונג פונ כ׳ שיינינ.

2) דעמ 6־טנ אפרעל — פאָרטראג פונ כ׳ ווינער אפ דער טעמע: „סאָציאַליסטישער רעאליזמ".

3) דעמ 30־טנ אפרעל פאָרלעזונג (דורכנ אווטער) פונ זיסקינד ליעווס פיעסע „דער שטרײַק פונ די שניטער" אונ א ברייטע באהאנדלונג פונ דער פיעסע דורכ די קיעווער שרײַבער אונ ארטיסטנ.

4) דעמ 25—26־טנ מײַ פאָרטראג פונ כ׳ עריק: „די סאָוועטישע ייִדישע פראָזע אפנ וועג צומ סאָצ. רעאליזמ" (צוויי אָוונטנ).

אהער דארפ מענ אויכ פארעכענענ דעמ פעפער־פלענומ, וואָס האָט פארנומענ דרײַ אָוונטנ (15, 16, 17־טנ פעווראל. וועגנ פלענומ זע אויבנ) אונ די ארויספאָר־סעסיע קיינ אָדעס, ווו סע זײַנענ געלייענט געוואָרנ 8 פאָרטראגנ (זע אויבנ).

אינ משך פונ דעמ זעלבנ פעריאָד זײַנענ אינ סעקציע פאָרגעקומענ א ריי עפנטלעכע פאָרלעזונגענ.

1) דעמ 13־טנ אפרעל — כ׳ אבטשוק: אָשער שווארצמאנ.

2) דעמ 15־טנ מײַ — כ׳ לעוויטאנ: שעווטשענקאָ אונ די ייִדישע ליטעראטור.

די וויסנשאפטלעכע טוער אונ אספיראנטנ פונ דער ליטסעקציע פירנ אָנ מיט ליטקרײַזלעכ אפ פאָלגנדיקע אונטערנעמונגענ:

1) כ׳ אבטשוק — 1־טע שוכ־פאבריק.

2) כ׳ בריאנסקי — נײַ־פאבריק אינ נאָמענ גאָרקי.

3) כ׳ גאָנטאר — נײַ־פאבריק אינ נאָמענ גאָרקי.

4) כ׳ עליע קאהאנ — פ. ז. שול אינ נאָמענ פונ ראטמאנסקי.

5) כ׳ בילאָוו — פירט אָנ מיט דער ליט. סטודיע פאר שרײַבער־אָנפאנגער. א סיסטעמאטישנ אָנטייל אינ דער ארבעט מ׳ט די אָנפאנגער נעמענ די כ״כ וועלעד־ניצקי, הארצמאנ אונ זאבארע.

אינ אָרדענונג פונ צוגרייטונג צו דער אלפאבאנדישער יידישער שרײַבער־באראַטונג האָבנ די וויסנשאפטלער אונ אספיראנט פונ דער ליטסעקציע דורכגעפירט א ריי פאָרטראגנ אפ אונטערנעמונגענ אונ ווינקאָפנ.

1) כ׳ אבטשוק — די 1־טע שוכ־פאבריק.

2) כ׳ בילאָוו — 6־טער לעדער־זאוואָד.

3) כ׳ סקודיצקי — 4־טער לעדער־זאוואָד.

4) כ׳ זאבארע — טריקאָטאזש־פאבריק.

5) כ׳ וועלעדניצקי — וועבער־פאבריק, ניי־פאבריק „אינדפאָשיוו", ווינקאָפ.

6) כ׳ הארצמאנ — קלוב פונ די בויער.

די סעקציע האָט גענומענ אָנטייל אינ צוויי גרויסע לייענער־קאָנפערענצנ, אײַנגעאָרדנט אינ ווינטשעווסקי־ביבליאָטעק (פאָרטרעגער — כ׳ עריק).

די סעקציע נעמט אנ אקטיוונ אָנטייל אינ דער ארבעט פונ דער ביבליאָגראפישער צענטראלע באמ אינסטיטוט אינ דערלערנענ די ליטעראַרישע אינטערעסנ פונ ארבעטער־לייענער.

## באשטאנד פונ דער סעקציע אונ אספיראנטור.

די סעקציע ארבעט הײַנט צו טאָג מיטנ פאָלגנדיקנ באשטאנד: מ. עריק (פארוואלטער), מ. לעוויטאנ, ק. מארמאָר, א. אבטשוק, ש. בילאָוו. די סעקציע פארמאָגט 6 אספיראנטנ (2 פארטייִשע, 1 קאָמיוגיסט). 3 פונ זיי ארבעטנ שוינ אלס אסיסטענטנ אינ דעמ פעד. אינסטיטוט, 3 האָבנ גרעסערע ארבעטנ, וואָס זײַנענ אָנגענומענ געוואָרנ צומ דרוק. האיאָר איז בא דער סעקציע געגרינדעט געוואָרנ אנ אספיראנטישע שרײַבער־גרופע מיטנ ציל צו העכערנ די ליטעראַרישע אונ וויסנשאפטלעכע קוואליפיקאציע פונ יונגע שרײַבער. עס זײַנענ אָנגענומענ געוואָרנ אינ דער גרופע 5 שרײַבער (איינ מיטגליד פונ דער פארטיי, 2 קאָמיוגיסטנ): הארצמאנ, שטורמאנ, גאָנטאר, עליע קאהאנ, זאבארע. אזויארומ, האָט די סעקציע אינגאנצנ גענומענ 11 אספיראנטנ.

די אספיראנטנ מאכנ דורכ פאָלגנדיקע סעמינארנ:

אלגעמיינע (צוזאמענ מיט די אספיראנטנ פונ די איבעריקע סעקציעס): דיאַמאט, היסטמאט, יידישע געשיכטע, דײַטש.

ספעציעלע: מעטאָדאָלאָגיע פונ ליטעראטור, סאָוועטישע יידישע ליטעראטור, פאראָקטיאבערישע יידישע ליטעראטור, מײַרעוו־אייראָפּייִשע ליטעראטור, פּאָעטיק.

די אספיראנטישע שרײַבער־גרופע האָט סיסטעמאטישע פארנעמונגענ אינ א ספעציעלער שרײַבער־סטודיע. אינ דער סטודיע ווערנ אויסגעהערט אונ פאנאנדערגעקליבנ רעפעראטנ פונ די אספיראנטנ־שרײַבער, ס׳ווערנ אויכ באהאנדלט די ווערק, אפ וועלכע זיי ארבעטנ איצט. מיט דער סטודיע פירט אָנ כ׳ מ. עריק.

# אין דער היסטאָרישער סעקציע

אין דער ארבעט פונ דער היסטאָרישער סעקציע איז האיאָר פאָרגעקומענ א באַ־דייַטנדיקער איבערבראָכ. נאָכ א לאנגדויערנדיקנ קריזיס ארבעט די סעקציע פונ טאָג צו טאָג אלץ אינטענסיווער אונ פלאנמעסיקער, פארווירקלעכנדיק אינ לעבנ ניט נאָר די פלענער פונ האיאָר, נאָר אויכ די זייער וויכטיקע באשלוסנ, וואָס זיַינענ אָנגענו־מענ געוואָרנ אפ דער פארייניקטער זיצונג פונ פרעזידיום פונ אינסטיטוט אונ ביוראָ פונ פארטיי־קעמערל וועגנ דער היסטאָרישער סעקציע זומער פאָריקנ יאָר. די דאָזיקע גוט דורכגעטראכטע באשלוסנ דיגענ איצט אלס אנ אויסגאנג־פונקט פאר א ריי אונ־טערנעמונגענ אינ דער ארבעט פונ דער סעקציע. דער פארלאג־פלאנ פונ דער סעקציע אפנ 1934־טנ יאָר דריקט זיכ אויס בעערעכ אינ 50 דרוקבויגנ, אריַינרעכענענדיק אהער די 20 בויגנ פונ ליבערמאנ־ארכיוו. דער פלאנ באשטייט פונ אזוינע ארבעטנ: כ׳ כ א־ ב ע נ ס ק י ס „די יידישע קליינבירגערלעכע פארטייענ אינ דער צענטראלער ראדע״, כ׳ י ו ד י צ ק י ס „די יידישע בורזשואזיע אונ דער יידישער פראָלעטאריאט אינ דער ער־שטער העלפט 19־טנ יאָרהונדערט״ (צווייטע אויסגעבעסערטע אופלאגע), „עטיודנ אונ מאטעריאלנ צו דער געשיכטע פונ באָלשעוויזמ אינ דער יידישער סוויווע״, וואָס ווערט געגרייט פונ א ברייגאדע מיטארבעטער פונעמ קיעווער היסטאָרישנ ארכיוו אונטער דער אָנפירונג פונ כ׳ כ י נ ט ש י נ, אונ א „היסטאָרישער זאמלבוכ״.

איינע פונ די וויכטיקסטע אונטערנעמונגענ פונ דער סעקציע איז די ארבעט אי־בער דער סאָוועטישער דאָקומענטאציע, ד. ה. איבער דעמ זאמלענ אונ קאָפירנ דאָ־קומענטנ (דעקרעטנ, פאראָרדענונגענ, עקאָנאָמ־סטאטיסטישער מאטעריאל, איבערזיכטנ), וואָס איליוסטרירנ די ארבעט פונ דער קאָמפארטיי אונ ראטנמאכט צווישנ די יידישע ארבעטנדיקע מאסנ. די דאָזיקע דאָקומענטנ־זאמלונג וועט באשטיינ פונ עטלעכע בענדער. די ארבעט ארומ דער דאָקומענטאציע פירט זיכ אפ צוויי אויפאנימ: פונ איינ זיַיט, ווערנ די מאטעריאלנ ארויסגענומענ פונ דער פעריאָדיק (אָנהייבנדיק פונ אָקטיאבער 1917), פונ זאמלביכער פונ מעלוכישע פאראָרדענונגענ א. אז. וו. פונ דער צווייטער זיַיט, פירט זיכ צוליב קאָנטראָל אונ איגפאָרמאציע א דיסקאָנט פונ אידענטישע אָדער אנאלאָגישע דאָקומענטנ, וואָס זיַינענ שוינ פארעפנטלעכט געוואָרנ אינ פארשיידענע זאמלונגענ. א צווייטע דאָקומענטאלע אונטערנעמונג פונ דער סעקציע וועט פאָרשטעלנ די פובליקאציע פונ ליבערמאנ־ארכיוו, וואָס האָט מיטגעבראכט מיט זיכ פונ אמעריקע כ׳ מ א ר מ אָ ר. די ליבערמאנ־אויסגאבע פראָיעקטירט זיכ אינ דריַי בענדער: 1) וועגנ ליבערמאנענ, 2) ליבערמאנס בריוו אונ בראָשורנ, 3) ליבערמאנ אונ זיַינע צייַט־גענאָסנ (קאָרעספאָנדענצ, מעמוארנ א. ד. גל.). דער מאטעריאל ווערט איצט אינטענסיוו

צוגעגרייט צומ דרוק. ס'זײַנען שוינ דורכגעקאָנטראָלירט און קאָנפראָנטירט אַלע טעקסטנ פונ די בריוו און בראָשורנ, איבערגעזעצט די נייטיקע מאטעריאלנ

א. ד. גל.

זייער א וויכטיקע ארבעט, וואָס ס'פירט איצט דורכ די סעקציע, איז די ארבעט איבער דער פראָגראמ פאר געשיכטע פונ ייִדנ אינ דער מיטל־און הויכשול. צוליב אויסארבעטנ די דאָזיקע פראָגראמ פראָיעקטירט די סעקציע צונויפרופנ סאָפ 1934 אָנהייב 1935 א ספעציעלע באראטונג. אינ גרונט פונ דער פראָגראמ ווערנ געלייגט די פראָיעקטנ פונ די כ"כ הייליקמאנ און מארגאָליס. קעדיי צוגרייטנ מאטעריאלנ צו דער באראטונג איז איינגעשטעלט געוואָרנ א פארבינדונג מיט א ריי הויכ־און מיטלשולנ פונ אוקראינע. די נאָענטסטע צײַט וועט אויכ צעשיקט ווערנ אפ די ערטער צומ באהאנדלענ דער פראָיעקט פונ דער פראָגראמ.

די ארבעט מיט די אספּיראנטנ האָט זיכ אײַנגעגעבנ צו נאָרמאליזירנ, די סעמינארנ גייענ רעגולער, די אספּיראנטנ זײַנענ ענג פארבונדנ מיט דער גאנצער ארבעט פונ דער סעקציע, באטייליקנ זיכ אינ דער הילפסוויסנשאפטלעכער ארבעט, טרעטנ צו צו זעלבשטענדיקער פאָרשערישער ארבעט.

דאָס דערציִענ נײַע קאדרענ גייט ניט נאָר לויט דער אספּיראנטנ־ליניע. די סעקציע האָט זיכ גענומענ שאפנ ארומ זיכ אנ אקטיוו פונ לערער און סטודענטנ, וואָס האלטנ בא ענדיקנ די הויכשול. פונ זיי רעכנט די סעקציע מיט דער צײַט שעפנ קאנדידאטנ פאר דער אספּיראנטור.

די הילפסוויסנשאפטלעכע ארבעט פונ דער סעקציע שליסט זיכ אָרגאניש אײַנ אינ דעמ אלגעמיינעמ פלאנ פונ איר פאָרשונג־ארבעט. ס'האָט זיכ אײַנגעגעבנ די לעצטע כאדאָשימ שאפנ בא דער סעקציע א היסטאָרישנ קאבינעט, וואָס הייבט אָנ פארנעמענ איינע פונ די ערשטע ערטער צווישנ די הילפסוויסנשאפטלעכע אנשטאלטנ פונ אינסטיטוט. דער קאבינעט פארמאָגט א נייטיקע האנט־ביבליאָטעק פונ ביכער און פעריאָדיק. ס'פונקציאָנירט א קאָנסולטאציע פאר לערער און פראָפּאגאנדיסטנ איבער פראגעס פונ געשיכטע פונ ייִדנ און פונ פארטיי־געשיכטע. ס'פירט זיכ א באדײַטנדיקע ביבליאָגראפישע ארבעט—ס'זײַנענ פאראנ שוינ ביבליאָגראפישע קארטאָטעקעס און איבערזיכטנ איבער די פראגעס פונ היסטאָריאָגראפיע אינ דער בורזשואזער ייִדישער ביזמילכאָמיקער און הײַנטצײַטיקער פעריאָדיק, איבער ליטעראטור צומ יאָרטאָג פונ דער אימפעריאליסטישער מילכאָמע, אויכ אָנהייבנ פונ דער ביבליאָגראפיע פונ דער ארבעטער־באוועגונג.

די סעקציע און דער אינסטיטוט ביכלאל האָט זיכ אויכ שטארק פארנומענ מיטנ ייִד. סעקטער פונעמ קיִעווער היסטאָרישנ ארכיוו. די דירעקציע פונ אינסטיטוט האָט צוזאמענ מיטנ ארכיוו אָנגעגעבנ א ספעציעלנ מעמאָראנדומ דער צענטראלער ארכיוו־פארוואלטונג וועגנ פארוואנדלענ דעמ ייִד. סעקטער אינ א זעלבשטענדיקנ ייִדישנ היסטאָרישנ ארכיוו. דער איניענ ווערט איצט באטראכט אינ ראטספּאָלקאָמ אוסרר. פארנ פראָיעקטירטנ ארכיוו האָט דער אינסטיטוט אויסגעטיילט דעמ געהעריקנ רוימ אינ זײַנ געבײַדע און אזויארומ וועט זיכ די ארכיוו־ארבעט (וואָס וועט אזוי אָדער אנדערש סײַווי שטארק פארברייטערט ווערנ) ענגער פארבינדנ מיט דער גאָרער ארבעט פונ דער היסטאָרישער סעקציע.

# אין דער סעקציע פאר בירעבידזשאנ־קענטעניש

דער אינסטיטוט האָט זיך די גאנצע צײַט אינטערעסירט מיט בירעבידזשאן. נאָך אין 1932 י. האָט ער אופגעהויבן די פראגע וועגן אָרגאניזירן אין בירעבידזשאן אן אָפּטײלונג פון דער אלפארבאנדישער וויסנשאפטלעכער אקאדעמיע (אָדער ריכטיקער — פון איר ווײַסרוסיש־ווײַטמיזרעכדיקן פיליאל). דעם זומער פונעם זעלבן יאָר האָבן באזוכט בירעבידזשאן דער דירעקטאָר פונעם אינסטיטוט כ׳ ליבערבערג און דער וויסנשאפטלעכער מיט־ארבעטער כ׳ הובערמאן.

די דאָזיקע נעסיע האָט פארשטארקט די פארבינדונג פונעם אינסטיטוט מיט בירע־בידזשאן. סאָף 1932 האָט דער אינסטיטוט קאָמאנדירט אפ שטענדיקער ארבעט אין בירעבידזשאן זײַנע דרײַ אספיראנטן, די כ״כ גאָלדפײַן, ראבינאָוויטש און קאָרמאן, וואָס פירן דאָרטן די גאנצע צײַט אן אָנגעזעענע קולטור־ארבעט. אין 1933 האָט דער אינסטיטוט געשיקט אהין זײַן פארוואלטער מיטן פרעסע־ארכיוו דעם כ׳ עליאָוויטש, א קוואליפיצירטן ביבליאָגראף און פּאָליטופקלער־טוער, וואָס האָט דאָרטן אָרגאניזירט די צענטראלע ראיאָנישע ביבליאָטעק.

דער אינסטיטוט האָט אָרגאניזירט א ביכער־זאמלונג פאר בירעבידזשאן און איבערגעשיקט אהין עטלעכע טויזנט ביכער און ביבליאָטעק־אויסשטאטונג. נאָך טויזנ־טער צונויפגעזאמלטע ביכער ווארטן, ביז די ביבליאָטעק וועט באקומען א גרעסערע געבײַדע און וועט זיי קענען אופנעמען.

דאָס אלץ איז אָבער ווייניק. בירעבידזשאן פאָדערט מער, און לויט דער איניציאַ־טיוו פונעם אינסטיטוט האָט דער פאָלקקאָמבילד פון אוסרר באשטעטיקט אפן 1934־טן יאָר באם אינסטיטוט א סעקציע פאר בירעבידזשאנ־קענטעניש.

## די אופגאבעס פון דער סעקציע

די סעקציע האָט זיך אָרגאניזירט אין פעברואל כוידעש. אפ אָנצופירן מיט איר איז אײַנגעלאַדן געוואָרן דער כ׳ קאדישעוויטש, וואָס האָט געארבעט א לענ־גערע צײַט אין בירעבידזשאן.

די סעקציע שטעלט זיך פאָלגנדיקע אופגאבעס:

1) זאמלען די לויפנדיקע און די פריערדיקע ליטעראטור, פרעסע, דאָקומענטן און אנדערע מאטעריאלן וועגן בירעבידזשאן.

2) שטודירן אומיטלבאר די סאָציאליסטישע אופבויונג און די עקאָנאָמישע אנטוויק־לונג פון בירעבידזשאן, דעם גאנג פון דער יידישער אײַנוואנדערונג, די פריערדיקע גע־שיכטע פון דער געגנט און ספעציעל די געשיכטע פון אָרטיקן קאמף פאר דער ראטנמאכט, דעם לעבנשטייגער פון דער פארשיידנשפראכיקער בירעבידזשאנער באפעלקערונג א.אז.וו.

3) אָרגאניזירן דאָס אויספאָרשן די בירעבידזשאנער נאטור־רײַכטימער, דעם באָדן, קלימאט, בארג־רעסורסן א.אז.וו., צוציענדיק דערצו ספעציאליסטן פון אנדערע ווינסשאפטלעכע אנשטאלטן.

4) גרייטן וויסנשאפטלעכ־לעקטאָרישע קאדרען פאר בירעבידזשאַנ.

5) העלפן אוועקשטעלן א שטענדיקע וויסנשאפטלעכ־פאָרשערישע ארבעט אינ בי־רעבידזשאנ גופע, צוגרייטנדיק דערמיט דעמ באָדנ פאר א זעלבשטענדיקנ מעלוכישנ וויסנשאפטלעכ־פאָרשערישנ אינסטיטוט פונ דער יידישער אווטאָנאָמער געגנט.

6) אָנפירנ מיט דער מאסנ־ארבעט פונ אינסטיטוט אפ פאָפוליאריזירנ די סאָציִא־ליסטישע בויונג אינ בירעבידזשאנ אונ העלפנ פארווירקלעכנ די שעפ־היסכייעס וואָס דער אינסטיטוט האָט אפ זיכ גענומענ בענעגייע דער קולטור־בויונג אינ געגנט.

אינ מעשעכ פונעמ 1934־טנ יאָר איז אָנגעמערקט צוגרייטנ צומ דרוק א באנד וויסנשאפטלעכע מאטעריאלנ אונ א באנד ביבליִאָגראפיע אונ אָנהייבנ גרייטנ א באנד אקטנ, דאָקומענטנ, מאטעריאלנ אונ זיכרוינעס פונ בירעבידזשאנער פיִאָנערנ.

## אָרגאניזאציִאָנעלע ארבעטנ.

אינ מארט האָבנ די כ״כ ליבערבערג אונ קאדישעוויטש באזוכט צוליב די איניאָנימ פונ דער בירעבידזשאנער סעקציע כארקאָוו אונ מאָסקווע, דער כ׳ קאדי־שעוויטש האָט אינ אפרעל—מײַ באזוכט מאָסקווע אונ לענינגראד.

דעמ 20־טנ מארט האָט דער כ׳ ליבערבערג אינפאָרמירט דעמ פרעזידיִומ פונ צענטראלראט פונ געזערד וועגנ די אופגאבעס אונ פלענער פונ דער סעקציע. דער פרעזידיִומ האָט באשטימט צו שטיצנ מאטעריעל איר ארבעט. די ערשטע 10 טויזנט רובל פאר דער ארבעט פונ דער סעקציע האָט דער פרעזידיִומ שוינ צוגעשיקט.

דעמ 21־טנ מארט איז באמ צענטראלנ קאָמערד אינ מאָסקווע פאָרגעקומענ א באראטונג פונ איבער 20 כאוויירימ, וואָס ארבעטנ אָדער האָבנ געארבעט אינ בירע־בידזשאנ: אגראָנאָמענ, עקאָנאָמיסטנ, פעדאגאָגנ, שרײַבער, טוער פונ קאָמערד, געזערד, פונ קאָמוניסטישנ מײַרעוו־אוניווערסיטעט, יידישנ פעד. אינסטיטוט א. אנד. מיט פאָרטראגנ זײַנענ ארויסגעטראָטנ די כ״כ ליבערבערג אונ קאדישעוויטש. אלע אָנטיילגעמער אינ דער באראטונג האָבנ אונטערגעשטרײַכט די וויכטיקײַט פונ דער נײַ־געשאפענער סעקציע, געמאכט פארשיידענע פאָרשלאגנ אונ צוגעזאָגט מיטהילפ.

די ארבעט פונ דער סעקציע שטיצט אויכ דער אוקראיִנישער געזערד. ער האָט צוגעשיקט פאר דעמ צוועק די ערשטע 5 טויזנט רובל.

## זאמל־ארבעט.

דער פרעזידיִומ פונ צענטראלראט פונ געזערד האָט באשטימט איבערצוגעבנ דעמ אינסטיטוט זײַנ ארכיוו.

דער צ. קאָמערד, צענטראלראט פונ געזערד אונ דער אינסטיטוט האָבנ זיכ גע־ווענדעט מיט א בריוו צו אלע קאָמערדנ, געזערדנ אונ געזערדישע הילפ־אָרגאניזא־ציעס אינ אויסלאנד וועגנ איבערגעבנ דעמ אינסטיטוט זייערע ארכיוונ אונ שיקנ זייערע אויסגאבעס אונ מאטעריאלנ.

די סעקציע האָט זיכ געווענדעט צו א צאָל אנשטאלטנ אונ כאוויירימ, וואָס ארבעטנ (אָדער האָבנ געארבעט) אינ בירעבידזשאנ, וועגנ איבערגעבנ איר זייערע בירעבידזשאנער מאטעריאלנ. א טייל פונ זיי האָט זיכ שוינ אָפגערופנ אונ צוגעשיקט פארשיידענע זאכנ, אנדערע האָבנ צוגעזאָגט טאָנ עס אינ דער נאָענטסטער צײַט.

די סעקציע האָט באקומענ וויכטיקע בירעבידזשאנער מאטעריאלנ פונ די כ"כ: מ א ר י א ס י נ (מאָסקווע). אָנפירער מיט דער איבערוואנדערונג אינ בירעבידזשאנ אינ די יאָרנ 1930—1933; אגראָנאָם ק א מ ע נ ע צ ק י (מאָסקווע), א וויכנשאפטלער פונ דער לאנדווירטשאפטלעכער אקאדעמיע אפ כ' ל ע נ י נ ס נאָמענ, וואָס האָט אָנגעפירט מיט פאָלקאָמערדישע עקספעדיציעס אפנ ווײַטנ מיזרעכ, בעסויכעמ אינ בירעבידזשאנ אינ די יאָרנ 1929—1931; ליטעראט פ י נ ק, וואָס האָט פארעפנטלעכט אייניקע ביכער וועגנ בירעבידזשאנ אינ רוסיש.

לענינגראדער געזערד האָט צוגעשיקט ליטעראטור אונ ארכיוו־מאטעריאלנ.

דער אָנפירער פונ דער בירעבידזשאנער געאָלאָגישער עקספעדיציע פונ לענינגראדער געזערד בארג־אינזשעניער א ב ד ו ל י י ע װ האָט איבערגעגעבנ דער סעקציע עטלעכע בענדער געאָלאָגישע ליטעראטור וועגנ בירעבידזשאנ, בא 500 פאָטאָגראפיעס, באריכטנ פונ בירעבידזשאנ, פונ זײַנע עקספעדיציעס אינ 1932 אינ 1933 י., מאטעריאלנ פונעמ וויסנשאפטלעכ־פאָרשערישנ געאָלאָגישנ אינסטיטוט אינ לענינגראד („צניגרי"), פונ דער אלפארבאנדישער וויסנשאפטלעכער אקאדעמיע א. אנד. כ' אבדולייעוו האָט צוגעזאָגט צושיקנ נאָכ א צאָל וויכטיקע מאטעריאלנ.

ס'זײַנענ אָנגעקניפט באציִונגענ מיט דעמ ווײַטמיזרעכדיקנ פיליאל פונ דער אלפארבאנדישער וויסנשאפטלעכער אקאדעמיע אינ וולאדיוואָסטאָק, מיט דער צענטראלביוראָ פאר קאנטקענטעניש אינ מאָסקווע, מיט א צאָל בירעבידזשאנער אָרגאניזאציעס, מיט לענינגראדער, כארקאָווער אונ מינסקער מעלוכישע ביבליִאָטעקנ, לענינגראדער געאָגראפישער געזעלשאפט, קיִעווער ווינטשעווסקי־ביבליִאָטעק א. אנד.

דער ווײַטמיזרעכדיקער פיליאל פונ דער אקאדעמיע האָט צוגעשיקט זײַנ זשורנאל מיט א פאָרשלאג צו בײַטנ זיכ מיט די אויסגאבעס אונ צושיקנ זער סעקציע א רעשימע פונ זײַנע מאנוסקריפטנ וועגנ בירעבידזשאנ א. אנד.

עס שיקט רעגולער צו געדרוקטע מאטעריאלנ, סאָוועטישע או אויסלענדישע, דער צענטראלראט פונ געזערד (כ' בליומבערג).

פונ דער בירעבידזשאנער פאָרשטייערשאפט פונ צענטראלראט פונ געזערד (כ"כ ראשקעס אונ זילבערמאנ) באקומט די סעקציע פיל געדרוקטע מאטעריאלנ.

דער פאָרשטייער פונ דער סעקציע אינ בירעבידזשאנ כ' י א נ ו ש ע ו ו ס ק י האָט צוגעשיקט א היפש ביסל בירעבידזשאנער אונ ווײַטמיזרעכדיקע פעריִאָדישע אונ אנדערע אויסגאבעס. סאכאקל פארמאָגט שוינ די סעקציע העכער 20 בירעבידזשאנער געדרוקטע צײַטונגענ פאר די יאָרנ 1930—1934: ראיאָנישע צײַטונגענ, אָרגאנענ פונ די פאָליט־אָפטיילונגענ אינ די מ. ט. ס. אונ ראטווירטנ, צײַטונגענ פונ ארויספאָר־רעדאקציעס בײַסנ פארזיי, שניט, וואלד־פארגרייטונג, אפנ אײַזנבאנ א. אנד.

א ספעציִעלע צײַטונג אינ רוסיש, געווידמעט דעמ דערקלערנ בירעבידזשאנ פאר א ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט, האָבנ צוגעשיקט כ"כ פונ כארביג (מאנדזשוריע, כינע).

די סעקציע פארמאָגט שוינ א געוויסע זאמלונג עלטערע אונ נײַע ליטעראטור אונ פרעסע וועגנ בירעבידזשאנ.

די סעקציע האָט זיכ באקאנט מיט אייניקע זאמלונגענ פונ עקספעדיציע־מאטעריאלנ וועגנ בירעבידזשאנ אונ איז צוגעטראָטנ צו קאָפירנ א טייל פונ זיי.

